ל. ברענער

# ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ

ISBN:0-657-06424-6



יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן

ל. ברענער

# ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ

יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן

די פּאָרגעלייגטע אַרבעט פון ליבער ברענער „ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ“ — איז אַן אויסברייטערונג און באַאַרבעטונג פון אַ טאָג בוך, וועלכן דער מחבר האָט געפירט אַ לאַנגע צייט אין געטאָ און אין לאַגער. נאָך דער באַפרייונג האָט ל. ברענער רעסטיטואירט די זכרונות און זיי קאָנטראָלירט און דערגענצט מיט אַ ריי דייטשע, פּוילישע און יידישע דאָקומענטן, און אויך מיט גבית עדות פון אַנדערע לעבן-געבליבענע יידן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. דער סוביעקטיווער עלעמענט, דאָס אַליין דורכגעלעבטע און ממילא דער ספּעציפישער אופן פון זען געשעענישן — לייגן אַ חותם אויפן בוך און זענען גורם, אַז דער מחבר פּרעטענדירט נישט צו זיין אַלץ אויסשעפּנדיק און צו פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען, וועלכע שווימען אַרויס אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין גרויסן און קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ און אין „האַסאַג“ לאַגער. ממילא פּרעטענדירט נישט דאָס פּאָרגעלייגטע בוך צו זיין אַ פולשטענדיק שטרענג-וויסנשאַפטלעכע שטודיע. דערפאַר שטעלט ברענערס בוך מיט זיך פאָר אַ וויכטיקע און ווערטפולע מאַטעריאַלן-זאַמלונג, וועלכע וועט דעם קינפטיקן היסטאָריקער פון די געטאָס און ווידערשטאַנד-באַוועגונג דינען ווי אַ יסוד פאַר זיינע פאָרשונגען און וויסנשאַפטלעכע סינטעזן און ווי אַ מקור צו שאַפן מאַטעריאַלן פאַר באַלויכטן די יענע גרונטיקע פּראָבלעמען, אויף וועלכע דאָס דאָזיקע בוך גיט נאָך נישט קיין פולשטענדיקן קלאָרן ענטפער.

# די ערשטע פּייניקונגען

טשענסטאָכאָווו איז געווען פון די ערשטע שטעט אין פּוילן, וואָס די היטלערישע חיילות האָבן פאַרנומען. שוין דעם 3-טן סעפּטעמבער 1939 האָט דאָס דייטשע מיליטער אַריינמאַרשירט אין שטאָט. דעם זעלבן טאָג נאָך 8 אַ זייגער אינדערפרי זענען שוין אין די גאַסן געווען אויסגעפּלאַקאַטירט פאַרשידענע מעלדונגען פון דער דייטשער מיליטערישער מאַכט. די באַפעלקערונג האָט זיך פאָרזיכטיק אָנגעהויבן באַווייזן אין די גאַסן און לייענען די אויפרופן. אויפצו-מאָרגנס זענען דייטשע זעלנער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געטיילט צווישן דער באַפעלקערונג קיכלעך און שאָקאָלאַד. עולם האָט זיך אָנגעהויבן באַרואיקן און טראַכטן, אַז „דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים". מען האָט זיך דעריבער דרייסטער און אָפטער אָנגעהויבן ווייזן אין די גאַסן. דעם זעלבן טאָג 11 אַ זייגער פאַרמיטאָג האָבן די דייטשן אָן שום „אויסרייד" אין אַלע גאַסן איינצייטיק געעפנט אַ שיסעריי אויף די מענטשן. אויך אַ סך הייזער זענען באַשאָסן געוואָרן. נאָך דער דאָזיקער „פּאָרשפּיל" האָבן די דייטשן אָנגעהויבן טרייבן די מענטשן פון די גאַסן און וווינונגען. טויזנטער מענטשן זענען מיט אויפגעהויבענע הענט געטריבן געוואָרן צו די פּלעצער: פאַר דער קאַטעדרע (קאַטעדראַלנע-גאַס), פאַרן קלויסטער „שוויענטעגאָ זיגמונטאַ" (נייער מאַרק, היינט דאַשינסקי-פּלאַץ), פאַר דער פאַבריק פון בראַססן (סטראַזשאַצקע גאַס) און צום גרויסן פּלאַץ פאַרן מאַגיסטראַט. אַלע אויסגערעכנטע פּלעצער זענען געווען אַרומגעשטעלט מיט מאַשינען-געווער און מיט באַוואָפנטע זעלנער. שעהן-לאַנג האָבן די צונויפגעטריבענע מענטשן געמוזט ליגן אויף די בייכער אומבאַוועגלעך און זיי זענען אַזוי באַשאָסן געוואָרן פון מאַשינען-געווער, ביקסן און אויטאָמאַטן. שפּעטער איז געפאַלן אַ באַפעל: „אויפשטיין" און מען האָט די מחנות גענומען יאָגן. צו די לויפנדיקע האָט מען אויפסניי געשאָסן. די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען פאַר דער קאַטעדרע, זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין דער קאַטעדרע. די, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן נייעם מאַרק, זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין קלויסטער „שוויענטעגאָ זיגמונטאַ". די, וואָס

האָבן זיך געפונען אויף סטראַזשאַצקע גאַס, האָט מען אַריינגעטריבן אין בראַסס פאַבריק און די, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן מאַגיסטראַט־פּלאַץ, האָט מען אַריינגעיאָגט אין קלויסטער „שוויענטעגאָ יאַקובאַ". געגוי וויפל עס זענען דאַן געפאַלן קרבנות איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען, אַז אויף דעם פּלאַץ פאַר בראסס פאַבריק זענען געפאַלן אַן ערך פון 120 מאַן, ביי דער קאַטעדרע — העכער 100, ביים מאַגיסטראַט — מער פון 50 און אַן ערך פון 30 מאַן זענען געפאַלן פאַרן קלויסטער „שוויענטעגאָ זיגמונטאַ". אויסער דעם זענען געווען אויף די גאַסן און אויף די הויפן הונדערטער קרבנות, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן, בעת די דייטשן האָבן געיאָגט די מענטשן צו די באַשטימטע פּלעצער. צווישן די הונדערטער דערשאָסענע און פאַרוואונדעטע זענען געווען אַ סך יידישע קרבנות. אַ סך דערשאָסענע יידן זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן הויף פון דער האַנטווערקער־שול אויף גאַרנצאַרסקע־גאַס. אויפן דאָזיקן אָרט האָט מען אין איין גרויסער גרוב אַריינגעשליידערט דערמאָרדעטע מענטשן צוזאַמען מיט קי און פערד, וואָס זענען בעת די שיסעריַיען צופעליק אויך געטראָפן געוואָרן פון די דייטשע קוילן.

דער דאָזיקער טאָג איז אַריין אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו ווי „דער בלוטיקער מאָנטיק". ווען עמעץ האָט געוואָלט באַצייכענען דעם טערמין פון עפּעס אַ געשעעניש, פלעגט ער זיך אַנדערש נישט אויסדריקן, ווי „דאָס איז געווען נאָך פאַרן בלוטיקן מאָנטיק", אָדער „דאָס איז געווען שוין נאָכן בלוטיקן מאָנטיק". אַ גרויסן חלק אין דעם „בלוטיקן מאָנטיק" האָט געהאַט דער דעמאָלטדיקער שטאָט־קאָמיסאַר, דראהאבערג, וואָס איז דורך רידיגערן (שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג) דאַן באַשטימט געוואָרן אַלס שטאָט־קאָמיסאַר איבער טשענסטאָכאָוו און אַלס קרייז־הויפטמאַן איבער דער געגנט פון טשענסטאָכאָוו.

דער בלוטיקער מאָנטיק איז אויך לאַנג געווען דער גרויל־טאָג פאַר דער גאַנצער טשענסטאָכאָווער באַפעלקערונג. עס איז אויך פיל גערעדט געוואָרן וועגן אַן אויפרוף פון גלח זימניאַק, וואָס האָט זיך, לויטן פאַרלאַנג פון די אָקופּאַנטן, דעם זעלבן מאָנטיק באַוויזן אין שטאָט. דער אויפרוף האָט געלויטעט: „צו די איינוווינער פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו. איך אַפּעליר צו אַלע איינוווינער פון טשענסטאָכאָוו מען זאָל נישט פאַרשפּרייטן קיין פּאַניק און אויסמיידן פּראָוואָקאַציעס, וואָס קענען ברענגען אויף דער גאַנצער שטאָט די שטרענגסטע שטראָפן, וואָס לויט דער קריגס־רעכט קען עס ברענגען ביז צו טויט־שטראָף איינשליסלעך". אונטערשריפט: גענעראַל־וויקאַריוש א. זימניאַק — ביסקופּ־סופראַגאַן. טשענסטאָכאָוו, דעם 4־טן סעפּטעמבער 1939.

דינסטיק, דעם 5 סעפּטעמבער 1939 אינדערפרי האָט מען די פאַרהאַלטענע אין עלטער פון 50 יאָר אָן און העכער באַפרייט. די איבעריקע זענען איבערגעפירט געוואָרן אין די מיליטערישע קאָשאַרן און אַ טייל איז אויך פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה אויף „זאַוואָדזיע", ווו אַ סך פון זיי זענען דורכגעגאַנגען פיזישע און מאָראַלישע פּיין.



צו דער עקזעקוציע אין די אָלשטינער וועלדער



פאַר דער עקזעקוציע

ערשט מיטוואָך ביינאַכט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן באַפרייען די פאַרהאַלטענע און איבערגעלאָזט אַלס ערובניקעס עטלעכע צענדליק מאַן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר עווענטועלע אַרויסטריטן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג קעגן די דייטשן. אויך די ערובניקעס האָט יעדער דייטשער שומר געגעבן אָפט צו פילן, אַז זייער לעבן איז הפקר.

נאָכן „בלוטיקן מאָנטיק" האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דאָס פערמאַנענטע פייניקן די יידן. טאָג-טעגלעך זענען מחנות יידן געטריבן געוואָרן צו אַרבעט, ווו זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פאַרשידענע צרות. אונטער קלעפ פון קאָלבעס און קאַנטשיקעס זענען פרויען און מענער, קינדער און יוגנטלעכע געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרשיטן מיט הוילע הענט גריבער, צו טראָגן ציגל אָן אַ ציל פון אָרט צו אָרט און אויך אויסצופירן אַנדערע שווערע סיזיף-אַרבעטן. ביי דער אַרבעט האָבן אַלע געמוזט אַראָפציען פון זיך די אויבערשטע מאַנטלען אָדער רעקלעך און אָנוואַרפן אויף איין אָרט. אונטער רעגנס און שפעטער אויך אונטער שנייען האָט מען געמוזט אַזוי אַרבעטן ביז שפעט אין דער נאַכט. ווי נאָר מען איז באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט, האָט יעדער אויף שנעל געמוזט כאַפן אַ מאַנטל און אַנטלויפן. זעלטן האָט עמעץ געטראָפן צו זיין אייגן מלבוש. מענער האָבן אָפט געכאַפט מאַנטלען פון פרויען און קינדער, פרויען האָבן געכאַפט מאַנטלען פון מענער, און קינדער—שווערע מאַנטלען פון דערוואַקסענע. אַ סך האָבן בכלל נישט באַוויזן עפעס צו כאַפן אויף זיך און פלעגן אַנטלויפן פון אַרבעט-אָרט אינגאַנצן אָן אַן אויבערשטן מאַנטל. מיטן פייניקן ביי דער אַרבעט האָט זיך אַממערסטן אויסגעצייכנט דער דעמלטדיקער שעף פון געשטאַפאָ אין טשענסטאָכאָוו, קריגער. דער זעלבער פלעגט אָפט פאַראָרדנען, מען זאָל צום רוימען אין געשטאַפאָ און צו אים פערזענלעך שיקן פרויען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט מוזיקאַלישע פעיקייטן. זיי פלעגט ער צווינגען צו רייניקן ביי אים די שויבן אויף די העכסטע שטאָקן און ער אַליין האָט דאַן זיי צוגעשפילט צו דער אַרבעט אויף אַ פאָרטעפיאַן. קריגער האָט אויך פאַראָרדנט, אַז דער יודענראַט זאָל צוהיטן, אַז אויפן יידישן בית-עלמין זאָלן שטענדיק זיין צוגעגרייט 2 אָפענע קברים פאַר יידישע „פאַרברעכער". די קברים זענען טאַקע אָפט פאַרפולט געוואָרן און עס האָבן געמוזט צוגעגרייט ווערן פרישע קברים. דאָס אַליין האָט אָבער נישט באַפרידיקט די געשטאַפאָ-לייט, און זיי פלעגן אָפט דורכפירן אַרעסטן צווישן יידן, זיי איבערשיקן אין תפיסה און צוזאַמען מיט גרעסערע גרופעס פאָליאַקן אַרויספירן אין די אָלשטינער וועלדער, ווו מען האָט דורכגעפירט איבער זיי אַן עקזעקוציע און אויפן אָרט באַגראָבן. פון צווישן די געשטאַפאָווצעס האָט זיך מיט אַ באַזונדערן סאַדיזם און אכזריות אויסגעצייכנט אַ געוויסער שאַבעלסקי (אַ פאָלקסדייטש, אַ געוועזענער פאָליציאַנט בימי סאַנאַציע). דער דאָזיקער רוצח איז געווען די שרעק נישט בלויז פון די יידן אין משך פון אַ לאַנגער צייט, נאָר אויך פון פאָליאַקן, וועלכע ער האָט געפייניקט נישט ווינציקער, ווי יידן.

* * *

כאַפּן צו אַרבעט איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דאָס באַווייזן זיך פון אַ ייד אין גאַס איז געווען פאַרבונדן מיט דער געפאַר געכאַפּט צו ווערן צו אַרבעט און אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט אַ צעשלאָגענער. גייענדיק אין גאַס, האָט זיך יעדער געשאַרט ביי די ווענט, כדי אין מאָמענט פון סכנה צו קענען זיך אַריינכאַפּן אין אַ טויער און פאַרשווינדן. אויך אין די וווינונגען איז קיינער נישט געווען זיכער, צי עס וועט זיך אים איינגעבן איבערצוקומען דעם טאָג אָן פּיין.

דעם 14־טן סעפּטעמבער 1939 (ערשטער טאָג ראש השנה) האָבן זיך מחנות היטלעריסטן באַוויזן אין דער געדיכט באַוווינטער יידישער געגנט און פון אַלע הייזער אַרויסגעטריבן די יידן צו אַרבעט. דאָס טרייבן צו אַרבעט איז באַגלייט געוואָרן מיט פאַרשידענע זידלערייען. „פּוילעס פאָלק, זיא האַבּען קריג געוואָלט,״ פלעגן די פייניקער שרייען און דערביי שלאָגן מכות־רצח. דאַנטעאישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי דער בריק, וואָס פאַרבינדט דעם צענטער שטאָט מיט דער פאָרשטאָט „זאַוואָדזיע״. דאָ זענען געשטאַנען פון ביידע זייטן טייך גרופּעס דייטשן מיט ביקסן גרייט צום שיסן. איין טייל דייטשן האָט מיט קלעפּ פון קאָלבעס געצווונגען די יידן אַריינצוקריכן אָנגעטוענערהייט אין וואַסער און מיט די הוילע הענט אַרויסקלויבן שטיינער פון גרונט. אויף אַ צווייט אָרט, ביי דער „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ״ (טעקסטיל פאַבריק), האָבן די דייטשן אויף אַן ענלעכן אופן געצוווּנגען די יידן אַרויסצושלעפּן פון וואַסער שווערע לאַנגע בעלקעס פון דער צעשטערטער בריק און מיט די ציין אַרויסציען פון זיי די טשוועקעס. פאַר נישט וועלן אויספירן דעם באַפעל זייערן, האָבן זיי דערשאָסן דעם 24 יעריקן יודל גראַנעק[1]. דאָס איז געווען דער ערשטער בלוטיקער קרבן ביי דער אַרבעט, וואָס האָט געדאַרפט דינען אַלס וואָרנונג פאַר אַלע, אַז קיינער זאָל מער נישט וואַגן זיך אַרויסצודרייען פון אויספירן זייערע באַפעלן.

מען האָט געכאַפּט יידן אין די גאַסן, מען האָט געשלעפּט פון די וווינונגען און פון די באַהעלטענישן אויף בוידעמער און קעלערן. קיינער האָט נישט געוווּסט ווּהין מען יאָגט אים, ווען ער וועט צוריק קומען, ווי אזוי ער וועט קומען צוריק און בכלל צי ער וועט נאָך אַמאָל אַ היים קומען. אָפט האָט מען די זעלבע, נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און פּיין, ביינאַכט אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן און אויפסניי געטריבן צו אַרבעט. מערסטנטייל האָבן די מחנות געטריבענע צו אַרבעט געמוזט מאַרשירן אין רייען און זינגען. די, וואָס האָבן נישט געקענט זינגען האָבן אויך באַוועגט מיט די ליפּן, כדי די פייניקער זאָלן חלילה נישט באַמערקן, אַז עמעץ וואַגט נישט אויסצופירן זייערע פאַרלאַנגען.

אין אַ פּראָסטיקן פּרייטיקצונאַכטס פון יאַנואַר 1940 האָבן די זשאַנדאַרמען פון פּאָליציי־באַטאַליאָן 72, וועלכער האָט סטאַציאָנירט אין דער נאַרוטאָוויטש־שול, אונטער דער אָנפירונג פונעם הויפּטמאַן אמבראס מיט זיינע נאָענטע מיטהעלפער, הויפּטוואַכמייסטער צאַנגערל און קאַבאַק, אַרומגערינגלט עטלעכע גאַסן מיט אַ געדיכט באַוווינטער יידישער באַפעלקערונג און מיט געשרייען: „יודען ראַאוס!״ האָבן זיי זיך געלאָזט איבער די יידישע וווינונגען. טויזנטער

מענער, פרויען און דער עיקר יונגע מיידלעך האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון די בעטן און האַלב נאַקעטע צוזאַמענגעטריבן אויפן גרויסן פּלאַץ פון נייעם מאַרק. נאָכן אָפּהאַלטן זיי שעהן לאַנג אויפן שניידיקן פראָסט, זענען די פאַרווונדעטע, שווער צעשלאָגענע און געפּרווירענע אָפּגעלאָזט געוואָרן אַהיים. אַלע איבריקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט דאָס „גליק" צו זיין צעשלאָגן, פאַרווונדעט, אָדער צו האָבן אָפּגעפּרווירענע גלידער, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין גרויסן בנין פון דער נאַרוטאָוויטש-שול. דאָ זענען אַלע געצוווּנגען געוואָרן זיך אויסצוטאָן אינגאַנצן נאַקעט. די אָפיצירן און אויך די פשוטע זשאַנדאַרמען האָבן זיך אי-בער זיי אויף אַ סאַדיסטישן אופן איזדעקעוועט. איבער די פרויען האָבן זשאַנדאַרמען דורכגעפירט גינעקאָלאָגישע „אונטערזוכונגען". אינדערפרי ערשט זענען אַ טייל יידן פון דאָרט באַפרייט געוואָרן, און די איבעריקע זענען איינגעשפּאַנט געוואָרן צו פאַרשידענע אַרבעטן. ערשט אויפצומאָרגנס פאַרנאַכט זענען זיי אָפּגעלאָזט געוואָרן אַהיים. 5 מאַן האָבן זיך דאַן נישט אומגעקערט און עס איז פאַרשווונדן נאָך זיי יעדער שפור.

* * *

דאָס אַרויסוואַרפן יידן פון וווינונגען האָט זיך אָנגעהויבן, ווי נאָר די דייטשן האָבן פאַרנומען טשענסטאָכאָוו. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּטע אויסזידלונגען פון איינציקע הייזער און אויך פון גאַנצע גאַסן, וועלכע מען האָט געמאַכט יידן-ריין. קיינער איז נישט געווען זיכער, צי ער וועט זיך נאָך מאָרגן געפונען דאָרט, ווו ער האָט ערשט נעכטן אויפסניי זיך איינגעאָרדנט. דאָס אַרויסוואַרפן יידן פון וווינונגען איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן: אַלע יידישע איינוווינער פון די דאָזיקע הייזער זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויף די הויפן און דאָרט געהאַלטן געוואָרן אַזוי לאַנג ביז די דייטשן האָבן אין די וווינונגען אויסגערויבט אַלץ, וואָס זיי איז געפעלן. נאָכדעם ערשט האָבן די יידן געקענט אַרויסנעמען פון זייערע וווינונגען דאָס, וואָס די דייטשן האָבן דערלויבט און דאַן די הייזער פאַרלאָזן, נישט האָבנדיק קיין באַשטימט אָרט, וווהין צו גיין וווינען. דאָס מעבל און אַנדערע שטוב-חפצים האָבן די אַרויסגעטריבענע יידן געמוזט איבערלאָזן אין די פאַרלאָזענע דירות.

אויסער דעם, וואָס עס איז גערויבט געוואָרן יידיש פאַרמעגן בעת די אויסזידלונגען, פלעגן נאָך איינצלנע דייטשן אויף אייגענער האַנט „באַזוכן" יידישע וווינונגען און צונעמען אַלץ, וואָס עס איז וועמען פון זיי געפעלן גע-וואָרן. די ערשטע צייט זענען נאָך געווען נאַיווע יידן, וואָס האָבן געפּרווט זוכן גערעכטיקייט ביי די דייטשע מאַכט-אָרגאַנען, פאַרוואָס אייניקע האָבן אַפילו באַצאָלט מיטן לעבן. אַזוי איז געשען מיט אַ געוויסן ייד, פעלטע פון אמסטווו און מיט אַ פרוי, געגענדל באַרימהערציק, וועלכע האָט געבעטן מען זאָל איר אומקערן די שטוב-חפצים, וואָס זשאַנדאַרמען פון פּאָליציי-באַטאַליאָן 72 האָבן דעם 28 טן דעצעמבער 1939 אַרויסגענומען פון איר וווינונג[2].

דעם 25-טן סעפּטעמבער 1939, דעם ערשטן טאָג נאָך יום-כפור, האָבן מונדירטע יונגע דייטשן אָנגעהויבן דעמאָלירן די אַלטע שול אויף מיראָווסקע-גאַס. פיל יונגע פאָלקס-דייטשן און אַנדערע אויסוואורפן האָבן זיך אַקטיוו

באַטײליקט אינעם דעמאָלירן און רויבן אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין שול. די דאָזיקע „הייליקע" מלאכה האָט געדויערט גאַנצע דריי טעג. אויפן פערטן טאָג זענען שוין פון דער שול געבליבן בלויז די ווענט. אַפילו די טירן, פענצ־טער און פאָדלאָגעס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן.

דעם 25־טן דעצעמבער 1939 („באָזשע נאַראָדזעניע") איז אונטער דער רעזשי פון זשאַנדאַרמען פון פּאָליציי־באַטאַליאָן 72 דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאָגראָם אויף יידן. ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן טונקלען, האָבן הונדערטער אויסוווּרפן, זיך אַ לאָז געטאָן אין דער יידישער געגנט און מיט ווילדע געשרייען זיך געוואָרפן אויף יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין גאַס, באַוואָרפן זיי מיט שטיינער און געשלאָגן מיט גליטשערס און שטעקנס[3]. פיל פון די שלעגער האָבן אויך אָנגעהויבן רויבן די געוועלבער און וווינונגען. אין משך פון איין שעה זענען אויסגעקלאַפּט געוואָרן ביי אַ 1000 שויבן, און 3 געוועלבער זענען אינגאַנצן אויסגערויבט געוואָרן[4]. עס איז גלייכצייטיק אונטערגעצונדן געוואָרן די איינציקע יידישע פּאַפּיראָסן־בודקע פון מלחמה־אינוואַליד קאוואַן. צעווילדע־וועטע אויסוווּרפן (וואַרשיינלעך איבערגעטוענע דייטשע זשאַנדאַרמען) האָבן אָנגעהויבן שרייען, אַז אין דער יידישער סינאַגאָגע (די אַזוי גערופענע „דייטשע שול") אויף ווילסאָן־גאַס האָבן יידן אַ באַהאַלטענעם געווער־סקלאַד. אונטערן דאָזיקן אויסרייד האָבן די זשאַנדאַרמען אויפגעריסן די שול און אָנגעהויבן דעמאָלירן די אינערלעכע איינריכטונג. אַרום 9 אַ זייגער אָוונט האָבן די יונגע אויסוווּרפן אונטערגעצונדן די שול און די זשאַנדאַרמען האָבן אַזוי לאַנג געוואָרפן גראַנאַטן אין פייער אַריין, ביז דער גאַנצער בנין איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען.

אין דער זעלבער צייט, ווען די פייער־צונגען האָבן זיך געריסן צום הימל, האָבן די זעלבע זשאַנדאַרמען אַרעסטירט צוואַנציק מאַן, צווישן זיי צוויי יידן, אויף וועמען זיי האָבן אַרויפגעוואָרפן די שולד פאַר די געשעענישן. אויף מאָרגן פרי האָבן זיי 19 מאַן פון די אַרעסטירטע באַפרייט און דעם צוואַנציקסטן — אַ געוויסן סטאַניסלאַוו דרעגאָווסקי, 16 יאָר אַלט — האָבן זיי איבערגעגעבן צום שטאַנד־געריכט פאַר באַטייליקן זיך אין רויבן[5]. אַלס שטראָף איז אויך פאַר אָרדנט געוואָרן, אַז די פּאָליציי־שעה ווערט געקירצט[6].

אויף מאָרגן דעם 26־טן האָט דער עס עס־הויפּטשאַרפירער, דיטמאַן, איבערגעשיקט צו דער זיכערהייט פּאָליציי פון ראַדאָמער דיסטריקט אַ באַריכט וועגן דאָזיקן פּאָגראָם. דער באַריכט ווערט פאַרענדיקט מיט דער פעסטשטעלונג אַז „אַלס אויספירער פון די איבערשרייטונגען קומען צום גרעסטן טייל אַזעלכע פערזאָנען אין באַטראַכט, וועלכע זענען פאַררעכנט צום פעבל און זוכן אַזעלכע געלעגנהייטן צו רויבן און פּלינדערן". ווייטער שרייבט דיטמאַן אין זיין באַ־ריכט: „עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער סילוועסטער־נאַכט זאָלן זיך ענלעכע געשעענישן איבערחזרן"[7]. אַ גרעסערן באַריכט האָט אַרויסגעשיקט דער דעמאָלטדיקער הויפּטמאַן פון פּאָליציי־באַטאַליאָן 72 (די פּאַקטישע אָנפירער מיטן פּאָגראָם). צווישן אַנדערע ווערט אין דאָזיקן באַריכט געשריבן: „די יידנ־פיינטלעכע שטימונג דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס יידישע געשעפטסלייט נוצן

אויס דעם ערב ניי יאָר-יום-טוב, כדי צו העכערן די פּרייזן, ווי אויך צוליב דעם, וואָס די צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן דורך שטענדיקע צוואַנדערונג". אין זעלבן באַריכט ווערט ווייטער געשריבן: „דאָס פאַרשטאַרקן זיך פון דער שרפה אין דער סינאַגאָגע אין מערערע פונקטן צוגלייך מאַכט אוממעגלעך דורכצופירן דאָרט די אונטערזוכונג אויף אַמוניציע[8]". אין באַריכט ווידער פון דער שטאָט-הויפּטמאַנשאַפט צום שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט ווערט געשריבן, אַז דעם פּאָגראָם האָבן דורכגעפירט געוועזענע סטודענטן און דאָס איז וואַרשיינלעך געווען אַ רעזולטאַט פון דעם פּרעדיקן אויף דער „יאַסנא גוראַ" בעת דער גאָט-דינסט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 25-טן דעצעמבער[9]. אַזוי האָבן אויסגעזען די אָפיציעלע אויפקלערונגען פון די דייטשן, וועלכע האָבן אַליין דעם פּאָגראָם אָרגאַניזירט און מיט דער מיטהילף פון יונגע אויסוואָרפן אויסגעפירט. דער ציל פון די דייטשע פּאָגראָם-פּראָוואָקאַציעס איז געווען אַ דרייפאַכיקער: ראשית – צו טעראָריזירן די יידישע באַפעלקערונג און איינצייטיק אָנוואַרפן אַ שרעק אויך אויף דער פּוילישער; צווייטנס – באַשמוצן אין אויסלאַנד דעם נאָמען פון פּוילישן פאָלק; דריטנס – דער אַלט באַקאַנטער מעטאָד פון „טייל און הערש".

## דער יודענראַט און זיינע קאָמפּעטענצן

דעם 16-טן סעפּטעמבער 1939 האָט דער רעפערענט פאַר יידישע ענינים ביי דער געשטאַפּאָ גערופן צו זיך דעם זון פון רב נחום אַש, משה אַש, אים אויפגעפאָדערט ער זאָל אָנגעבן אַ רשימה פון געוועזענע יידישע עסקנים, וועלכע וועלן זיך אויך איצט דאַרפן פאַרנעמען מיט יידישע ענינים. משה אַש האָט אָנגעגעבן אייניקע נעמען פון געוועזענע בירגערלעכע כלל-טוער. דעם זעלבן טאָג נאָך זענען די אָנגעוויזענע מענטשן אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו מעלדן אין לאָקאַל פון דער האַנדלס-באַנק אויף פּילסודסקי-גאַס נר. 3, ווו דער דאָזיקער רעפערענט האָט זיי אויפגענומען אין דער אָנוועזנהייט פון נאָך 2 געשטאַפּאָווצעס. אין משך פון 3 שצה האָט ער געהאַלטן אין איין „איבערצייגן" די גערופענע, אַז די יידן זענען אַ פאָלק פון בלויז פאַרברעכער, אַז זיי באַהאַלטן אויס אַ גר.יסע צאָל געווער, כדי צו מאָרדן דייטשן און אַז אין טשענסטאָכאָוו אַליין האָבן שוין די יידן אויף זייער געוויסן 2 דערמאָרדעטע דייטשע זעלנער. אין זיין לאַנגער „רעדע" האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַז די יידן האָבן נישט וואָס צו האָפן אויף קיין שום חסד פון די דייטשן. לויט זיין מיינונג וועט מען דאַרפן אָפּריייניקן די גאַנצע לובלינער געגנט פון נישט-יידן און אַהין אַריבערזידלען די יידן פון אַלע אָקופּירטע געביטן. דאָרט וועט געשאַפן ווערן – האַלט ער – אַ יידישע מלוכה. לסוף האָט ער דערקלערט די יידן, וואָס זענען פאַר אים געשטאַנען: „איר ווייסט דאָך, אַז דאָ עקזיסטירט אַ דייטשע מאַכט, וואָס פאַר אַ באַציונג מיר האָבן צו יידן איז אייך געוויס באַקאַנט, טאָ זייט וויסן, אַז פון היינט אָן און ווייטער מוזן די יידן זיך זעלבסט

אויסהאַלטן און באַווירטשאַפטן!" די יידן האָבן פּרובירט אים באַמערקן, אַז זיי זעען נישט די מעגלעכקייטן אויף דעם, ווייל די מער פאַרמעגלעכע יידן זענען אַוועק פון טשענסטאָכאָוו, ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קריג-אָפּעראַציעס; האָט ער אָנגעהויבן זיי צו זידלען און שרייען: „איר וועט ווייניקער האָבן וועט איר ווינציקער פרעסן!" אויפן אָרט האָט ער באַשטימט אַ ראַט פון 6 מאַן: משה אַש, לייב בראָמבערג, נתן-דוד בערלינער, אהרן-יוסף קרויזע, לייב קאַפּינסקי און דוד קאָניעצפּאָלער[10]. 5 מינוט צייט האָט ער זיי געגעבן אויף אויסצודריקן זייער הסכם און איינצוטיילן צווישן זיך די פונקציעס פון פּרעזעס, וויצע-פּרעזעס, סעקרעטאַר און קאַסירער. דער דאָזיקער ראַט פון 6 האָט אויפן באַפעל פון זעלבן געשטאַפּאָוויעץ געדאַרפט צו יעדער צייט צושטעלן די צאָל יידישע אַרבעטער און פאַכלייט, וואָס וועט געפאָדערט ווערן דורך די דייטשע מאַכט-אָרגאַנען. דער ראַט וועט אויך מוזן דעקן אַלע הוצאות, וואָס וועלן זיין פאַרבונדן מיטן אויספירן אַרבעטן, וואָס די דייטשע און שטאָטישע מאַכט-אָרגאַנען וועלן באַשטימען.

דעם 1-טן אָקטאָבער 1939 איז קאפּינסקי, דער פאָרזיצער פון דעם ראַט פון די זעקס, גערופן געוואָרן צום שטאָט-הויפּטמאַן. דאָ איז אים געמאָלדן געוואָרן, אַז אַלע יידן פון בערלין, פון גאַנץ דייטשלאַנד און פון אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו, וועלכע ווערן פאַראייניקט צום רייך, וועלן איבערגעפירט ווערן קיין טשענסטאָכאָוו, און דער יודענראַט וועט זיי דאַרפן איינקוואַרטירן אין די גאַסן, וואָס ציען זיך פון דער באַן-בריק (סוף ערשטער אַלייע), ביז דער בריק פון דעם טייך וואַרטאַ (אין 41-טן יאָר זענען די דאָזיקע גאַסן באַשטימט געוואָרן אַלס יידישער געטאָ). קאפּינסקי באַקומט דעריבער אַ באַפעל, אַז נאָך דעם זעלבן טאָג דאַרף ער צוזאַמענשטעלן אַ יודענראַט פון 24 פּערזאָן, וועלכער וועט זיך דאַרפן פאַרנעמען מיט אַלע יידישע ענינים און אויך מיט איינקוואַרטירן אַלע איבערגעזידלטע יידן קיין טשענסטאָכאָוו. דער ראַט פון זעקס האָט דעם זעלבן טאָג טאַקע, פון די קנאַפּע 25 טויזנט יידן, וואָס האָבן נאָך דעמלט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו, צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַן ערך 100 יידן, וועלכע האָבן אויסגעוויילט אַ יודענראַט פון פאָלגנדיקע 24 מאַן: לייב קאפּינסקי (אַ פאַבריקאַנט, אַ ציוניסטישער עסקן, אַ געוועזענער פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון דער קולטור-געזעלשאַפט „לירא" און אַ פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון דער העברעאיש-פּוילישער גימנאַזיע), משה אַש (ראַבינאַט-באַאַמטער), נתן-דוד בערלינער (מיטשותף פון אַן אויסטויש-באַנק), מרדכי בעסערגליק (סוחר), זיסקינד בראַנדליעוויטש (לערער), יחיאל געריכטער (ציוניסט), וואָלף איצעק (ציוניסט), נחמן גרינפעלד און יוסף קליינפּלאַץ (ראַבינאַט-מיטגלידער), יוסף בראניאטאָווסקי (אַדוואָקאַט), לייב בראָמבערג (פאַבריקאַנט, מזרחי), דוד קאָניעצפּאָלער (אַ ציוניסט, אַ האַנטווערקער-טוער), אהרן יוסף קרויזע (סוחר), יאַקוב לעוויט (פאַבריקאַנט, וויצע-פאָרזיצער פון מזרחי אין טשענסטאָכאָוו), שמואל לעווקאָוויטש (אינזשיניער, הויז-אייגנטימער), מאַוריצי נויפעלד (וויצע-פאָרזיצער פון סוחרים און פאַבריקאַנטן-פאַריין), שמואל ניעמעראָווסקי (פאָרזיצער פון קליינהענדלער-פאַריין), נאַטאַן ראָדאַל (אַדוואָקאַט), זע-

ליג ראָטבאַרד (סוחר, ציוניסט), יאַקוב ראָזינע (בוכהאַלטער, דעמאָקראַט), מי־כאל רוזשעוויטש (סוחר), אַדאַם סלאָנימסקי (גימנאַזיע־לעקטאָר, אַסימילאַטאָר), גרשון שאַפּיר (ציוניסט, קהלה־ראַטמאַן, גימנאַזיע־לעקטאָר) און ווילהעלם זשע־ריקער (פאַבריקאַנט).

דאָס פּרעזידיום פון יודענראַט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע 5 מיטגלי־דער: ל. קאַפּינסקי — פאָרזיצער, ל. בראָמבערג — וויצע־פאָרזיצער, נ. ד. בער־לינער — קאַסירער און פּרעזידיום־מיטגלידער אָן אַמטן — נויפעלד און געריכ־טער[11]. די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן איינגעטיילט צווישן זיך פאַרשידע־נע פונקציעס און זענען צוגעטרעטן צום אָרגאַניזירן זייער אַרבעט.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש נאָוועמבער 1939 האָט דער דעמלט־דיקער שטאָט־הויפּטמאַן, ד״ר ווענדלער, אויפגעפאָדערט אַלע מיטגלידער פון יודענראַט, זיי זאָלן זיך גלייך מעלדן ביי אים. ווי נאָר זיי זענען אָריינגעקו־מען אין בנין פון דער שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון זשאַנדאַרמען און געשטאַפּאָווצעס און אויסגעשטעלט געוואָרן אין 2 רייען. נאָכדעם האָט זיך באַוויזן ווענדלער און זיי געמאָלדן, אַז די יידישע באַפעל־קערונג מוז אין משך פון 10 טעג איינצאָלן אַ מיליאָן זלאָטעס קאָנטריבוציע. אין פאַל אויב דאָס וועט צום באַשטימטן טערמין נישט ווערן אויסגעפירט, וועלן 100 יידן דערשאָסן ווערן. איין טייל מיטגלידער איז באַפרייט געוואָרן כדי צונויפצוזאַמלען די באַשטימטע סומע, און די צווייטע איז אַלס ערובניקעס איבערגעפירט געוואָרן אין דער שטאָטישער תפיסה. אין משך פון די 10 באַ־שטימטע טעג האָבן די באַפרייטע מיטגלידער פון יודענראַט באַשטייערט די יידן אויף דעם דאָזיקן צוועק און גלייכצייטיק געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט ווענדלערן, ער זאָל די סומע פון דער אַרויפגעלייגטער קאָנטריבוציע פאַרקלע־נערן. דעם יודענראַט האָט זיך נישט איינגעגעבן צונויפצושטעלן די באַשטימטע סומע און עס האָט זיך אים אויך נישט איינגעגעבן „ווייכער״ צו מאַכן דאָס האַרץ פון ווענדלערן. אויפן צענטן טאָג זענען דעריבער אַלע פרויען פון די ערובניקעס אַרעסטירט געוואָרן און צוזאַמען מיט זייערע מענער האָט מען זיי איבערגעפירט פון תפיסה אין אַ ספּעציעלן לאַגער אַריין, וואָס איז פאַר זייערט וועגן צוגעגרייט געוואָרן אין שטאָט גופא. אויפן 14־טן טאָג האָט זיך איינגע־געבן ווענדלערן איבערצוקויפן מיט געלט און מיט ווערטפולע חפצים. די קאָנ־טריבוציע איז רעדוצירט געוואָרן אויף 400 טויזנט זל., וואָס דער יודענראַט האָט געדאַרפט איינצאָלן ראַטעסווייז[12].

* * *

די קאָמפּעטענצן און אויפגאַבן פון יודענראַט האָבן זיך געהאַלטן אין איין אויסברייטערן. דער יודנראַט האָט דעריבער וואָס ווייטער געשאַפן אַלץ מער אָפּטיילונגען. אין משך פון יאָר 1940 זענען שוין געווען טעטיק ביים יודנראַט פאָלגנדיקע אָפּטיילן: 1. אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינע ענינים (פּרעזידיום). אָנהויב איז לייטער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג געווען פאַהאָרילע און שפּעטער — אַדוו. גיטלער; 2. הויפּט־סעקרעטאַריאַט — אָנפירער איז געווען אַדוו. דר. לייב אַש, זיין פאַרטרעטער — אַברהם פאָגעל; 3. ביטע־ביוראָ, אָנפירער — אַדוו. לעאָן

גייזלער; 4. „אירו“ (יידישע פּאָליציי), אָנפירער – מ. גאַלסטער; 5. קוואַרטיר-אַמט, געאַרבעט האָבן אין דאָזיקן אַמט 18 באַאַמטע אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד קאָהלענבערנער; 6. רעקוויזיציע-אַמט, אונטער דער אָנפירונג פון זעלבן קאָהלענבערנער; 7. האַנדל-און מלאכה-אָפּטיילונג מיט 8 באַאַמטע. אָנפירער: מ. פּראַפּאַרט און אַדוו. אסתּר עפּשטיין; 8. אַפּראָוויזאַציע, לייטער — געוועזענער באַנק-דירעקטאָר — פּרושיצקי; 9. רעגיסטראַציע און סטאַטיסטיק. די דאָזיקע אָפּטיילונג איז אַנטשטאַנען אין חודש יאַנואַר 1940. באַשעפטיקט זענען דאָ געוועזן 11 באַאַמטע אונטער דער אָנפירונג פון אַדוו. מאַריאַן האַספּנפעלד און מאַוריצי סאַפּירשטיין. סוף יאָר 1940 איז שוין די דאָזיקע אָפּטיילונג, אונטער דער זעלביקער אָנפירונג, זיך צעוואַקסן אין 8 סעקציעס, וואָס האָבן באַשעפטיקט 63 באַאַמטע; 10. אָפּטיילונג פאַר צוואַנגס-אַרבעט, וואָס איז זיך צעפאַלן אויף פאַרשידענע סעקציעס, אין וועלכע עס זענען געוועזן באַשעפטיקט 102 באַאַמטע אונטער דער אָנפירונג פון משה קאַפּינסקי; 11. שטראָף-אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון ד. קאַסמאַן און נאָך 2 באַאַמטע: אַדוו. מ. רעגענוועטער און י. ריפּשטיין; 12. פינאַנס-אָפּטיילונג, אָנפירער מאַוריצי קאַצינעל; 13. סאָציאַלע הילף, וועלכע האָט באַשעפטיקט 178 באַאַמטע אונטער דער אָנפירונג פון נ. ראַדאַל; 14. געריכטס-קאָמיסיע. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע אַדוואָקאַטן און אַפּליקאַנטן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 26-טן דעצעמבער 1939, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַזאַ קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט אויסגלייכן סיכסוכים צווישן יידן און אויך דינען מיט יורידישע עצות. אין יאַנואַר 1940 האָט די דאָזיקע קאָמיסיע אָנגעהויבן איר טעטיקייט. פאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע איז געווען אַדוואָקאַט מ. קאָנאַרסקי, פאַרטרעטער – וו. רייכמאַן און סעקרעטאַרן וו. קראַקאָווער און א. ראַדאַל. די ערשטע 3 חדשים פון 1940 האָבן צו דער דאָזיקער קאָמיסיע געהערט 26 אַדוואָקאַטן, סוף יאָר 1940 איז די קאָמיסיע באַשטאַנען פון 35 מיטגלידער. 21 אַדוואָקאַטן מענער און 2 – פרויען, פון דעם זענען געוועזן טשענסטאָכאָווער 16 און פון אַנדערע שטעט (פּליטים) – 7. אַפּליקאַנטן – 5 אָרטיקע און 5 פּליטים און 2 געריכטס-אַפּליקאַנטן. די דאָזיקע אָפּטיילונג איז געווען זעלבסטשטענדיק און דער יודנראַט האָט דאָרט נישט געהאַט קיין גרויסן איינפלוס. אויסער די אויסגערעכנטע אַמטן האָבן נאָך עקזיסטירט ביים יודענראַט: אַ טעכנישע אָפּטיילונג, אַ ווירטשאַפטס-אָפּטיילונג, אַן אָפּטיילונג פאַר פאַך-שולונג און אַן אָפּטיילונג פאַר רעליגיעזע ענינים[13]. אָט די אַלע אויסגערעכנטע אַמטן פון יודענראַט זענען געווען טעטיק אין משך פון דער גאַנצער צייט ביזן גרויסן גירוש (סעפּטעמבער 1942). אַלס אָרגאַניזאַציע-שעף, וואָס האָט געדאַרפט האָבן די אויפזיכט איבער אַלע אַמטן איז, דורכן יודענראַט, סוף יאָר 1940 באַשטימט געוואָרן פּאַהאָרילע און אַלס זיין פאַרטרעטער – גיטלער[14].

דער יודענראַט האָט זיך געמוזט פאַרנעמען נישט בלויז מיטן אינערלעכן לעבן פון געטאָ, נאָר ער האָט אויך אויסגעפירט אַלע פאָדערונגען און באַשטעלונגען פון די דייטשע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, ווי אויך פון יעדן אַנדערן דייטשן אַמט, וואָס האָט זיך געפונען אין שטאָט. שטאָטישע אינוועסטיציע-

אַרבעטן האָט דער יודנראַט געמוזט אויספירן אויף אייגענעם חשבון און דאָס בלויז מיט יידישע פאַך-ספּעציאַליסטן און מיט יידישע אַרבעטער. אַלע דייטשן מיט זייערע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך שוין געפונען אין טשענסטאָכאָוו, ווי אויך די, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו, האָט דער יודענראַט געמוזט באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן: מיט גוט אויסגערעמאָנטירטע און שיין אויסמעבלירטע וווינונגען, מיט וועש, בעטגעוואַנט, געשיר, באַשטעק און אַנדערע. אַפילו דאָס רעמאָנטירן, אויסמעבלירן און איינאָרדנען דאָס הויז פון דער געוועזענער יידישער אקסער-גימנאַזיע אויף אַ „פּוף-הויז" פאַר דייטשן (שאַנד-הויז), וווהין עס זענען ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פּרויען פון דייטשלאַנד, האָט אויך דער יודענראַט געמוזט דורכפירן אויפן חשבון פון דער יידישער באַפעלקערונג. כדי אויסצופירן דאָס, וואָס די דייטשן האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער געפאָדערט, ווי אויך צו דעקן אַלע הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדען מיט דער אינערלעכער אַרבעט, האָט דער יודענראַט אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן אויף דער יידישער באַפעלקערונג און רעקווירירט אין יידישע וווינונגען נישט בלויז דאָס, וואָס איז אין געגעבענעם מאָמענט געפאָדערט געוואָרן דורך די דייטשן, נאָר פיל מער, כדי עווענטועל צו האָבן גרייט אויף צו דעקן ווייטערדיקע באַשטעלונגען. אויפן פאָרשלאַג פון יודענראַט פלעגט דער שטאָט-הויפּטמאַן באַפוילן צו נעמען אין אַרעסט די יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון צאָלן די באַשטימטע שטייערן, און דאָרט פלעגן זיי געהאלטן ווערן אזוי לאַנג, ביז זיי האָבן די געפאָדערטע שטייער-סומע איינגעצאָלט. דער פאַל מיט דער קאָנטריבוציע און די טעטיקייט פון יודענראַט בכלל, וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעפילט, האָט איבערצייגט א געוויסע צאָל מיטגלידער פון ראַט, אַז זיי דינען לגמרי נישט דער יידישער באַפעלקערונג, ווי זיי האָבן זיך אין אָנהויב פאָרגעשטעלט, נאָר, אַז זיי זענען אַ ווערקצייג אין די הענט פון די דייטשן אויפן חשבון פון די יידן. זיי האָבן דעריבער אָנגעהויבן זיך אַרויסצודרייען פון דער אַרבעט. אין משך פון אייניקע חדשים האָט דאָס פּרעזידיום פון יודענראַט אויסגעשלאָסן פאַר סאַבאָטירן די אַרבעט פאָלגנדיקע מיטגלידער: אַש, ראזינע, בעסערגליק, בראַנדלעוויטש, בראָניאַטאָווסקי, גרינפעלד, קליינפלאַץ, ניעמיראָווסקי, רוזשעוויטש און שאַפּיר און נאָך איינעם (י. לעוויט), וואָס איז אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד. אויף זייער אָרט זענען צוקאָאָפּטירט געוואָרן: וואָלף אַניספעלד (ציוניסט), דוד באָזשיקאָווסקי (סוחר), מאַוריצי גאַלסטער (עקספּעדיטאָר), יערעמי גיטלער (אַדוואָקאַט, ציוניסט), שמואל כץ (שניידער-מייסטער), מאַאוריצי קאַצינעל (אומפּאַרטייאישער), משה קאַפינסקי (פאַבריקאַנט), בערנאַרד קורלאַנד (פּראָקורענט פון אַ גרויסער פירמע), שימאַן פאַהאַריללע (אַדוואָקאַט), מאַוריצי פּראַפּאַרט (סוחר) און הילאַרי זאַנדשטיין (גוט-באַזיצער). חוץ דעם איז אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרן שמואל ווײַנריב (סוחר), וואָס איז געווען אַ מענטש פון געשטאַפּאָ און איז דעריבער געוואָרן דער פאַרבינדונג-מאַן צווישן יודענראַט און דער געשטאַפּאָ. אַזוי אַרום איז דער יודענראַט אין אָנהויב יאָר 1940 שוין באַשטאַנען פון 25 מיטגלידער[15]. אויך דער צוזאַמענשטעל פון פּרעזידיום האָט זיך געענדערט. שוין אין ערשטן

קוואַרטאַל פון יאָר 1940 איז דאָס פּרעזידיום פון יודענראַט באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע 7 מיטגלידער: לייב קאַפּינסקי, לייב בראָמבערג, ד״ר שימאַן פּאָ־האָרילע, נתן־דוד בערלינער, יחיאל געריכטער, יערעמי גיטלער און זעליג ראָטבאַרט[16]. אין 41־טן יאָר איז בראָמבערג געשטאָרבן. דער איבעריקער גאַנצער צוזאַמענשטעל פון ראַט און פּרעזידיום איז געבליבן ביז דער גרויסער ליקווי־דאַציע פון דעם טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב.

* * *

זייער אָפט האָבן זיך באַוויזן גזירות פון דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, איינע שטרענגער פון די אַנדערע און נאָך אָפטער האָבן זיך באַוויזן פאַראָרדנונגען פון יודענראַט, וועלכע האָבן זיך פאַרופן אויף באַפעלן פון די דאָזיקע מאַכט־אָרגאַנען. דאָס אויפנעמען און רעאַגירן פון די יידן אויף פאַרשידענע גזירות איז נישט תמיד געווען אַלציינס. איינע פון די ערשטע אָפיציעלע גזירות איז געווען דער באַפעל צו טראָגן אָרעם־בענדער. דעם 15־טן דעצעמבער 1939 איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן אין עלטער פון 14 יאָר אָן מוזן טראָגן אויף דער רעכטער האַנט איבערן איילענבויגן ווייסע אָרעם־בענדער מיט אַ בלויען מגן־דוד די גרויס פון 10 צענטימעטער. צוגעוווינען זיך צו דער דאָזיקער נייער „מאָדע״ איז געווען נישט אַזוי לייכט. עפּעס האָט מען זיך געשעמט, ווי מען וואָלט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן בפרהסיה. דאָס בושה־געפיל איז אָבער ביסלעכ־ווייז פאַרשוווּנדן און מען האָט אָנגעהויבן טענהן: „וואָס דאַרפן מיר זיך שעמען, זאָלן זיך שעמען די, וואָס האָבן דאָס צוגעטראַכט״. שפּעטער, ווען מען האָט געטראָפן יידן פון די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו מיט געלע מגן־דוד־לאַטעס אויף דער ברוסט און אויף די פּלייצעס, האָט מען געהאַלטן, אַז מיר זענען עפּעס, ווי אויסדערוויילטע, ווייל מען האָט אונדז ווינציקער דערנידעריקט. עס איז דאָך נישט אָנגעקומען לייכט זיך צוגעוווינען צו דעם. און מענטשן פלעגן אָפט פאַרגעסן אַרויפציען דעם באַנד אויף דער האַנט פאַרן אַרויסגיין אין גאַס און דאָס האָט זיי נישט ווייניק פּיין פאַרשאַפט. די דייטשן האָבן זיך געלאָזט אין גציעג נאָך אַזעלכע „ווידערשפּעניקע״, וועלכע פלעגן דאַן באַצאָלן פאַר זייער „חוצפּה״ מיט געלט, מיט תּפיסה, אָדער מיט ביידע שטראָפן צוזאַמען. כּדי אויסצומיידן אַזעלכע „סיורפּריזן״, איז כּמעט אין יעדער שטוב אויף דער אַרויסגאַנג־טיר געהאָנגען אַ צעטל מיטן אויפשריפט: אַכטונג, אָרעם־באַנדן! אויך אין די שוי־פענצטער פון יעדן יידישן געוועלב האָט געמוזט הענגען אַ גרויסער בלויער מגן־דוד, כּדי די נישט־יידישע קונים זאָלן זיך אָריענטירן, וועלכע געוועלבער עס געהערן צו יידן. די דאָזיקע פאַראָרדנונג איז דורך יעדן איינעם אויפגענומען געוואָרן גלייכגילטיק, ווייל די נישט־יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט תּמיד געקויפט ביי יידן האָט זיך מיט דעם נישט גערעכנט, און אַז די דייטשן זאָלן נישט קומען קויפן, זענען ווידער די יידן געווען גערן.

דעם 8־טן אַפּריל אין י. 1940 האָט דער שטאָט־הויפּטמאַן, שטיצנדיק זיך אויף אַ פאַראָרדנונג פון 24־טן יאַנואַר 1940 וועגן דער פליכט צו מעלדן יידישע מאַיאָנטקעס, אויפגעפאָדערט די יידישע באַפעלקערונג צו רעגיסטרירן

זייערע באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע גיטער. אַלס יידישע מאַיאָנטקעס, האָט געמאָלדן דער שטאָט הויפּטמאַן, זענען אויך פאַררעכנט די פאַרמעגנס פון משומדים און פון נישט-יידן, וואָס האָבן יידישע מענער אָדער יידישע פרויען. דעם 7-טן מאַי 1940 איז דערשינען אַ צווייטע פאַראָרדנונג פון שטאָט-הויפּטמאַן וועגן זעלבן ענין. אויף די יידן אין טשענסטאָכאָוו האָבן די דאָזיקע פאַראָרדנונגען נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק, ווייל נאָך אָנהויב מערץ 1940 זענען שוין כמעט אַלע יידישע פאַרמעגנס געווען קאָנפיסקירט, אַלע יידישע געוועלבער, אויסער די געוועלבער פון קאָלאָניאַל-סחורות, זענען שוין דאַן געווען געשלאָסן און די שליסלען האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט-הויפּטמאַנשאַפט. יידן האָבן נישט געטאָרט האָבן מער ווי 2000 זלאָטעס און שפּעטער בלויז 500[18]. דאָס איבעריקע, וואָס איינער האָט פאַרמאָגט האָט ער געמוזט איינצאָלן אין ק.ק.אָ. (קאָמונאַלע אָפּשפּאָרונגס-קאַסע) אויף דער שפּער-קאָנטע, פון וועלכער ער האָט געהאַט רעכט, אָבער בלויז פאָרמעל, אָפּצונעמען וועכנטלעך צו 100 זל. אויף צו לעבן. מיט אַן ערך זעקס וואָכן שפּעטער, דעם 15-טן אַפּריל, האָט דער יודענראַט געשאַפן אַ רעקוויזיציע-אַמט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער דעמאָלטדיקער לייטער פון קוואַרטיר-אַמט, בערנאַרד קאָהלענבערענער, וואָס האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיין שום סענטימענטן. בלויז פון 15-טן אַפּריל ביזן 5-טן אָווגוסט 1940 און נאָכדעם אין משך פון חודש סעפּטעמבער האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע רעקווירירט ביי יידן 6964 שטיק מעבל און אַנדערע שטוב-חפצים[19]. דעם 14-טן יוני 1940 האָט דער שטאָט-הויפּטמאַן פאַראָרדנט, אַז דער יודענראַט זאָל צונויפנעמען ביי יידן פאַרשידענע מעטאַלן צו 3 ק"ג פון אַ פאַמיליע, אָדער צין צו אַנדערהאַלבן קילאָ פון אַ פאַמיליע[20]. דער יודענראַט האָט אויפגעפאָדערט אַלע אַדמיניסטראַטאָרן, זיי זאָלן אין משך פון 48 שעה צונויפנעמען צווישן די לאָקאַטאָרן פון זייערע הייזער, מיט וועלכע זיי פאַרוואַלטן, די געפאָדערטע צאָל מעטאַל[21]. די יידן האָבן זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט דער דאָזיקער פאַראָרדנונג און דער יודענראַט האָט דריי מאָל פאַרלענגערט דעם טערמין פון צושטעלן מעטאַל. לסוף האָט דער יודענראַט געמוזט אַ געוויסע צאָל מעטאַל דערלייגן פון זאַפּאַסן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זייערע מאַגאַזינען. די אַלע אויסגערעכנטע פאָדערונגען און פיל אַנדערע האָבן אָבער דערפירט דערצו, אַז די אָרעמקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געלאָזט פילן. צו דעם איז כדאי צו באַמערקן, אַז די צוגעטיילטע, דורך דער דייטשער און שטאָטישער מאַכט, טעגלעכע-ברויט-ראַציע אויף אַ קאָפּ האָט אויסגעמאַכט אין דורכשניט צו 50 גראַם[22]. שפּעטער איז די ברויט-ראַציע פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 100 גראַם אויף אַ פּערזאָן, אָבער נישט אויף סטאַביל[23]. די לאַגע איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ שווערער און שוידערלעכער. עס האָט געמאַטערט דער הייגנט און געשראָקן דער מאָרגן.

* * *

צוליב דעם, וואָס עס זענען פאָרגעקומען אָפטע אויסזידלונגען פון וווינונגען, הייזער, ווי אויך פון גאַנצע גאַסן, האָט דער יודענראַט נאָך אין דער

ערשטער צייט פון זיין קאַדענץ געשאַפן אַ קוואַרטיר-אַמט, אין וועלכן עס זע·
נען געווען באַשעפטיקט 18 באַאַמטע. לייטער פון דאָזיקן אַמט איז געוואָרן
קאָהלענברענער, וועלכער האָט מיט זיין עלעגאַנץ און שיינעם רעדן דייטש
שנעל געפונען חן אין די דייטשע אויגן און האָט דעריבער אויסגענוצט זיינע
איינפלוסן פאַר זיך פערזענלעך. דער קוואַרטיר-אַמט האָט די אָרעמע און פאַר·
אָרעמטע יידן, וועלכע זענען געצוווּנגען געוואָרן צו זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ,
כמעט גאָרנישט געהאָלפן. די פּליטים האָבן זיך געוואַלגערט אין פּליטים-פּונקטן
אין אַזוי גערופענע „אַזילן". די „אַזילן" האָבן זיך געפונען: אין בית-המדרש
אויף מיראָווסקע-גאַס 11-9, „הכנסת-אורחים" אויף גאַרנצאַרסקע-גאַס נומער 65,
האַנטווערקער-שול אויף גאַרנצאַרסקע נר. 8 6, אין אַ וווינונג אויפן אַלטן מאַרק
נר. 18, אין בית-התפילה אויף בערקאַ-יאָסעלעוויטשאַ-גאַס נר. 1, אין דער גע·
וועזענער טעכטער-שול „בית-יעקב" אויף קאַטעדראַלנע-גאַס נר. 10, אויף פּיל·
סודסקי-גאַס נר. 17, אין געוועזענעם לאָקאַל פון „בונד" און אין געוועזענעם
לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף אַלייע וואָלנאָשטשי נר. 3-5.
אין אַ געוויסער צייט אַרום זענען אויך געווען „אַזילן" אין דער 1-טער אַלייע
נר. 12 אין געוועזענעם לאָקאַל פון די האַנטווערקער און אין לאָקאַל פון
„מחזיקי-הדת" אויף נאַדזשעטשנע-גאַס[24].

* * *

טשענסטאָכאָוו איז אין דער צווייטער וועלט-מלחמה געוואָרן אַ וויכטיקער
פּונקט, וווּהין עס זענען אָנגעקומען פּליטים פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן.
די צאָל יידן, וואָס האָט פאַר דער מלחמה אויסגעמאַכט 28486[25], האָט זיך
אין משך פון די יאָרן: 1940, 1941 און 1942 שטאַרק פאַרגרעסערט. גענוי וויפל
עס זענען געווען פּליטים אין טשענסטאָכאָוו איז נישט באַקאַנט. עס איז בלויז
באַקאַנט, וויפל פּליטים עס זענען צוגעקומען אין די ערשטע 10 חדשים פון
1940-טן יאָר, ווייל ביז דאַן האָט דער יודענראַט נישט געמאַכט קיין שוועריִ·
קייטן די פּליטים ביים רעגיסטרירן און באַזעצן זיך אין טשענסטאָכאָוו. זעענדיק
אָבער, אַז וואָס ווייטער קומען אָן אַלץ מער אָרעמע פּליטים, האָט דער יודענ·
ראַט, כדי אויסצומיידן אַן איבעריקן באַלאַסט, ביים פאַרעגיסטרירן די ניי·
צוגעקומענע דורכגעפירט געוויסע סעלעקציעס[26]. אויך דער מאַגיסטראַט האָט
אויפן סמך פון אַ פאַראָרדנונג פון שטאָט-הויפּטמאַן די ניי-צוגעקומענע יידן
נישט איינגעמאָלדן. אין סטאַטיסטישן יאָר-בוך („ראָטשניק סטאַטיסטיטשני") פון
יודענראַט פון 1940 צווייטער באַנד ווערט געשריבן: „שפּייז-צוטיילונג דערהאַלטן
בלויז די איינוווינער, וועלכע זענען פאַרמאָלדן אין מאַגיסטראַט. ווי דער סטאַ·
טיסטישער אַמט ביים יודענראַט האָט אָנגעגעבן, זענען אין יאָר 1940 אָנגעקו·
מען קיין טשענסטאָכאָוו 3252 פּליטים. צווישן די פּליטים זענען געווען 1791
מענער און 1461 פרויען. פון זיי זענען געווען קינדער ביז 14 יאָר 676 און
זקנים איבער 66 יאָר — 154[27]. די גרעסטע צאָל פון די דאָזיקע פּליטים האָט
געשטאַמט פון לאָדזש, 1116 מאַן; פון קראָקע — 771; פון וואַרשע — 106; פון
ראַדאָמסק — 283 און די רעשט האָבן געשטאַמט פון אַנדערע שטעט אין פּוילן
ווי: גדאַנסק, לובלין, קעלץ, ראַדאָם, פון שטעטלעך און דערפער אַרום טשענ·

סטאָכאָוו און פון פאַרשידענע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. נישט אַלע פּליטים האָבן געשטאַמט פון די ערטער, פון וועלכע זיי זענען אָנגעקומען. פיל פון זיי האָבן שוין בעת דער מלחמה געהאַט עטלעכע מאָל געטוישט זייער וווינאָרט[28]. עס זענען אויך געקומען קיין טשענסטאָכאָוו געוועזענע שטענדיקע תושבים, וועלכע האָבן אָנהויב קריג פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו. בלויז אין משך פון 1-טן יאַנואַר 1940 ביזן 31-טן דעצעמבער 1940 האָבן זיך אומגעקערט 3000 געוועזענע תושבים[29]. געקומען זענען אַהער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן דאָ געהאַט קרובים, אָדער גוטע באַקאַנטע, ביי וועלכע זיי האָבן זיך גערעכט צו באַקומען אַ צייטווייליקן אָנשפּאַר. עס האָבן זיך אויך אַריינגעשמוגלט אַ סך יידן, וואָס האָבן דאָ קיינעם נישט געהאַט און דאָך אויסגעקליבן טשענסטאָכאָוו אַלס עיר-מקלט.

זייער אַ סך פּליטים זענען אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין משך פון די יאָרן 1940 און 1941, וועגן וואָס מען קען אויך דרינגען פון פאָלגנדיקע פאַקטן:

דעם 20-טן יאַנואַר ווערט דורך דער אינערן-פאַרוואַלטונג ביים דיסטריקט אין ראַדאָם אָנגעפרעגט ביים טשענסטאָכאָווער שטאָט-הויפּטמאַן וועגן דער מעגלעכקייט פון טשענסטאָכאָוו אויפצונעמען אויסגעזידלטע פון רייכסגעביט. דעם 8-טן מערץ 1940 ענטפערט ווענדלער, אַז טשענסטאָכאָוו האָט שוין אויפגענומען 5173 צוואַנגס-עוואַקואירטע און חוץ דעם זענען נאָך פון פריער פאַראַן בערך 16000 פּליטים. דעם 14-טן מאַי קומט אָן אַ מעלדונג, אַז אין דער נאָענטער צייט וועט דער ראַדאָמער דיסטריקט מוזן אויפנעמען ווייטערע 20.000 פּאָליאַקן און יידן, ווי אויך 500 ציגיינער. דעם 18-טן יולי פאָדערט דער גענעראַל-גווערנער אַ באַריכט פון שטאָט-הויפּטמאַן וועגן דער צאָל אַריבערגעזידלטע קיין טשענסטאָכאָוו. דעם 25-טן יולי שיקט וועודלער אָן ענטפער, אַז די שטאָט איז איבערבאַפעלקערט, ווייל עס זענען שוין פאַראַן ביז איצט 14.035 צוגעוואַנדערטע, וואָס זענען פאַרמאָלדן, אין דעם 6.224 פּאָליאַקן און 7.811 יידן. חוץ דעם – מעלדעט וועגדלער – זענען פאַראַן נישט קיין פאַרמאָלדענע צוגעוואַנדערטע, וואָס מען קען שאַצן: פּאָליאַקן פון 4 ביז 5 טויזנט און יידן פון 12 ביז 15 טויזנט. אין נאָטיצן פון וועגדלערן בעת אַ „דינסט-בעשפּרעכונג" איז געווען פאַרצייכנט, אַז דאָרט איז אַרומגערעדט געוואָרן, דאָס פון 1-טן פעברואַר 1941 ביזן 30-טן אַפּריל פון זעלבן יאָר וועלן פון די איינגעגלידערטע טיילן אין רייך און פון אַנדערע טיילן פון רייכס-געביט עוואַקואירט ווערן 28.000 פּערזאָן, צווישן וועלכע עס וועלן זיך געפינען 10.000 יידן פון ווין[30].

געגוי וויפל עס זענען טאַקע אָנגעקומען פון דעם אַלעם פּליטים קיין טשענסטאָכאָוו און וויפל פון זיי עס זענען געווען יידן איז נישט באַקאַנט. עס איז אָבער פאַר יעדן טשענסטאָכאָווער איינוווינער דעמלט געווען באַקאַנט, אַז עס האָבן געהאַלטן אין משך פון דער גאַנצער אָקופּאַציע-צייט אין איין אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו יידישע פּליטים הן אומלעגאַל און הן אויסגעזידלטע, וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעשיקט פון שטעט און שטעטלעך, וועלכע זיי האָבן געמאַכט „יודענריין". פון פּלאָצק און באָדזאַנאָוו זענען אין די חדשים פעברואַר

און מערץ פון 41-טן יאָר איבערגעזידלט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָווו 2.330 יידן. 780 יידן פון פלאָצק זענען סוף פעברואַר 1941 געהאַלטן געוואָרן אויף דער באַן-ליניע צווישן קאָניעצפאָל און זלאָטי-פּאָטאָק, פון וואַנען זיי זענען אַנטלאָפן און אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. 1020 יידן פון באָדזאַנאָוו און 500 יידן פון פלאָצק האָבן די דייטשן געבראַכט צופירן קיין טשענסטאָכאָוו, זיי געהאַלטן אויף דער ראַמפּע אין משך פון 7-טן און 8-טן מערץ און לסוף אַריינגעלאָזט אין שטאָט ערשט דאַן, ווען דער שטאָט-הויפּטמאַן האָט אויף דעם געגעבן זיין הסכם([31]). וואָס מער אָבער די צאָל יידן האָט זיך פאַרגרעסערט, אַלץ מער האָבן די דייטשן פאַרקלענערט דעם יידישן וווין-שטח אין שטאָט. שוין אָנהויב יאָר 1940 זענען די יידן, וואָס האָבן געוווינט פאַר דער מלחמה אין כמעט אַלע 400 גאַסן פון דער שטאָט אַריינגעשטויסן געוואָרן בלויז אין 84 גאַסן. אין משך פון דער ערשטער העלפט 1941 זענען שוין די יידן אַריינגעשטויסן געוואָרן בלויז אין 28 גאַסן, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן אַלס געטאָ פאַר די יידן אין טשענסטאָכאָוו.

## דאָס געטאָ

דעם 22-טן פעברואַר 1941 האָט דער דעמלטדיקער פאַרטרעטער פון שטאָט-הויפּטמאַן, קאַדנער, איבערגעשיקט צום שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט ד״ר לאַש צוויי פּלענער אויף איינצואָרדנען אַ געטאָ פאַר יידן אין טשענסטאָכאָוו. דער ערשטער פּלאַן האָט פאָרגעזען אַ געמויערטע אַרומצוימונג מיט אייזן און שטעכל-דראָט. עס האָט זיך אויף דעם געפאָדערט 14.000 אַרבעט-טעג, דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט 190.800 זלאָטעס קאָסטן. דער צווייטער פּלאַן האָט פאָרגעזען אַ הילצערנע אַרומצוימונג מיט אייזן און שטעכל-דראָט, אויף וואָס עס האָט זיך געפאָדערט 7.000 אַרבעט-טעג און דאָס איז פאַרבונדן געווען מיט 120.600 זלאָטעס קאָסטן. די דאָזיקע פּלענער האָט קאַדנער געשטיצט אויף דעם ספּעציעל אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון שטאָטישן בוי-אַמט פון 15-טן פעברואַר 1941[32].

דעם 29-טן מערץ 1941 איז ביים שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט, ד״ר לאַש פאָרגעקומען אַ „דינסטבעשפּרעכונג" פון די שטאָטישע און קרייז-הויפּטמענער פון ראַדאָמער דיסטריקט, אויף וועלכער לאַש האָט איבערגעגעבן וועגן די „גרינטלעכע און ענערגישע צוגרייטונגען צום אָנפאַל אויפן ראַטנרוסלאַנד" און גלייכצייטיק געמאָלדן, אַז פון 5-טן אַפּריל 1941 דאַרף אין גאַנצן ראַדאָמער דיסטריקט דורכגעפירט ווערן אַ „יודענאַקציאָן" פון איינפירן יידישע „וווינ-פירטלען"[33]. דעם זעלבן טאָג נאָך האָט דער יודענראַט געמאָלדן, אַז אויפן סמך פון אַ פאַראָרדנונג פון דער מאַכט זענען פאַרווערט געוואָרן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פאָלגנדיקע גאַסן: אַלייע פון די הייזער נר. 26 אויף דער גראָד-זייט און 27 אויף דער אום-זייט און העכער, קאָשטשושקאָ-גאַס, קילינסקי-גאַס, וואַשינגטאָן-גאַס, די גאַנצע גראָדע זייט אַלייע-וואָלנאָשטשי, פּילסודסקי-גאַס און

פרייט ווערן". די עלטערן פון די אַרויסגעשיקטע האָבן נישט געריט. זיי האָבן אויסגעוויילט פון צווישן זיך אַ דעלעגאַציע, וועלכע איז אויף אייגענער האַנט אַרויסגעפאָרן קיין צעשאַנוווו און ווערעשין. כדי אויפן אָרט עפּעס אויפטאָן פאַר זייערע קינדער.

וואָס אַ טאָג איז די לאַגע פון די אַרויסגעשיקטע געוואָרן ערגער. מען איז דאָרט געפאַלן פון פיין, מען איז געפאַלן פון דערשעפּונג, מען איז געפאַלן, ווייל די ווערקשוצן און דעם לאַגער פירער דאָלף האָט זיך געגלוסט אַ „שפּיל" טאָן מיט די אַסורים. מען איז אויסגעגאַנגען פון דיזינטעריע און בויך-טיפוס. אַ סך, נישט האָבנדיק וואָס אָנצוווערן, זענען פון דאָרט אַנטלאָפן. עלטערן און קרובים האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיטן בעטן און מאַכן אַוואַנטורעס אין יודענראַט, זיי האָבן זיך אויך נישט באַגנוגנט מיט די קנאַפּע אויפטועך פון זייער דעלעגאַציע. פאַרקויפנדיק פון זיך דאָס לעצטע, וואָס עמעץ האָט נאָך פאַרמאָגט, האָבן פיל פון זיי, ריזיקירנדיק דאָס אייגענע לעבן, זיך אַוועקגעלאָזט אין די לאַגערן, כדי אויסצוקויפן ביי די דייטשן זייערע קינדער. קיין באַרואיקונג איז דאָך נישט געקומען און די אַוואַנטורעס פון די געליטענע פון די טאַטעס אין מאַמעס אין יודענראַט האָבן זיך געהאַלטן אין איין איבערחזרן. אין אַ בריוו פון 22-טן נאָוועמבער 1940 שרייבט דוד באָזשיקאָווסקי (פּרעזידיום-מיטגליד פון יודענראַט) צום שליח פון יודענראַט — בערנאַרד קורלאַנד: „...שיקנדיק דיר אין אַ פריערדיקן בריוו אַ רשימה פון פּערזאָנען, אין שייכות מיט וועלכע די עלטערן מאַכן פיל מאָל טעגלעך אַוואַנטורעס אין יודענראַט, האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז דאָס איז צוועקלאָז. דאָך כדי זיי צו באַרואיקן און פאַרזיכערן, אַז איך האָב וועגן זייער ענין געשריבן, האָב איך געמוזט אַזאַ רשימה צוגרייטן. דאָס זעלבע מוז איך לײדער אויך איצט טאָן"...[59] פון דאָזיקן בריוו דרינגט, אַז הגם דער יודענראַט האָט זיך יאָ עפּעס באַמיט צו טאָן פאַר די אַרויסגעשיקטע, איז ער אָבער געווען קעגן אינדיווידועלע באַמיאונגען פון די עלטערן. אין זעלבן בריוו שרייבט ווייטער באָזשיקאָווסקי: „...מיט ווייטיק מוז איך דיר מיטטיילן, אַז נעכטן האָט זיך ווידער אַרויסגעלאָזט אַ גרויסע גרופּע קיין הרוביעשאָוו. מיר האָבן לײדער נישט געקענט האַמעווען דעם דאָזיקן דראַנג מיר וועלן אָננעמען אַלע נויטיקע שריט, אַז די דאָזיקע אומנאָרמאַלע סיטואַציע זאָל אויפהערן..." אין פּרט פון האַמעווען דעם דראַנג פון די עלטערן צו ראַטעווען זייערע קינדער איז דער יודענראַט טאַקי געווען שוואַך. עטלעכע צענדליק אַרבעטער האָבן טאַקי אויסגעלייזט און געבערענגט אַ היים. די ווייט גרעסטע צאָל איז אָבער ווייטער געבליבן. נאָך צוויי חדשים פּיין איז אין די דאָזיקע לאַגערן, וואָס האָבן שוין געהאַט איינגעשלינגען צענדליקער קרבנות, נאָך באַמיאונגען פון יודענראַט, נאָך איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון עלטערן און קרובים, האָט זיך דאָך איינגעגעבן אַרויסצורייסן פון די דאָזיקע לאַגערן די נאָך געבליבענע. אויפן צוריקוועג קיין טשענסטאָכאָוו האָט מען אָבער דריי וואַגאָן מיט אַרבעטער פאַרהאַלטן און זיי אַוועקגעפירט אין אַן אַנדערן לאַגער קיין אָסטשווו. ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן, האָט די דייטשע אָנפירונג פון אָסטשוווער לאַגער מיט די דאָזיקע פאַרהאַלטענע אויס-

געפּילט דעם בלויז, וואָס זיי האָבן געהאַט נאָכן באַפרייען פון דאָרטיקן לאַגער, פּאַר גרויס אויסקויף־געלט, יידן פון ראַדאָם. דאָס איזדעקעווען זיך איבער די יידן אין אָסטשעווער לאַגער איז געווען נאָך פיל שרעקלעכער, ווי אין די לאַגערן אין לובלינער געגנט. אייניקע זענען פון דאָרט אַנטלאָפן, ריזיקירנדיק מיטן לעבן סיי בעתן אַנטלויפן אויפן וועג אַ היים, סיי ביים אַריינבאַקומען זיך קיין טשענסטאָכאָוו און אויך אַפילו שוין זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו. ווו זיי זענען שוין געזוכט געוואָרן אַלס דעזערטערן פון דער אַרבעט, נאָך איידער זיי זענען אָנגעקומען.

אברהם פּאַנטאָפּעל, איינער פון די אָרעמע יידישע אַרבעטער, אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן מיטצומאַכן יעדן אומגליק, וואָס די גזירה פון צוואַנגס־אַרבעט האָט מיט זיך געבראַכט, און איז אויך אַרויסגעפירט געוואָרן אין די אַרבעטס־לאַגערן פון לובלינער געגנט, דערציילט: „אין אָסטשעוו האָט מען אונדז געהאַלטן צו 70 מאַן אין אַ באַראַק. די ערשטע טעג פלעגן מיר זיך אויסטון צום שלאָפן, אָבער ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „פּאָבודקעס" און פּאַר פאַרשפּעטיקן אויף אַ פּאָר מינוט איז מען געוואָרן שרעקלעך געקאטעוועט, האָבן מיר אָנגעהויבן שלאָפן אינעם אָנטועכטס און אפילו אין די שטיוול. די „פּאָבודקעס" פלעגן פאָרקומען צווישן 2 און 3 אַ זייגער ביינאַכט. מיר האָבן תיכף, ווי נאָר מיר האָבן דערהערט דאָס ריטשען פון אונדזערע תלינים, געמוזט אַרויס אין דרויסן און זיך אויסשטעלן אין אַ רייע. ווי נאָר אַלע זענען שוין געשטאַנען, האָט מען אונדז אָנגעהויבן יאָגן. מיר האָבן אַזוי געמוזט לויפן ביז 5 אַ זייגער אינדערפרי. 5 אַ זייגער האָט מען אונדז געגעבן ברויט מיט קאַווע. די קאַווע האָט קיינער נישט געקאָנט טרינקען, אָבער זי האָט אונדז גענוצט צום וואַשן זיך. מיר זענען שרעקלעך פאַרלייזיקט געוואָרן. די אַנטלויזונג פלעגט יעדער פון אונדז אַדורכפירן אויפן אָפענעם פעלד בעתן דערליידיקן זיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן; יעדער פלעגט דאַן אַוועקלייגן פאַר זיך דאָס העמד, די הויזן און מאַרינאַרקע און אַראָפּשאַרן פון זיי די לייז. פון דער אַרבעט זענען אונדזערע מלבושים אינגאַנצן צעפליקט געוואָרן, און קיין אַנדערע האָבן מיר נישט געקראָגן. מיר האָבן דעריבער געמוזט אַרבעטן נאַקעטע און באָרוועסע. אייניקע זענען אַרומגעגאַנגען אינגאַנצן נאַקעט, צודעקנדיק מיט עפּעס אַ שטיקל שמאַטע בלויז דעם פּאָדערשטן טייל קערפּער. איינער אַ געוויסער ניעדזיעלאַ פון וויעלון, וואָס האָט קיין שטיקל שמאַטע אויך נישט געהאַט, איז אַרומגעגאַנגען אינגאַנצן נאַקעט. אונדזער פאָראַרבעטער, דער אוקראַינער טאַראַשענקאָ, פלעגט אונדז האַלטן ביי דער אַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געשלאָגן. נאָך דער אַרבעט האָט יעדער פון אונדז באַקומען אַ טעלער זופּ. אויב טאַראַשענקאָ האָט געכאַפּט עמעצן ביי אַ צווייטער פּאָרציע זופּ, האָט ער אים געצוווּנגען צו נעמען אַ קילאָף אין האַנט אַריין און שפּרינגען מיט אים, ווי אַ זשאַבע." און ווייטער, דערציילט פּאַנטאָפּעל, אַז בלויז אין זיין באַראַק, ווו עס האָבן זיך געפונען 70 מאַן, זענען מער ווי 50 קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. (פּאַנטאָפּעל וווינט היינט אין טשענסטאָכאָוו און אַרבעט אין פריזיער־קאָאָפּעראַטיוו).

פאַר די באַדינגונגען אין דאָזיקן לאַגער איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס אפילו דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט האָט געגעבן אַן אָנדייטונג אויף דעם אין „ראָטשניק סטאַטיסטיטשני". אין דאָזיקן בוך אויפן זייטל 320 ווערט געשריבן צווישן אַנדערן:

„...אויפן נייעם אָרט אָסטשווו זענען די אַרבעט-באַדינגונגען געווען פיל שווערער, ווי פריער אין ציעשאַנוו. אין בלאָטעס האָט מען געלייגט אַ קלינקאָווע שאָסיי. די לאַגע איז געווען נאָך ערגער מיט דעם, וואָס די אַרבעטער, זייענדיק אויסגעמאַטערט פון דער צוויי חדשימדיקער אַרבעט, האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו ווייטערדיקער אַרבעט".

ערשט אין דער צווייטער העלפט דעצעמבער איז די לעצטע גרופּע אַרבעטער, פיזיש דערשעפּטע און קראַנקע, באפרייט געוואָרן און אין פינפטלעך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווו זיי זענען אויפסניי אַרונטערגעפאַלן דער גזירה פון צוואַנגס-אַרבעט.

יום-כפור 1940 זענען דייטשן אונטער דער אָנפירונג פון שטאָט-אינספעקטאָר איבערן שול-וועזן, ווינונג-וועזן און ספּאָרט, פריטץ גריסהאַמער, באַפאַלן די יידישע בתי-תפילה און געטריבן די יידן אין די טליתים צום ספּאָרט-פלאַץ אויף פולאַווסקע גאַס, ווו זיי האָבן געמוזט אַרבעטן ביז שפּעט ביינאַכט ביים רייניקן דעם ספּאָרט-פלאַץ.

## יידן פלעגן אנטלויפן פון די זאמל-פונקטן

איין פאַל איז געווען, ווען פון 82 געכאַפּטע יידן זענען 76 אַנטלאָפן און געבליבן זענען בלויז 6 מאַן. דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון 6 טן אויפן 7-טן יוני 1941. דער אַרבעט-אַמט ביים יודענראַט האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג ער זאָל צושטעלן אַ גרעסערע צאָל יידן, וואָס וועט אַוועקגעשיקט ווערן קיין דעמבלין אויף אַרבעט. יידישע פּאָליציי האָט געכאַפּט 82 מאַן און זיי געהיטן אין בית-המדרש אויף אַלייע נר. 1 די פאַרהאַלטענע האָבן אויסגעהאַקט אַ לאָך אין דער וואַנט פון דער ווייבערשער-שול אין דער הויף און מיט אַ שטריק זיך אַראָפּגעלאָזט. דער דאָזיקער פאַל האָט אַזוי אויפגערודערט דעם יודענראַט, אַז ער האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט פּאָהאָריללע אַליין. נישט באַוויזן צו אַנטלויפן האָבן דאַן בלויז 6 מאַן, וואָס האָבן מיט האַרץ-ווייטיק געהאָפּט אויף עפּעס אַ נס... און זיי זענען טאַקע יאָ אַוועקגעשיקט געוואָרן[60].

סוף אויגוסט 1941 זענען געכאַפּט געוואָרן 1400 מאַן און מען האָט זיי געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין דער פאַבריק „קויאלען" אין שרעקלעכע באַדינגונגען. די פאַבריק-האַלעס זענען געווען צו קליין פאַר אַזאַ גרויסער צאָל מענטשן. אַ סך האָבן דעריבער נישט געהאַט דאָס „גליק" צו ליגן אויף די פּאָדלאָגעס אונטער אַ דאַך און געמוזט ליגן אויף דער הוילער ערד אויפן פאַבריק פלאַץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויסטער „קי-האַנדל". עס האָבן געצויגן געלט פון

די פאַרהאַלטענע דייטשע אַמטן, דייטשע זשאַנדאַרמען, דער יידישער אַרבעט-אַמט, די לייטונג פון דער יידישער פּאָליציי און די יידישע מיט פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן דעם פּלאַץ געהיטן. אַ געוויסער טייל איז טאַקע באַפרייט געוואָרן דורך די געלט-נעמער, אַ צווייטער טייל איז באַפרייט געוואָרן, ווייל זייערע פאַמיליעס האָבן געשטעלט פאַרטרעטער. די פאַרטרעטער זענען געווען נויט-ליידנדיקע יידן, וואָס זענען געווען גרייט פאַר אַ געוויסער סומע אַרויסגע-שיקט צו ווערן, ווי זיי האָבן געגלויבט, אויף שווערער און געפערלעכער אַרבעט, כּדי מיטן געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען דערפאַר, צו קענען לינדערן די נויט און דעם הונגער פון זייערע פאַמיליעס און נאָענטע.

אין אַן ענלעכער לאַגע האָבן זיך געפונען 600 יידן, וואָס זענען אין דער זעלבער צייט געהאַלטן געוואָרן אויף סרעבּרנע-גאַס אין 7 אַלטע געביידעס. ערשט אויף די פּילמאַליקע אינטערווענצן פון „טאָז" און דייטשן אַרבעט-אַמט וועגן דער דראָענדיקער געפאַר פון עפּידעמיעס צווישן די פאַרהאַלטענע אויף די דאָזיקע זאַמל-פּונקטן און נאָך די כסדרדיקע שריפטלעכע מעלדונגען פון לייטער פון דער סאַניטאַר-אָפּטיילונג ביים „טאָז", ד"ר אַדאַם וואָלבערג, וועגן זעלבן ענין, זענען די, וועלכע האָבן נישט געהאַט פאַר וואָס זיך אויסצוקויפן, באַפרייט געוואָרן נאָך דעם, ווי זיי זענען דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן דריי מיט אַ האַלבער וואָך.

אָנהויב יולי 1942, שבת אַרום 11 אַ זייגער פאַרמיטאָג, האָט די יידישע פּאָליציי צעטראָגן איבער אַלע געטאָ-גאַסן די וויסטע בשורה, אַז אַלע מענער אין עלטער פון 14 ביז 60 יאָר דאַרפן זיך אין משך פון אַ האַלבער שעה שטעלן אויפן פּלאַץ פון נייעם מאַרק און אין דער ערשטער אַלייע. דאָס געטאָ איז געוואָרן אויפגערודערט. מען געזעגנט זיך מיט פרויען און קינדער. דער-וואַקסענע קינדער געזעגענען זיך מיט אַלטע טאַטע-מאַמע און מיט יונגערע ברידער און שוועסטער. עס טראָגן זיך איבער די גאַסן געוויינען: „מען זאָל זיך בקרוב צוריקזעען". טויזנטער יידן ציען צום אָנגעוויזענעם פּלאַץ. כּמעט יעדער האַלט אין האַנט עפּעס אַ פּאַפּיר, וואָס דאַרף עדות זאָגן, אַז דער אינ-האַבער פון דעם איז באַשעפטיקט אויף אַ „פּלאַצוווקע". קיינער שלעפּט נישט מיט זיך קיין געפּעק. מען איז אומרואיק און דאָך גלויבט יעדער, אַז נישט אים מיינט מען, נישט אים וועט מען אַוועקשיקן. דער גרויסער פּלאַץ פון נייעם מאַרק, דער אַלטער מאַרק און די ערשטע אַלייע זענען באַשטעלט מיט שוץ-פּאָליציי, געשטאַפּאָווצעס, פּוילישע גראַנאַט-פּאָליציי און אויך מיטגלידער פון יודענראַט און יידישע פּאָליציאַנטן.

אַלע פאַרזאַמלטע יידן זענען געשטאַנען אין לאַנגע רייען, גרופּנווייז לויט די „פּלאַצוווקעס", צו וועלכע זיי זענען געווען פאַררעכנט. העכערע פּאָליציי-און געשטאַפּאָ-לייט האָבן קאָנטראָלירט יעדע גרופּע, און די פאָרשטייער פון יודענראַט האָבן געגעבן די דייטשן פאַרשידענע אויפקלערונגען. אין אָנשטרענ-גונג און אין גרויסער דענערווירטקייט פאָלגן נאָך די טויזנטער יידן מיט זייע-רע בליקן יעדע באַוועגונג פון די אַרומשפּאַצירנדיקע פּאָליציי- און געשטאַפּאָ-

אָפּיצירן מיטן דעמלטדיקן שטאָט־הויפּטמאַן, ד״ר פראַנקע, בראש. נאָך אַ דריי־שעהדיקער אָפּוואַרטונג ווערן אַלע באַפרייט און גרופּעסווייז אָפּגעשיקט אויף זייערע אַרבעט־פּונקטן. דאָס געטאָ האָט לייכט אָפּגעאָטעמט. עס איז אָבער נאָך נישט אַריבער קיין גאַנצע שעה און די יידישע פּאָליציי האָט, אויף דעם פאַרלאַנג פון דער שוץ־פּאָליציי, אויפגעפאָדערט אַ געוויסע צאָל אַרבעטער פון די „פּלאַצוווקעס״, זיי זאָלן זיך צושטעלן אויפן הויף פון יודענראַט, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף אַלייע נר. 11. עס האָבן זיך צוגעשטעלט העכער 2000 מאַן, פון וועלכע אַ געוויסער טייל איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַהיים און די איבעריקע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין דער געוועזענער מעטאַל־פאַבריק „מעטאַלורגיאַ״ אויף קרוטקע־גאַס. דריי טעג זענען די פאַרהאַלטענע דאָרט געפּייניקט געוואָרן מיט דראָאונגען אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין דייטשלאַנד אין לאַגערן אַריין; אַ סך זענען אָן שום סיבה שרעקלעך צעשלאָגן געוואָרן דורך דייטשן. אַלע באַמיונגען געוויסער צו ווערן וועגן ווייטערדיקן גורל פון די פאַרהאַלטענע, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. איבער דעכער און גלאַטע ווענט האָבן זיך אַ סך פון די פאַרהאַלטענע אַרויסבאַקומען אויף קאוויע־גאַס און פון דאָרט ערשט אַנטלאָפן. נאָך 3 מעת־לעת זענען אַלע באַפרייט געוואָרן. די דאָזיקע כלומרשטע מאָביליזאַציע פון דער יידישער אַרבעט־קראַפט האָט נאָך מער פאַרגרעסערט דעם אומרו, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין געטאָ נאָך פרילינג 1942, ווען ס׳האָט זיך ווי אַ בליץ אַריינגעריסן די שרעקלעכע ידיעה וועגן גירוש וואַרשע. ווי אַן עלעקטרישער שטראָם האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט דאָס געפיל פון אומזיכערקייט מיטן מאָרגן. עס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן די פראַגע פון אַרבעטן איין טאָג אין וואָך. עס האָט אויפגעהערט דאָס אויסקויפן זיך פון אַרבעט פאַר געלט. יעדער האָט זיך באַמיט צו געהערן צו אַ „פּלאַצוווקע״, ווו ער זאָל קענען כסדר אַרבעטן און זיין אויף אַזאַ אופן „געדעקט״ און נישט זיין באַדראָאט אַרויסגעשיקט צו ווערן. ביז דעם דאָזיקן מאָמענט אָבער, ווען אַלע האָבן זיך שוין געריסן צו אַרבעטן אויף „פּלאַצוווקעס״, ד״ה ביז אַן ערך דעם 20־טן אויגוסט 1942, זענען אויסער די אויסגערעכנטע אַקציעס, דורכגעפירט געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי „ספּעציעלע אַקציעס״, מערסטנטייל ביינאַכט. מען האָט געכאַפּט מענטשן, כדי מיט זיי צו פאַרפולן די בלויזן אויף פאַרשידענע „פּלאַצוווקעס״. בלויז פון 18 יוני 1942 ביזן 19־טן אויגוסט 1942 האָט די יידישע פּאָליציי דורכגעפירט 15 אַזעלכע „אַקציעס״[61].

די לייטונג פון דער יידישער פּאָליציי שרייבט צווישן אַנדערע אין אַ בריוו פון 15־טן דעצעמבער 1941 נר. 8091 צום פּרעזידיום פון יודענראַט וועגן די רעזולטאַטן פון די „לאַפּאַנקעס״: „צווישן די געכאַפּטע געפונען זיך זייער אָפט אָפּגעריסענע און פאַרלויזטע״[62]. דעריבער שלאָגט פאָר די פּאָליציי, אַז דער יודענראַט זאָל איינאָרדנען אַ ספּעציעל־איזאָלירטן לאָקאַל, ווו די געכאַפּטע זאָלן געהאַלטן ווערן. אָט די דאָזיקע באַמערקונג פון דער פּאָליציי כאַראַקטעריזירט, וועלכער שיכט פון דער באַפעלקערונג עס האָט פון די „לאַפּאַנקעס״ צוממערסטן געליטן.

Do

Kierownictwa Żydowskiej Służby Porządkowej

w miejscu

W związku z odnośnym rozporządzeniem Władz, Rada Starszych prosi Kierownictwo Żydowskiej Służby Porządkowej o wydanie polecenia podwładnym funkcjonariuszom, aby w czasie przetransportowywania jeńców rosyjskich przez miasto nie dopuszczali do gromadzenia się ludności żydowskiej na trotuarach i przed bramami, gapiów rozpędzać a opornych pociągnąć do surowej odpowiedzialności.

Wobec upomnienia Władz w tym kierunku uważamy sprawę tę za nader pilną, przeto prosimy o wydanie odnośnego polecenia natychmiast.

Przewodniczący Rady Starszych

## Bekanntmachung

Betrifft: Bildung von Judenwohnbezirken.

Der Stadthauptmann

Dr. Franke

## Ogłoszenie

Dotyczy: Tworzenia żydowskich dzielnic mieszkaniowych.

Der Stadthauptmann

Dr. Franke

21. Febrar 1941

Ka/Br

1) Schreibe

An den
Chef des Distrikt Radom,
Herrn Gouverneur Dr. L a s c h,
R a d o m,

Sehr geehrter Herr Gouverneur!

In der Anlage übermittle ich den gewünschten Plan 1 : 1000 mit der Einzeichnung des besprochenen Ghettoverlaufes. Die Zeichnung bringt zwei Möglichkeiten zum Ausdruck: den Abschluss des Viertels durch Vergitterung der nach der Strasse zu führenden Öffnungen (Fenster, Türen, u. s w.) mit Eisengittern, wobei der Bürgersteig n cht ins Ghetto faflen würde. Ich habe diese Lösung einmal angeschnitten, weil die Aufstellung des Zaunes am Bordstein des Bürgersteiges immer den Nachteil mit sich bringt, dass, wie man es in Litzmannstadt sehen kann, die Juden auf den Bürgersteigen herumlümmeln, während die Arier in die Gosse treten müssen. Die zweite Lösung sieht die übliche Zaunführung am Rande des Bürgersteiges vor, mit eben dem obengeschilderten Nachteil. Die erste Lösung ist teurer und würde wohl auch af grösserte Materialschwierigkeiten stossen, da das Eisen unverhältnismässig schwierig zu beschaffen sein wird.

Bevor ich mich nun an die zuständigen Stellen um Beschaffung des Materials wenden kann, wobei ich mich auf den mir gewordenen Auftrag berufefn muss, darf ich Sie um schriftliche Übermittlung des Auftrages zur Einrichtung des Judenghettos bitten.

Heil Hitler!

2) Wvlg.

An
den Herrn Staatsanwalt beim Sondergericht
in Tschenstochau.

Beiliegend übermittle ich ein Gnadengesuch des jüdischen Altestenrates, Tschenstochau,mit der Bitte um Weiterleitung. Es ist mir bekannt, wann die Straftat begangen wurde, ob vor oder nach der Beschrifung de Tafeln am Ausgang des Ghettos. Sollte dies nachher schehen sein bin ich nicht der Meinung, dass man den Verurteilten begnadigen soll. Unbeschadet der Feststellugen des Gerichts im jeweiligen Einzelfall bin ich der Meinung, dass bei den Juden schwer unterscheidbar ist, ob nicht neue Tricks versucht werden. Wenn bekannt wird, dass mit armen Juden Ausnahmen gemacht werden, wird das Verbot wahrscheinlich noch öfters überschritten werden.

I. V.

3. Februar 40.

I. An das
Polizei-Batl. 72
in Tschenstochau.

In der Anlage erhalten Sie Abschriften von 2 Eingaben des Judenrates, die mir mit der Bitte übergeben wurden, zu gestatten, dass die Leichen der beiden Toten exhumiert und auf den jüdischen Friedhof beigesetzt werden dürfen. Da ich allein nur leider verpflichtet bin, dem Judenrate diese Frage zu entscheiden, bitte ich um Ihre Stellungnahme. Wenn auch die Schriftstücke nicht so abgefasst sind, so weiss doch nach meiner Überzeugung der Judenrat, dass es sich in beiden Fällen um die Erschiessungen in der Narutowicza-Schule handelt.

erl. P.

Der Stadthauptmann

II. Zum Akt.

# די „ייִדישע פּאָליציי“

דעם 1-טן מאַי 1940 איז, מיט דער ברכה פון דער דייטשער שוץ-פּאָליציי, געשאַפן געוואָרן ביים יודענראַט אַ קערפּערשאַפט א.נ. „א י ר ו“ (אויף פּויליש — אינספּעקציאַ רוכו אוליטשנעגאָ). אין דער קאָמענדאַטור פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט זענען באַשטימט געוואָרן: הויפּט-קאָמענדאַנט — מ. גאָלסטער, געהילפן — א. העלמאַן, באָזשיקאָווסקי, י. לאַנדע, מ. צעדערבוים, ז. יאַראָצינסקי און י. שטאַרקמאַן, פונקציאָנאַרן זענען אין אָנהויב געווען 45 און מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער — 72[63]. לכתחילה האָט זיך די „אירו“ פאַרנומען מיט רעגולירן די באַוועגונג פון די ייִדן אין די גאַסן: נישט געלאָזט שפּאַצירן אין די הויפּט-גאַסן פון שטאָט, נישט דערלויבט צו זיצן אויף די בענק אין די אַלייען, נישט דערלויבט זיך צו זאַמלען אין די גאַסן, נישט דערלויבט צו שטיין אין די גאַסן גרעסערע גרופּן א.א.וו. שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן נאָרמאַל צו פּאַטראָלירן אויף 24 באַשטימטע פונקטן: אין 10 גאַסן פון דער געגנט מיט אַ געדיכטער ייִדישער באַפעלקערונג און אין 14 אָפּטיילונגען פון יודענראַט[64]. די פונקציאָנאַרן זענען אויך געווען באַשעפטיקט ביים עסקאָרטירן שפּייז-פּראָדוקטן פאַר ייִדן, ביים היטן די אָרדנונג בעתן פאַנאַנדערטיילן די דאָזיקע פּראָדוקטן, אויפפּאַסן אויפן סאַניטאַרן צושטאַנד און אויף די פּרייזן אין די ייִדישע געוועלבער, אויפפּאַסן אויף דער אָרדנונג אין די זאַמל-פונקטן פאַר פּליטים („אַזילן“), אַסיסטירן ביים עוואַקויִרן און אויסזידלען ייִדן פון זייערע וווינונגען, אויפפּאַסן, אַז ייִדן זאָלן זיך נישט געפינען אין די געטאָ-גאַסן בעתן דורכפירן די רוסישע קריגס-געפאַנגענע, ווי אויך אויספירן אַלע ספּעציעלע פאַראָרדנונגען פון פּרעזידענט און פון יודענראַט[65]. די באַציִונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צו דער „אירו“ איז געווען אַן אינגאָרירנדיקע און צום לייטער פון „אירו“, גאָלסטער, איז די באַציִונג געווען אַ באַזונדערס פאַראַכטנדיקע. ייִדן פלעגן זיך וויצלען: „נו, מיר האָבן שוין אויטאָנאָמיע“ — און פלעגן צוגעבן — „ווײַ צו דער אויטאָנאָמיע, וואָס מען באַקומט פון די דייטשן!“

אַנדערש האָט אָנגעהויבן אויסזען די טעטיקייט פון „אירו“ מיטן מאָמענט, ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס געטאָ און די „אירו“ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ייִדישער „אָרדנונגס-דינסט“.

דעם 21-טן אַפּריל 1941 האָט דער שטאָט-הויפּטמאַן ווענדלער איבערגעשיקט אַ פאַראָרדנונג (צו דער שוץ-פּאָליציי, פּוילישער גראַנאַט-פּאָליציי, זיכערהייט-פּאָליציי, צום באַטאַליאָן 310 און צו דער „אירו“) אונטערן קעפּל: „דינסט-אָנווייזונגען פאַר דער ייִדישער אָרדנונגס-דינסט אין ייִדישן וווינבאַצירק אין טשענסטאָכאָוו“. די דאָזיקע פאַראָרדנונג הויבט זיך אָן בזה הלשון: אין שייכות מיטן איינריכטן אַ ייִדישן וווינבאַצירק אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, דאַרפן די דאָזיקע ייִדן דאָרט אַליין זאָרגן פאַר דער רו און אָרדנונג; צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ ייִדישע אָרדנונגס-דינסט. פאַר דער אויסשטאַטונג און אויסהאַלטונג פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט איז פאַראַנטוואָרטלעך דער יודענראַט. נאָך דעם דאָזיקן אַרייַנפיר קומען 9 פונקטן, אין וועלכע ער רעכנט

אויס די קאָמפּעטענצן, אויפגאַבן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער „אָרדנונגס־דינסט", ווי אויך די מונדירונג און די ראַנגען. די ראַנגע פון יעדן אָרדנונגס־מאַן האָט מען געקענט דערקענען לויט די שטערענדלעך, אָדער קנעפּ, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן היטל און געלן אָרעם־באַנד. דער לייטער האָט געטראָגן 4 זילבערנע שטערנדלעך, זיין פאַרטרעטער — 3, אַ באַצירקס־לייטער — 2 און זיין שטעל־פאַרטרעטער 1 זילבערן שטערנדל. אַ גרופּן־לייטער האָט געטראָגן 3 געלע מעטאַל־קנעפּ, אַ סעקציע לייטער — 2 געלע קנעפּ און אַ געוויינלעכער אָרדנונגס־מאַן — 1 געלן קנאָפּ[66]. די ערשטע צייט האָבן זיך די פּאָליציאַנטן קרעמפּירט צו ווייזן זיך אין די גאַסן אין זייערע פּאָליציייאישע מונדירן און היטלען און די ווייט גרעסטע מערהייט פון זיי פלעג זיך באַמיען, וואָס וויי־ניקער זיך צו וואַרפן אין די אויגן אין דעם דאָזיקן „סטראָי". ווי נאָר עמעץ פון זיי האָט זיך באַוויזן אין גאַס אין אַזאַ „סטראָי", זענען אים קינדער נאָכ־געלאָפן, ווי מען וואָלט נאָכגעלאָפן אין די אַלטע גוטע צייטן פּורים־שפּילער. דערוואַקסענע ווידער פלעגן זיי מערסטנטייל באַגעגענען מיט חוזק־שמייכל. ביסלעכווייז איז די דאָזיקע באַציונג פאַרשוואונדן. די אָרדנונגס־דינסט איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. מען האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אויך זיי זענען אין אַ געוויסער מאָס אַ מאַכט, מיט וועלכער מען מוז זיך רע־כענען... אויך די פּאָליציאַנטן אַליין האָבן זיך איינגעלעבט מיט זייער ראָל, זיי האָבן דערפילט, אַז זיי זענען עפּעס אַ שטיקל מאַכט און דאָס האָט אַ סך פון זיי שטאַרק אימפּאָנירט.

אויסער די קאָמפּעטענצן, וואָס די „אירו" האָט פריער געהאַט האָט די „אָרדנונגס־דינסט" געמוזט אויך האַלטן יואַך אויף די גרענעץ־פּונקטן פון געטאָ און היטן, אַז יידן זאָלן נישט אַרויס פון געטאָ אָן ספּעציעלע דערלויבענישן; זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט אויפזוכן און צושטעלן די יעניקע, וואָס פלעגן זיך אַרויסדרייען פון צוואַנגס־אַרבעט, מיט צווונגען איינצוצאָלן די אַרויפגעלייגטע שטייערן דורכן יודענראַט, מיט אַסיסטירן בעתן רעקווירירן מעבל הן דורך דייטשן, הן דורכן יודענראַט, מיט אַסיסטירן ביי אויסזידלונגען און מיט דורכפירן ספּעציעלע אַקציעס צו כאַפּן אויף אַרבעט די מענטשן, וואָס האָבן נאָרמאַל נישט געאַרבעט אויף „פּלאַצוווקעס". אַזעלכע „ספּעציעלע אַקציעס" האָבן זיך באַזונדערס געלאָזט פילן אין די לעצטע חדשים פאַר דער גרויסער אויסזידלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפט 1942. די „ספּע־ציעלע אַקציעס" פלעג די פּאָליציי דורכפירן אויף אַ מעלדונג פון יידישן אַרבעט־אַמט, וואָס האָט אויף דער פאָדערונג פון דייטשן אַרבעט־אַמט, אָדער פון אַנדערע דייטשע מאַכט־אָרגאַנען געדאַרפט צושטעלן אַ געוויסע צאָל אַרבעטער אויף אָרטיקע „פּלאַצוווקעס". אַזעלכע ספּעציעלע כאַפּ־אַקציעס פלעג די פּאָליציי דורכפירן מערסטנטייל ביינאַכט. נישט תמיד פלעג זיך אָבער דער פּאָליציי אַזעלכע אַקציעס איינגעבן, ווייל אַסך יידן האָבן שוין געהאַט זייערע באַהעלטעניש, ווהין זיי פלעגן אין מאָמענטן פון אַזעלכע „וויזיטן" פאַרשווונדן. רייך אין אַזעלכע אַקציעס איז געווען דאָס יאָר 1942. דעם 27־טן יוני 1942 האָבן זיך אין אַזאַ אַקציע באַטייליקט 79 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט

107 יידן, דעם 2-טן יולי — 30 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 31 מאַן, דעם 8 טן יולי — 16 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 1 אַרבעטער, דעם 10-טן יולי — 12 פּאָליציאַנטן, וואָס האַבן צוגעשטעלט 16 מאַן, דעם 11-טן יולי 9 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 9 מאַן, דעם 16-טן יולי — 12 פּאָלי-ציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 60 מאַן, דעם 17-טן יולי—10 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 30 מאַן, דעם 22-טן יולי — 4 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגע-שטעלט אַ געוויסע צאָל ערוּבניקעס אָן אונטערשיד פון געשלעכט פאַר די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אַנטלויפנדיק פון פּלאַצוווקעס, דעם 30-טן יולי— 15 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 76 מאַן, דעם 1-טן אויגוסט — 30 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 25 מאַן, דעם 4-טן אויגוסט — 24 פּאָלי-ציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 72 מאַן, דעם 12-טן אויגוסט — דער גאַנצער פּאָליציי-רעזערוו, וואָס האָט צוגעשטעלט 51 מאַן, דעם 13-טן אויגוסט — דער זעלבער רעזערוו, וואָס האָט צוגעשטעלט 65 מאַן, דעם 14-טן אויגוסט — 28 פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעשטעלט 52 מאַן[67]. נאָכן 16-טן אויגוסט זענען שוין אַזעלכע אַקציעס נישט פאָרגעקומען, ווייל צוליב דער אומרואיקער שטימונג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ, האָט זיך יעדער איינציקער אַליין געריסן צו זיין באַשעפטיקט אויף עפּעס אַ פּלאַצוווקע, כדי פאַררעכנט צו ווערן צווישן די, וואָס זענען נויטיק אַלס אַרבעט-קראַפט.

אויף דער ווענדונג פון יודענראַט פלעג אויך די פּאָליציי פאַרחתמענען וווינונגען פון יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון אַרבעט, אָדער ווייל זיי האָבן נישט אָפּגעצאָלט די אַרויפגעלייגטע אויף זיי שטייערן, אָדער געלט-שטראָפן. בלויז פון 18-טן יוני ביזן 16-טן אויגוסט 1942 זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַראָרדענונגען צו פאַרחתמענען 76 וווינונגען[68]. אויף דער ווענדונג פון דער האַנדל- און האַנטווערקער-אָפּטיילונג ביים יודענראַט פלעג אויך די יידישע פּאָליציי פאַרחתמענען געוועלבער פון די יידן, וואָס האָבן צו דער צייט נישט אָפּגעצאָלט קיין דירה געלט, אָדער אַנדערע חובות, וואָס די דאָזיקע אָפּ-טיילונג האָט פון זיי געפאָדערט. צוליב דער פאַרגרעסערטער צאָל קאָמפּעטענצן איז די צאָל פּאָליציי-פונקציאָנאַרן פאַרגרעסערט געוואָרן פון 72 אויף 150 און אין 42-טן יאָר — אויף 250[69].

ווי נאָר דאָס געטאָ איז אַנטשטאַנען זענען נישט געווען קיין סך בעלנים אויף צו ווערן פּאָליציאַנטן. ביסלעכווייז האָט זיך אָבער די לאַגע געענדערט אויף אַזוי ווייט, אַז כדי זיך אַריינצובאַקומען אין דער פּאָליציי, האָט מען גע-צאָלט וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע סומען שוחד, ווייל זיין אַ פּאָליציאַנט האָט באַדייט פּטור ווערן פון צאָלן פאַרשידענע שטייערן, פריי זיין פון צוואַנג-אַר-בעט, פון טעראָר און פון פאַרשידענע אַנדערע עינוים און באַליידיקונגען. הגם נישט אַלע פּאָליציאַנטן האָבן אויסגעפירט זייערע פליכטן מיט אייפער, האָט זיך דאָך די פריערדיקע גלייכגילטיקע און שפּעטער חוזקדיקע באַציונג פון די יידן צו די פּאָליציאַנטן פאַרוואַנדלט אין אַ באַציונג פון אָפענער שנאה און פאַראַכטונג. עס האָבן זיך געהאַלטן אין איין מערן פאַלן, ווי פּאָליציאַנטן זע-נען געוואָרן עפנטלעך אָנגעגריפן און באַליידיקט.

סעפּטעמבער 1942, ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן די מערדערלעכע ליק־ווידאַציע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו, זענען אַלע פּאָליציאַנטן מיט זייערע פרויען און קינדער אַריינגעלאָזט געוואָרן אין דער קוואַראַנטאַנע אויף גאַרי־באַלדי גאַס 18, ווו עס איז אויך דערלויבט געווען די יידישע דאָקטוירים מיט זייערע פרויען און קינדער (קיין אַנדערע משפחה־מיטגלידער איז קיינעם פון זיי נישט דערלויבט געווען מיטצונעמען). דאָ האָבן זיי געדאַרפט איבערוואַרטן אַלע „סעלעקציעס" און אַזוי אַרום אויסמיידן די אויסזידלונג. בלויז אַ קליינער גרופּע פּאָליציאַנטן איז דערלויבט געווען צוזאַמען מיט אייניקע מיטגלידער פון יודענראַט צו אַסיסטירן בעתן דורכפירן די „סעלעקציעס". נאָך דער ערשטער „סעלעקציע" האָט מען אַ טייל פּאָליציאַנטן איבערגעשיקט אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג", ווו זיי זענען געוואָרן אויס פּאָליציאַנטן און האָבן פאַרנומען פונקציעס פון פאָראַרבעטער. אַ טייל איז אויך אַוועקגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע. געבליבן זענען בלויז 50 פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געהאַט ספּעציעלע פּראָטעקציע ביי די דייטשן, אָדער ביי די אָפיצירן פון דער גראַנאַט־פּאָליציי. די דאָזיקע 50 פּאָליציאַנטן האָבן, אויפן באַ־פעל פון הויפּטמאַן דעגענהאַרט, אָנטייל גענומען בעת די ווייטערדיקע „סעלעק־ציעס". זיי זענען אויך געגאַנגען איבער די הויפן פון געטאָ און אַרויסגערופן פון די בונקערס די אויסבאַהאַלטענע יידן. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָבן אייניקע פון זיי אויסגעפונען אין די בונקערס באַהאַלטענע יידישע פאַרמעגנס און דער עיקר ווערטפולע חפצים, צירונג און אויף אַזאַ אופן רייך געוואָרן. אָבער צווישן די פופציק פּאָליציאַנטן האָבן זיך געפונען סך־הכל עטלעכע אויס־נאַמען, וואָס האָבן זיך נישט געיאָגט נאָך רייכטום און באַמיט בעת די „סע־לעקציעס" מיטצוהעלפן, אַז יידן זאָלן זיך קאָנען אַריבערבאַקומען אויף דער זייט, וואָס איז געווען באַשטימט נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן, אָבער דאָס האָבן זיי געטון סרוב פאַר נאָענטע און גוטע באַקאַנטע.

דער גרעסטער טייל פון די 50 פּאָליציאַנטן האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אין תהום נאָך דער גאַנצער אויסזידלונג, ווען עס איז פאַר די איבערגעלאָזטע גע־שאַפן געוואָרן אַ נייער געטאָ, וואָס איז גערופן געוואָרן „דאָס קליינע געטאָ". פאַרשיכּורטע פון דעם דראַנג און פון די מעגלעכקייטן רייך צו ווערן פון די איבערגעבליבענע באַהאַלטענע יידישע פאַרמעגנס, גלויבנדיק אַז זיי מיט זייערע פאַמיליעס וועלן זיכער בלייבן לעבן אויב נאָר זיי וועלן טריי דינען די דייטשן, זענען זיי געוואָרן אמתע קנעכט פון דער שוץ־פּאָליציי אויפן חשבון פון די עטלעכע טויזנט נאָך לעבנגעבליבענע יידן. בעת די „אַקציעס" אויף עלטערע יידן און אויף מאַמעס מיט קינדער אין קליינעם געטאָ האָבן זיי אייפעריק אויפגעזוכט, געשלעפּט און צוגעשטעלט די צאָל קרבנות, וואָס די שוץ־פּאָליציי האָט פון זיי געפאָדערט.

סוף יוני 1943, נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, איז אַ טייל פון די 50 פּאָליציאַנטן מיט זייערע פרויען און קינדער איבערגעשיקט געוואָרן, צו־זאַמען מיט אַנדערע לעבנגעלאָזטע יידן פון קליינעם געטאָ, אין לאַגער פון „האַסאַג", וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער אַמוניציע־פאַבריק פון „פּעל־

Armeeoberkommando.
Der Chef der Zivilverwaltung.

Tschenstochau (Kreisbehörde),
den 15.September 1939.

An
die Herren Landräte
und Oberbürgermeister
des Gebietes.

IV. Wirtschaft:
Behandlung der Juden.

Ziel der Behandlung der Juden im Wirtschaftsleben muß sein, sie für die Zukunft restlos auszuschalten und ihre Betriebe in arische Hand zu überführen.

a) Für jüdische Unternehmungen der Industrie und des Großhandels werden Treuhänder eingesetzt, gleichviel ob die Besitzer geflüchtet sind oder nicht" die Verordnung vom 9.9.1939 über die Beschlagnahme von Wirtschaftsgütern gilt hierzu die Grundlage.

Ausgenommen von der Treuhähdereinsetzung bleiben bis auf weiteres Unternehmungen, deren Inhaber Angehörige eines mit Deutschland nicht im Kriege befindlichen Landes sind.

b) Die Einsetzung von Treuhändern unterbleibt grundsätzlich für jüdische Handwerks- und Einzelhandelsbetriebe; soweit die Inhaber solcher Betriebe geflüchtet sind, bleibt der Betrieb geschlossen, es sei denn, daß dadurch die Versorgung der Bevölkerung unmöglich oder gefährdet wird. Wenn hiernach der Betrieb geschlossen bleibt, sind Waren und sonstige Vorräte sicherzustellen und zur Linderung bestehender Notstände der minderbemittelten Bevölkerung zugänglich zu machen. Wird der Betrieb mit Rücksicht auf die Versorgung der Bevölkerung wiedereröffnet, so ist er einem geeigneten Arier zu übergeben, der die vorhandenen Waren und Vorräte nach Menge und Wert feststellt, und den Betrieb auf eigene Rechnung weiterführt.

Rüdiger

Verteiler: Abt. Im II, III einschl.Polizei je 3 Abdrucke
I 1 1 Abdruck,
I 1 a 1 "
Sondergerichte,
AOK,
Geh.Staatspolizei.

fot. L. KUSZNIR

צערע" און די איבעריקע זענען געבליבן צו דער דיספּאָזיציע פון דער שוץ־פּאָליציי, כדי צו אַרבעטן ביים אויפרוימען די דערמאָרדעטע און אויך אויסצו־רוימען אין קליינעם געטאָ דאָס געבליבענע ביסל יידיש האָב און גוטס.

דעם 19־טן יולי 1943, בעת דער „סעלעקציע", וואָס איז דורכגעפירט גע־וואָרן איבער די יידן אין דעם „האַסאַג"־לאַגער אויף די „פּעלצערע", זענען אַלע אָן אויסנאַם פּאָליציאַנטן מיט זייערע פרויען און קינדער, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט יידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ בונקער. (אויסבאַ־האַלטן האָט זיך בלויז איין פרוי פון אַ פּאָליציאַנט, קאָהן, מיט איר אַנדער־האַלבן יאָריקן יינגעלע). צומאָרגנס זענען זיי צוזאַמען מיט אַן ערך נאָך 300 יידן אומגעבראַכט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם, וווּ עס איז שוין פון פריער געווען צוגעגרייט אַ גרויסער מאַסן־קבר.

## די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין געטאָ

כדי צו האָבן אַ גענויעם באַגריף וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן אין געטאָ, וואָלט נויטיק געווען זיך צו אָריענטירן אין דער דעמלטדיקער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו. ליידער האָט מען דאָס גענוי נישט געקענט פעסטשטעלן, ווייל אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַ כסדרדיקע איבערשיכטונג פון דער באַפעלקערונג, צו וואָס עס האָט גורם געווען די ספּעציפישע לאַגע פון די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דאָך וועלן מיר זיך באַמיען איבערגעבן וועגן עקאָנאָמישן לעבן לויט דעם, וואָס יעדער איינער פון אונדז האָט געזען און געקענט אָבסערווירן.

אין די ערשטע וואָכן נאָכן קריג־אויסברוך איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו געווען זייער אַ שווערע. הונדערטער פאַמיליעס האָבן געהונגערט און געוואַרט אויף עפּעס אַ נס. ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען און אָנגעהויבן זוכן פּרנסה, נישט וואַרטנדיק אויף צדקה־הילף. דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געווען דערלויבט צוקומען אין דער יידישער געגנט. דאָס האָט געגעבן אַ מעג־לעכקייט פיל יידן צו פירן האַנדל, האַנטווערקער אויסצופירן געוויסע אַרבעטן און פאַרקויפן זייערע ארטיקלען א.א.וו. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען שפּעטער אין גרויסן געטאָ. דער פּוילישער באַפעלקערונג איז ווי געזאָגט דערלויבט געווען דורכצוגיין דורכן געטאָ. דאָס האָט דערמעגלעכט די יידן זיי זאָלן קענען אויך אין געטאָ פירן אַן אומלעגאַלן אויסטויש־האַנדל מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג. מען האָט אויספאַרקויפט צירונג, שטוב־חפצים, מלבושים, וועש, מעבל און אפילו בעטגעוואַנט און דערפון געלעבט. עס זענען אויך אַנטשטאַנען געהיימע שטוב־פאַבריקלעך, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט: זייף, ליכט, שיך־פּאַסטע, וואַש־סאָדע א.א. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קאָנסטרואירט „זשאַרנעס" (האַנט־מילעכלעך צו מאָלן קאָרן). דאָס האָט זיך דערקלערט דער־מיט, וואָס קאָרן האָבן די פּויערים לייכטער געקענט אַריינשמוגלען אין געטאָ

ווי מעל. יידן האָבן דאָס קאָרן אויפגעקויפט, געמאָלט אויף די האַנט־מילעכלעך, געגעבן צו בעקערס אויסצובאַקן און באַקומען צו קילאָ ברויט פאַר אַ קילאָ מעל. דעם צודף, וואָס קומט צו ביים אויסבאַקן, האָבן באַקומען די בעקער. די הויפט־פאַרקויפער פון די אויסגעאַרבעטע סחורות זענען געווען קינדער. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אויף דער מעלדונג פון יודענראַט וועגן רעגיסטרירן קינדער אין שול־עלטער (אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג פון 31 אויגוסט 1940 וועגן יידישן שולוועזן אין ג"ג), האָבן זיך פון 3800 יינגלעך אין שול־עלטער רעגיסטרירט בלויז 1194. דאָס האָט אויסגעמאַכט בלויז 31,41%. פון 3776 מיידלעך אין שול־עלטער האָבן זיך רעגיסטרירט בלויז 1249, וואָס האָט אויסגעמאַכט 33,1%. די גרעסטע צאָל רעגיסטרירטע קינדער איז אויסגעפאַלן אויף די, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין די יאָרן 1931–1933, און דאָס האָט אויסגעמאַכט 60,1% פון דער צאָל יינגלעך אין דאָזיקן עלטער און 59,2% פון דער צאָל מיידלעך[70]. וואָס עלטערע שול־יאָרן איז דער פּראָצ. רעגיסטרירטע געווען אַ קלענערער, ווייל די ווייט גרעסטע מערהייט פון זיי זענען געוואָרן די ברויט־געבער פון זייערע משפחות.

אייניקע געוועזענע פאַבריקאַנטן ווידער האָבן געפירט געשעפטן מיט די דורך די דייטשן נאָמינירטע קאָמיסאַרן איבער זייערע געוועזענע פאַבריקן (יידישע פאַבריקן און גרעסערע אונטערנעמונגען זענען, אויפן סמך פון אַ פאַראָרדענונג פון רידיגערן, קאָנפיסקירט געוואָרן נאָך אין דער צווייטער העלפט סעפּטעמבער 1939)[71]; געווען קאָמיסאַרן, וואָס האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן אָן די פריערדיקע בעלי־בתים און דאָס האָבן טאַקע די פאַבריקאַנטן אויסגענוצט, כדי צו ציען פון דאָרט חיונה און גלייכצייטיק צו האָבן דאָס אויג איבער זייער פאַרמעגן. קרעמער און סוחרים האָבן מיט נאָכגעמאַכטע שליסלען „ארויסגעגנבעט" ביסלעך סחורה פון זייערע קאָנפיסקירטע געשעפטן, אָדער אונטער'ן פּרעטעקסט צו „לופטערן" די סחורות פון די פאַרחתמעטע געשעפטן, האָבן זיי בשותפות מיט די דייטשע „שומרים" אַ טייל סחורה אַרויסבאַקומען. דאָס אַלץ איז פאַרקויפט געוואָרן, אָדער אויסגעטוישט געוואָרן ביי פויערים אויף שפייז און מען האָט דערוויל געלעבט. עס זענען אויך געווען יידן, וואָס האָבן געפירט לעגאַל האַנדל־ און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אין קליינעם מאַסשטאַב און דערפון געצויגן חיונה. אַ טייל יידן, וואָס האָט געמוזט לעבן פון אַרבעט איז געווען באַשעפטיקט אויף פאַרשידענע „פלאַצוו־קעס" און באַקומען אויסגעצאָלט פון יודענראַט צו 4 גילדן פאַר אַן אָפּגעאַר־בעטן טאָג[56] און פון דעם הונגער־לוין האָבן זיי געמוזט אויסהאַלטן זייערע פאַמיליעס.

דאָס, וואָס אַ געוויסע צאָל יידן האָט זיך געגעבן אַן עצה צו האָבן אויף חיונה, האָט דערמעגלעכט, אַז די אינסטיטוציעס פון סאָציאַלער הילף זאָלן קאָנען שאַפן מיטלען אויף צו העלפן פּליטים, קראַנקע, זקנים, יתומים און בכלל אָרעמע. די דאָזיקע סיטואַציע האָט אָבער אויך געגעבן אַ מעגלעכקייט דעם יודענראַט און אַלע זיינע אָפּטיילונגען צו רייסן דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן. די אומדירעקטע שטייערן זענען געווען באַשטימט אויף שפּיטאָל,

זקנים און יתומים-הויז. דער יודענראַט איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם אומיושרדיקן שטאַנדפונקט, אַז אַלע יידן מוזן טראָגן אַלציינע לאַסטן. דעריבער האָט מען דעם דאָזיקן שטייער געצויגן אפילו פון די אָרעמסטע, וועלכע זענען געצווונגען געוואָרן צו צאָלן שטייערן צוגלייך מיט די רייכסטע. ביים אויסקויפן אַ שפּייז-קאַרטע, ביים אָפּנעמען צוטיילונגען פון קוילן, אָדער זייף, האָט יעדער געמוזט אויסקויפן אַ מאַרקעלע פאַר 2 זלאָטעס, אויף וועלכן עס איז געווען געדרוקט: „אוטיליטאַטי עט סאַלוטי"[72] (דער אָרגאַניזאַציע-שעף פון יודענראַט, אַדוואָקאַט שימאָן פּאָהאָריללע, האָט שטאַרק ליב געהאַט זיך צו באַנוצן מיט לאַטיינישע אויסדרוקן). אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט אין ג"ג איז דאָ, אין אַלגעמיין גענומען, די עקאָנאָמישע לאַגע געווען אַ דערטרעגלעכע. דאָס האָט פאַראורזאַכט, אַז טשענסטאָכאָווער יידן האָבן זיך באַמיט אַראָפּצוברענגען צו זיך קרובים פון אַנדערע שטעט, און דער עיקר פון לאָדזשער געטאָ, פונוואַנען עס זענען דערהאַלטן געוואָרן גרויליקע ידיעות. אַזעלכע דערלויבענישן האָט מען געדאַרפט אַרויסבאַקומען ביים שטאָט-הויפּטמאַן, וועלכער האָט יעדע ביטע פאַרזען מיטן ענטפער, געשריבן אויף דער צווייטער זייט פון דער ביטע צום יודענראַט, אַז די ביטע פון „גלויבנסגענאָסע" דעם און דעם ווערט אָפּגעוואָרפן. קיין דערלויבענישן אַריינצוקומען האָט טאַקע קיינער נישט באַקומען. די ידיעה אָבער וועגן טשענסטאָכאָווער „גן-עדן" האָט זיך פאַרשפּרייט, דורכגעריסן זיך דורך די געטאָ-צוימען, און די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך, קעגן ווילן פון יודענראַט און דער עיקר קעגן ווילן פון שטאָט-הויפּטמאַן, דאָך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן מיט אומלעגאַלע און האַלב-לעגאַלע פליטים פון שטעט און שטעטלעך.

זייער אַ קליינע צאָל פליטים האָט זיך נישט גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף. די ווייט גרעסטע מערהייט האָט צו אַזאַ הילף געמוזט אָנקומען. אָבער די טעטיקייט פון די הילף-אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אומשטאַנד צו לינדערן די נויט אין אַ מינימאַלער מאָס אין פאַרגלייך מיט די באַדערפענישן. אויך די דאָזיקע לאַגע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און די הילף-מעגלעכקייטן זענען פאַרקלענערט געוואָרן. די ווירטשאַפט-אָפּטיילונג ביי דער שטאָט הויפּטמאַנשאַפט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן פאָלקסדייטש זאַוואַדאַ און פון עס-אַ-מאַן שלעכט, האָבן אין שטאָט גופא געפונען זייערע משרתים, מיט וועלכע זיי האָבן שוין בשותפות „געזאָרגט", אַז די קאָנפיסקירטע יידישע געשעפטן זאָלן וואָס שנעלער ליקווידירט ווערן. צו די פוילישע גרויס-סוחרישע פירמעס, וואָס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט אויסגענוצט דאָס „גוט-האַרציקייט" פון דער דייטשער ווירטשאַפט-אָפּטיילונג, האָבן קודם-כל געהערט די פירמעס טראַווינסקי, מאַיעווסקי און מישקעוויטש. אַ געוועזענער אַדיוטאַנט פון ווענדלערן, לאַקסי, האָט באַקומען דאָס רעכט אויסצורוימען אַלע יידישע שיך-געוועלבער, ווי אויך די געשעפטן פון לעדער און לעדער-גאַלאַנטעריע. די געליבטע פון ווענדלערן, פּרוי מאַשעוויטש, האָט באַקומען די ברייטסטע רעכט אויסצורוימען אַלע יידישע געשעפטן, וואָס וועלן איר געפעלן און אפילו האַנטווערקער-וואַרשטאַטן. זי האָט זיך פון דער צוגערויבטער סחורה געעפנט

אַ פּריוואַט „וואַרען־הויז״, פאַר וועלכן יידישע האַנטווערקער האָבן געמוזט אויספאַרטיקן אַלץ, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. אויף איינצואָרדנען זיך דאָס „וואַרען־הויז״ האָט איר ווענדלער צוגעטיילט דעם גאַנצן בנין פון דער געוועזענער יידישער סוחרים־ און פאַבריקאַנטן־באַנק אין דער צווייטער אַלייע נר. 22.

וועגן דער נויט, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ, קאָן מען זיך שאַפן אַ באַגריף פון דעם, וואָס דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט האָט אָנגעגעבן אין סטאַטיסטישן יאָרבוך („ראָטשניק סטאַטיסטיטשני״ 3 באַנד, אַרויסגעגעבן אין 1941 יאָר) וועגן דער צאָל יידן, וואָס האָבן זיך געווענדעט נאָך שטיצע צו דער סאָציאַלער הילף ביים יודענראַט. לויט דער אָנגעגעבענער דאָרט צאָל האָבן פיגורירט אין דער קאַרטאָטעקע 14.960 פּערזאָן, וואָס האָבן זיך געווענדעט נאָך שטיצע. דאָס זענען געווען 4.058 פאַמיליעס. פון דעם זענען געווען 651 פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו און האָבן געציילט 2.169 נפשות. צוליב דעם, וואָס אין געטאָ זענען בלויז אַ פּאָר גאַסן געווען קאַנאַליזירט, צוליב דער ענגשאַפט אין די וווינונגען און צוליבן הונגער האָבן זיך אין געטאָ אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן אין אַ שנעלן טעמפּאָ. פלעק־טיפוס, בויך־טיפוס און דיזענטעריע האָבן געהאַט זייער פּעטן שניט, דער עיקר צווישן דער פּליטים־מאַסע. די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס איז צום ערשטן אויסגעבראָכן אין דעם „אַזיל״ פאַר פּליטים פון לאָדזש, וואָס האָט זיך געפונען אין דער האַנטווערקער־שול אויף גאַרנצאַרסקאַ־גאַס נר. 6. די נויט האָט דערפירט צו דעם, אַז די פּלאָג פון גנבות איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ גרעסער. צוממערסטן זענען פאָרגעקומען גנבות פון וועש און שפּייז. אויך די מוסרים האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן חלק אין דעם, וואָס די יידן זענען פאַראָרעמט געוואָרן. פון די מוסרים, וועלכע האָבן צוגעטראָגן צו די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, וואָס עמעץ פאַרמאָגט און מיט וואָס עמעץ באַשעפטיקט זיך, זענען געווען באַקאַנט: עליאַש שעפּטעל, וועלכער האָט דערפאַר באַקומען אַ קאָנצעסיע צו פירן אַ קנייפּע, וואָס איז באַזוכט געוואָרן פון דייטשן און דער עיקר פון דייטשע פונקציאָנאַ־ן פון דער „דעוויזן־דינסטשטעלע״, וועלכער האָט געדינט מיט אינפאָרמאַציעס וועגן יידיש פאַרמעגן, יהודה מאיר בעסער פון זאַוויערציע און יאַקוב ראָזענבערג פון לאָדזש, וועלכע האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט ענלעכע מסירות, ווי שעפּטעל און דערפאַר געהאַט ספּעציעלע באַשייניקונגען פון דער זיכערהייט־פּאָליציי זיך פריי צו באַוועגן אויסערן געטאָ אָן די מגן־דוד־בענדער[73]. די דאָזיקע מוסרים האָבן געמאַכט אַ פאַרמעגן הן פון דעם חלק, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די דייטשן נאָכן צונעמען, לויט זייערע אָנווייזונגען, ביי יידן, הן פון דעם, וואָס יידן פלעגן זיי געבן, כדי זיי זאָלן אַרויסראַטעווען פון די דייטשע הענט די, וועמען זיי האָבן פריער אַהין אויסגעליפערט.

פון טאָג צו טאָג האָט זיך די נויט געהאַלטן אין איין פאַרטיפערן, דער עלנט אין איין פאַרברייטערן. דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויפן אַלגעמיינעם צושטאַנד אין געטאָ בכלל און אויפן נאַטירלעכן צוווּקס פון דער באַפעלקערונג בפרט.

# סאָציאַלע הילף.

נאָך אין חודש יוני 1939, נאָכן באַוווסטן באַזוך פון געבעלסן אין גדאַנסק, ווען ס'האָבן זיך געשטאַרקט די קלאַנגען וועגן דער נאָענטקייט פון קריג. האָט זיך דער האַנדל אין טשענסטאָכאָוו און דער יידישער האַנדל בפרט אָנגעהויבן ערנסט צו וואַקלען. די ערשטע, וואָס האָבן דעם דאָזיקן צושטאַנד צוממערסטן אָנגעהויבן אָפּפילן זענען געווען די יידישע טראַנספּאָרט־אַרבעטער (פורמאַנעס, טרעגער מיט האַנט־וועגעלעך און פלייצע־טרעגער), וועלכע האָבן פאַרלוירן די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף זייער אָרעמער טאָג־טעגלעכער אויסקומעניש. מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט מען שוין געזען, אַז אויך פאַבריק־אַרבעטער און די אָרעמע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אָפּשפּאָרונגען און זענען שטענדיק געווען אויסגעשטעלט צו ציען זייער חיונה פון טאָג־פאַרדינסט, זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. נאָך שטאַרקער האָט זיך אָנגעזען די נויט צווישן די זעלבע שיכטן אין די ערשטע טעג נאָכן מלחמה־אויסברוך. סוף סעפּטעמבער 1939 האָט זיך אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון יעקב ראָזינע (א לאַנג־יעריקער אָנפירער פון „טאָז") און מענדל אַש (זון פון געוועזענעם טשענסטאָכאָווער רב, נחום אַש), איינגעגעבן צו פאַרינטערעסירן מיטן דאָזיקן ענין אַ גרעסערע גרופּע געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָט זיך מיט אמתער איבערגעגעבנקייט פאַרנומען מיטן לינדערן די נויט פון דעם גרויסן טייל יידישע משפחות, וועלכע עס האָט געדראָהט הונגער־טויט. באַזונדערס האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אויפן דאָזיקן געביט יצחק זשאַנשינסקי (פּסעוו. „דאָקטאָר"), וועלכער האָט דער ערשטער געגעבן די גרעסטע סומע געלט אויפן דאָזיקן צוועק. פיל ענערגיע ביי דער הילף־אַרבעט האָבן אויך אַוועקגעגעבן: נאַטאַן ראדאל, צעשאַ קאָזאַק און שפּעטער אויך יאַקוב טעמפּעל. אויפן ערשטן אפּעל וועגן העלפן די הונגעריקע און נשרפים, האָבן זיך אַ סך יידן אָפּגערופן און דאָס האָט דערמעגלעכט, אַז יעדע נויטליידנדיקע פאַמיליע זאָל באַקומען די ערשטע הילף אין דער פאָרם פון 10 גילדן און אַ מעטער קוילן. וואָס ווייטער האָט זיך די הילף־טעטיקייט פון דער דערמאָנטער גרופּע טוער אויסגעברייטערט, ווייל יעדער ערלעכער ייד, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ מינימאַלסטע מעגלעכקייט, האָט זיך גערן אַליין באַשטייערט אויפן דאָזיקן צוועק. אָנהויב יאָר 1940 איז געשאַפן געוואָרן ביים יודענראט אַ רעפעראַט פאַר סאָציאַלער הילף, וועלכע האָט איבערגענומען די פּאַקטישע אָנפירונג מיט דער הילף־אַרבעט. בראש פון דאָזיקן רעפעראַט האָט זיך געפונען נאַטאַן ראדאל און זיינע מיטאַרבעטער צעשאַ קאָזאַק און יאַקוב טעמפּעל.

אין געטאָ זענען דורכגעפירט געוואָרן יום־טוב־אַקציעס, ווינטער־הילף־אַקציעס און עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן זעקס קיכן, ווו עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן מיטאָגן אומזיסט, אָדער פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל. די ערשטע קיך איז געשאַפן געוואָרן דעם 31־טן יאַנואַר 1940 אין אַ בית־תפילה אויף נאַדזשעטשנע־גאַס 30. דאָ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דורכשניט צו 825 מיטאָגן טעגלעך פאַר אַן אָפּצאָל פון 10 גראָשן פאַר א מיטאָג. די צווייטע קיך איז געעפנט געוואָרן

דעם 19-טן מערץ 1940 אויף קאַטעדראַלנע-גאַס אין געוועזענעם לאָקאַל פון „מכבי". טעגלעך איז דאָ אַרויסגעגעבן געוואָרן ביז 1000 מיטאָגן אויף פאַר אַן אָפּצאָל פון 10 גראָשן. די דריטע קיך איז געעפנט געוואָרן דעם 5-טן אַפּריל 1940 אין מקוה-בנין אויף גאַריבאַלדי-גאַס נר. 18 און האָט אַרויסגעגעבן ביז 1025 מיטאָגן טעגלעך אינגאַנצן אומזיסט. די 4-טע קיך איז געעפנט געוואָרן דעם 7-טן אַפּריל 1940 אויף דער אַלייע נר. 12 אין געוועזענעם האַנטווערקער-לאָקאַל. דאָ זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אומזיסטע מיטאָגן ביז 1030 טעגלעך. אין דער זעלבער צייט איז געעפנט געוואָרן אויף פּילסודסקי-גאַס נר. 11 די 5-טע קיך („אינטעליגענטן-קיך"). די דאָזיקע קיך האָט באַדינט דאָס באַאַמטנטום און די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ. דאָ פלעגן טעגלעך ארויסגעגעבן ווערן ביז 450 מיטאָגן פאַר אַן אָפּצאָל פון 70 גראָשן ביז 1,10 גילדן פאַר אַ מיטאָג. די 6-טע קיך איז געעפנט געוואָרן אין מאַי 1940 אויף פּילסודסקי-גאַס נר. 17 אין געוועזענעם לאָקאַל פון „בונד". דאָ פלעגן טעגלעך אַרויסגעגעבן ווערן ביז 1040 מיטאָגן טיילווייז צו 10 גראָשן און טיילווייז אומזיסט. אויסער דעם האָט דער אַרבעטס-אַמט ביים יודענראַט געפירט אַ פעלד-קיך, וואָס פלעג אַלע אינדערפרי באַדינען מיט קאַווע און ברויט די אַרבעטער פון אייניקע פּלאַצוווקעס, אויף וועלכע עס איז חל געווען די פליכט פון צוואַנגס-אַרבעט[74]. אויסער די קיכן נר. 5 און 6, וואָס האָבן באַדינט די אינטעליגענץ און די צוואַנגס-אַרבעטער, זענען די מיטאָגן אין די איבעריקע קיכן סרוב באַשטאַנען פון ריבן מיט וואַסער, אָבער אויך דאָס איז געווען אַ גליק פאַר די אויסגעהונגערטע איינוווינער בכלל און פאַר די פליטים בפרט, ווייל חוץ די 50 גראַם ברויט, וואָס פלעגן טעגלעך צוגעטיילט ווערן אויף אַ מאַן, זענען די דאָזיקע מיטאָגן געווען פאַר זיי די איינציקע צוגאָב-שפּייז, וואָס האָט געדאַרפט שטילן זייער הונגער.

אין משך פון יאָר 1940 האָט דער רעפעראַט פון סאָציאַלער שוץ אַרויסגעגעבן העכער 90.000 גילדן געלט-שטיצע. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג זענען אויך געזאַמלט געוואָרן מלבושים, וועש, שיך און בעטגעוואַנט, פון וועלכע אַ טייל איז איבערגעשיקט געוואָרן קיין ראַדאָמסק פאַרן דאָרטיקן יידישן שפּיטאָל און פאַר די נויטליידנדיקע יידן און די רעשט איז פאַרטיילט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו גופא[75].

פון צייט צו צייט פלעג דער רעפעראַט פאַר סאָציאַלער הילף אַרויסלאָזן אויפרופן צו דער יידישער באַפעלקערונג וועגן הילף פאַר די נויטליידנדיקע. דעם 28-טן נאָוועמבער 1940 האָט דער ווינטער-הילף-קאָמיטעט צעשיקט צו אַלע יידן אויפרופן, אין וועלכע עס איז צווישן אַנדערע געווען די פאָלגנדיקע ווענדונג: „...פאַר טויזנטער יידן שטייט דער מאנסטרום פון הונגער און קעלט, די יידישע געזעלשאַפט קען נישט בלייבן גלייכגילטיק צו דער אויסערגעוויינלעכער נויט. עס איז נויטיק די אָנשטרענגונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, כדי צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די גרויסע מאַסן, וואָס הונגערן און ליידן קעלט..." ווייטער ווערן אין דאָזיקן אויפרוף אַרומגערעדט די צילן פון דעם אַנטשטאַנענעם ווינטער-הילף-קאָמיטעט. דער אויפרוף פאַרענדיקט זיך מיט די

ווערטער: „געדענקט, אַז שטענדיק איז דער, וואָס גיט די נדבה גליקלעכער פון דעם, וואָס איז געצווונגען צו געניסן פון דער נדבה!"

די ערשטע צייט האָט זיך אַ טייל פון דער בעסער סיטואירטער יידישער באַפעלקערונג באַצויגן צו דער סאָציאַלער הילף מיט סימפּאַטיע און זיך גערן באַשטייערט אויף אַלע נויטיקע צוועקן. אַסך האָבן זיך אַפילו פרייוויליק באַטייליקט אין די זאַמל-אַקציעס. סוף 1940 האָט זיך אָבער די שטימונג און די באַציאונג צו אַלעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיטן יודענראַט שטאַרק געענדערט און ממילא—אויך צום רעפּעראַט פאַר סאָציאַלער הילף, וואָס איז געווען אַן אַגענדע פון יודענראַט. חוץ דעם האָט זיך די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידן געענדערט צום ערגערן. דער עולם איז געוואָרן דערשלאָגן פון די כסדרדיקע רדיפות פון די דייטשן און די כסדרדיקע שטייערן, וואָס דער יודענראַט האָט געהאַלטן אין איין אַרויפלייגן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, דאָס אַלץ האָט געווירקט, מען זאָל ווערן גלייכגילטיק צו דער נויט און ליידן פון אַנדערע. דער פרייוויליקער אָפּצאָל אויף הילף-צוועקן האָט געהאַלטן אין איין פאַלן. דער יודענראַט האָט כסדר פאַרגרעסערט די דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן, כדי צו דעקן די בלויזן, וואָס דער רעפּעראַט פאַר סאָציאַלער הילף האָט געהאַט וואָס ווייטער אַלץ מער. די אומדירעקטע שטייערן זענען סרוב געפאַלן אויף די פּלייצעס פון די אָרעמסטע, ווייל ביים אויסקויפן צוטיילונגען פון ברויט, קאַרטאָפל און קוילן, האָט יעדער געמוזט אויסקויפן ספּעציעלע מאַרקעלעך.

ביי דער אָפּטיילונג פון סאָציאַלער הילף האָט אויך עקזיסטירט אַ קאָמיסיע פון לאָדזשער יידן („לאָדזשער סובקאָמיסיע")[76], וואָס האָט געפירט אַ ספּעציעלע הילף-טעטיקייט פאַר די אָרעמע פּליטים פון לאָדזש. בראש פון דער דאָזיקער קאָמיסיע זענען געשטאַנען די לאָדזשער פּליטים: יאַראָטשינסקי און באַביאַצקי, וועלכע האָבן אויף אַ באַשיידענעם אופן און מיט באַגרענעצטע מיטלען פיל אויפגעטאָן פאַר זייערע היים-לייט.

אַ הילף-אַרבעט האָט אויך געפירט די געזעלשאַפט „דאָבראָטשיננאָשטש" בראש מיטן אַדוואָקאַט מ. האָססענפעלד. „דאָבראָטשיננאָשטש" האָט געפירט אין די ערשטע אָקופּאַציע-יאָרן אַ זקנים-הויז פאַר 188 מאַן, אַ יתומים-הויז פאַר 150 קינדער און דאָס יידישע שפּיטאָל[77]. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ פּליטים-הילף-קאָמיטעט, וועלכער האָט געדאַרפט זאָרגן צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די, וואָס האָבן צוממערסטן געליטן. די טעטיקייט פון דאָזיקן קאָמיטעט האָט זיך באַזירט אויף די פאָנדן, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן צווישן דער באַפעלקערונג אין געטאָ; אויף פאָנדן, וואָס זענען איינגעפלאָסן פון ספּעציעלע מאַרקעלעך. און אויף דער הילף פון „דזשאָינט", וואָס פלעג פון צייט צו צייט אויפן דאָזיקן צוועק געשיקט ווערן. די הילף פון דעם קאָמיטעט פאַר די פּליטים איז אָבער געווען אַ מינימאַלע, עס האָט דאָרטן געהערשט הונגער און שמוץ. די איינציקע קאָנקרעטע הילף פון פּליטים-קאָמיטעט איז געווען די קיך, וואָס האָט טעגלעך אַרויסגעגעבן 250 פאַרהעלטנישמעסיק נאַרהאַפטע מיטאָגן פאַר פּליטים-קינדער אין עלטער ביז 3 יאָר[78].

מיט דער דאָזיקער קיך האָבן אָנגעפירט יאַקוב טעמפּעל און די פרוי ליפּינסקאַ.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון סאָציאַלער הילף איז געווען די טעטיקייט פון „טאָז" אין טשענסטאָכאָוו. אויף דער איניציאַטיוו פון יאַקוב ראַזינע, געוועזענער לייטער פון „טאָז" און פון דעם שרייבער פון די שורות אַלס זיין פאַרטרעטער, האָט דער „טאָז" שוין אין דער צווייטער העלפט סעפּ- טעמבער 1939 אויפסניי אָנגעהויבן זיין טעטיקייט. די ערשטע האָבן זיך צו דער אַרבעט געשטעלט פרייוויליק אָן שום באַלוינונג די צוויי געוועזענע קראַנקנ- שוועסטער פון „טאָז" האַנקאַ בירנבוים און געניאַ ווינדהיים, שפּעטער איז צוגעקומען די קראַנקנשוועסטער חנה יאַנאָווסקאַ (פרוי פון באַקאַנטן העברעאישן לערער אין שטאָט). פון די דאָקטוירים האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט אין „טאָז": די פּעדיאַטרין האַללעמאַן און דער אינטערניסט דוד בלומענפעלד. אַלס באַאַמטע אָן שום אויסזיכטן אויף באַלוינונג האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן, אויסער די געוועזענע „טאָז"-באַאַמטע, דזשוניע ראָזען (די טאָכטער פון דאָקטאָר ראָזען), מאָטעק קושניר און צעשאַ זשאַנשינסקאַ. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן זיך געמאָלדן צו דער „טאָז"-אַרבעט נאָך יונגע מענטשן און דער יונגער כירורג, לייזער גלאַטטער. אָנהויב זענען געווען טעטיק בלויז דריי דיספּאַנסערן: אינטערניסטישער, פּעדריאַטישער און כירורגי- שער. וואָס ווייטער איז אָבער דער „טאָז" געשטעלט געוואָרן פאַר שווערע אויפגאַבן. ספּעציעל האָט געמוזט געזאָרגט ווערן פאַרן געזונט פון די אַרבעטנ- דיקע, ווייל נאָר אַ קליינע צאָל פון זיי איז בכוח געווען איבערצוטראָגן די ווילדע אַרבעט, צו וועלכער זיי זענען געצוווּנגען געוואָרן. יעדער טאָג האָט געבראַכט מיט זיך הונדערטער צעמיטעטע, צעקאַליעטשעטע און מיט אָפּגעפרוי- רענע גלידער. דערצו זענען נאָך צוגעקומען די אָרעמעלייט אויפן אָרט און די גרויסע מאַסן פּליטים פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין תיכפדיקער און כסדרדיקער מעדיצינישער הילף. דער "טאָז" האָט דעריבער זיין טעטיקייט געמוזט שנעל און פּילפּאַכיק אויסברייטערן. אָנהויב 1940 זענען שוין געשטאַנען ביי דער אַרבעט פון „טאָז"ביידע געוועזענע וויצע פּאָרזיצערס: אַדוואָקאַט מענדל קאָנאַרסקי און דאָקטאָר אַדאַם וואַלבערג, 19 דאָקטוירים און 5 קראַנקנשוועסטער, ווי אויך צענדליקער יוגנטלעכע. עס זענען אַנטשטאַנען נייע דיספּאַנסערן, ווי: אַנטיטובערקולאָזער, לאַרינגאָלאָגישער, דענטיסטישער, אָקוליסטישער, אַ לאַבאָראַטאָריע און א „טראָפּן- מילך-פּונקט" פאַר זויגלינגען און טובערקולאָז-קראַנקע. פון סוף יאָר 1940 ביז דער גרויסער אויסזידלונג האָבן שוין געאַרבעט אין „טאָז" 31 דאָקטוירים און 8 קראַנקנשוועסטער. חוץ דעם זענען געווען אַן ערך 200 סאַניטאַרן און סאַניטאַרינס, וועלכע זענען אויסגעשולט געוואָרן אויף די סאַניטאַר-קורסן, וואָס דער „טאָז" האָט איינגעאָרדנט בעת דער אָקופּאַציע, ווי אויך אַלע אָן אויסנאַם יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך געפונען אין טשענסטאָכאָוו, זענען געווען טעטיק אויף די סאַניטאַר-פּונקטן פון „ט אָ ז". זיי האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו באַקעמפן די פּלאָג פון אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. מיט די דאָזיקע פּונקטן האָט אָנגעפירט

ד"ר וואַלבערג. דער „טאָז" איז אויך אַ לענגערע צייט געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: קלאָבוצק, קזשעפּיץ, טרוסקאַליאַס, פּאַנקי, פּשיסטאַן, פּאַיענטשנאַ, קאַמיק, מיעדזשנאַ, אמסטעוו, פּשירוו, יאַנאָווע, אָלשטין, שטשעקאַטשין, וולאָשטשאָווע, לעלעוו, בזשאָזשניצאַ, פּאָראַי, זשאַרקי און מישקוו. אין יעדן שטעטל איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „טאָז"-קאָמיטעט, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרנומען מיט הילף-אַרבעט. אויסער מעדיצינישער הילף האָט יעדעס שטעטל באַקומען די ערשטע צייט פּראָדוקטן, וועש, מלבושים און שיך פאַר קינדער. שפּעטער זענען אויך איבערגעשיקט געוואָרן אין די דער-מאָנטע שטעטלעך געוויסע געלט-סומעס פון דעם, וואָס דער „דזשאָינט" און די „טאָז"-צענטראַלע אין וואַרשע האָבן באַשטימט אויפן דאָזיקן צוועק. אויסער דעם איז געפירט געוואָרן אַ „פּעקלעך-אַקציע" פאַר יידן אין לאָדזשער געטאָ. יידן אין טשענסטאָכאָוו פלעגן דורכן „טאָז" איבערשיקן געוויסע סומעס געלט צו די „טאָז"-אָפּטיילונגען אין קלאָבוצק און קזשעפּיץ, וועלכע האָבן דעמלט געהערט צום רייך, און יענע פלעגן פאַרן געלט איינקויפן שפּייז-פּראָדוקטן און איבערשיקן צו די יידן אין לאָדזש, וואָס זענען אָנגעגעבן געוואָרן דורך זייערע קרובים אין טשענסטאָכאָוו. דאָס אַלץ פלעג באַאָרגט ווערן מיט מסירת-נפש דורך יידישע און פּוילישע שליחים, וועלכע זענען דעלעגירט געוואָרן פון די שטעטלעך. אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס די הילף-אַקציע פאַר די שטעטלעך איז געפירט געוואָרן, איז געווען בלויז איין דורכפאַל מיטן פאַרוואַל-טונג-מיטגליד פון קלאָבוצקער „טאָז" אַ געוויסן כאַדאַ, וואָס איז אויך פאַרן קריג דאָרט געווען טעטיק אויפן געביט פון „טאָז"-אַרבעט. דייטשן האָבן כאַדען געכאַפּט ביים שמוקלען זיך קיין טשענסטאָכאָוו און האָבן אים איבערגעגעבן אויפן „חסד" פון זייערע הינט. דער פאַל האָט זיך צופעליק נישט געענדיקט מיט טויט און כאַדאַ איז אומגעקומען שפּעטער מיטן רוב יידן פון קלאָבוצק אין אַ טויטן-לאַגער. די דאָזיקע „טאָז"-טעטיקייט אין די קליינע שטעטלעך איז איבערגעריסן געוואָרן ערשט אין חודש אַפּריל 1941, ווען ס'איז געשאַפן גע-וואָרן דאָס געטאָ אין טשענסטאָכאָוו און מיר זענען אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ קייט פון דייטשע מערדער. אויפן הילף-פעלד פון דער „טאָז"-טעטיקייט האָט זיך בולט אַרויסגערוקט די אַרבעט אויפן געביט פון קינדער-פאַרזאָרגונג. פון די וויכטיקסטע אַרבעטן אויפן דאָזיקן געביט זענען געווען די באַשפּייזונג-פּונקטן פאַר קינדער אין עלטער פון דריי ביז פופצן יאָר. די ערשטע צייט זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן מיטאָגן בלויז פאַר 600 קינדער. צוליב דעם, וואָס די נויט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, ווי אויך צוליב דעם, וואָס עס זענען כסדר צוגעקומען אַלץ נייע פּליטים, האָט דער „טאָז" געמוזט זאָרגן צו באַ-שפּייזן וואָס מער קינדער. אין יולי 1940 האָט שוין דער „טאָז" באַשפּייזט 2008 קינדער[79]. עס איז אויך געפירט געוואָרן אַ „באַראַטונג-שטעלע פאַר מוטער און קינד". אויסער דער נאָרמאַלער אַרבעט זענען אין דער באַראַטונג-שטעלע טעגלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן צוגעגרייטע שפּייז-פּאָרציעס פאַר 351 זויגלינגען[80].

די אַמטן פון „טאָז" האָבן זיך געפונען אין עטלעכע גאַסן פון יידישן תחום. אויף בערעק-יאָסעלעוויטשאַ-גאַס זענען געווען: אינטערניסטישער קאַבינעט

פאַר דערוואַקסענע, אינטערניסטישער קאַבינעט פאַר קינדער אין שול־עלטער, לאַרינגאָלאָגישער קאַבינעט, אַנטיטובערקולאָז־קאַבינעט, דענטיסטישער, רענטגען און קוואַרץ־לאָמפּ־קאַבינעט און אַ אינערלעכע אַפּטייק. אויף ערשטער אַלייע 6: אינטערניסטיק, דערמאַטאָלאָגיע און פאַר ווענערישע קראַנקהייטן, כירורגישער קאַבינעט, קוואַרץ־לאָמפּ, באַראַטונג־שטעלע פאַר מוטער און קינד, באַראַטונג־שטעלע פאַר שוואַנגערע פרויען און היילונג־פונקט פאַר טראַכאָמען־קראַנקע. אויף קאַטעדראַלע־גאַס 6: פונקט פאַר קאַמף מיט עפּידעמישע קראַנקהייטן. אויף פּשעמיסלאָווא 6: טאָג־היים און קיך פאַר קינדער אין שול־עלטער. פּשעמיסלאָווע 11: טאָג־היים און קיך פאַר קינדער אין שול־עלטער, „טראָפּן מילך־פּונקט" פאַר זויגלינגען און מילך־פאַרטיילונג פאַר קינדער ביז 3 יאָר און פאַר קראַנקע.

די „טאָז"־טעטיקייט איז געווען פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע אויסגאַבן. דערי־בער איז דער „טאָז" געווען געצוווּנגען צו באַרגן אויף זיינע צוועקן געלט ביי טשענסטאָכאָווער יידן אָפּצוגעבן נאָכן קריג. דער טשענסטאָכאָווער „טאָז" האָט געבאָרגט אויף ענלעכע באַדינגונגען נישט בלויז אויף די אָרטיקע הצטרכותן, נאָר אויך פאַר דעם „דזשאָינט" און „טאָז"־צענטראַלע אין וואַרשע, וועלכע האָבן זיך וועגן דעם געווענדעט צו די טשענסטאָכאָווער „טאָז"־טוער. דער טשענסטאָכאָווער „טאָז" האָט אויך אָרגאַניזירט הויז קאָמיטעטן, וועלכע פלעגן זאַמלען וואָכן־אָפּצאָל צווישן די לאָקאַטאָרן פון געגעבענעם הויז. קלע־נערע סומעס געלט זענען אויך איינגעפלאָסן פונעם פאַרקויפן די עקספּאָנאַטן, וואָס די קינדער פלעגן אויספאַרטיקן אין די „שוויעטליצעס". אין די שוויעטלי־צעס פלעגן די קינדער אויסאַרבעטן: קוישלעך, שטעק־שיך, טאָרבעס, ברויט־טע־לער און אַנד. זאַכן. דאָס אַלץ פלעג אויסגעשטעלט ווערן אין אַ געוועלב אויף וואַרשעווער־גאַס, ווו פאַרן קריג האָט זיך געפונען דער אַפּטייק־סקלאַד פון גריליאַקן. דאָ פלעגן די עקספּאָנאַטן פאַרקויפט ווערן און דאָס געלט פלעג פאַרנוצט ווערן אויף די קלוב־צוועקן.

אַ באַדייטנדיקער צושטייער פלעג אָפּט איינפליסן פון די פאָרשטעלונגען פון דראַמאַטישן קרייז און כאָר, וואָס האָט עקזיסטירט ביים „טאָז", און פון די קינדער־אויפטריטן פון די דערציויגלינגען אין די טאָג־היימען (שוויעטליצעס).

אין חודש מאַי 1941 איז אין טשענסטאָכאָוו אַנטשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון „זשעט־עס־עס" (יידישע סאָציאַלע אַליינהילף), וועלכע האָט געזאָלט סובסידירן אַלע כאַריראַטיווע יידישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געפירט אַ געוויסע טעטי־קייט. דער פועל־יוצא פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז געווען דער, אַז די הילף פון „דזשאָינט" האָט זיך אָפּגעשטעלט און די הילף פון „זשעט־עס־עס" איז געווען אַ מינימאַלע. די אָפּטיילונג פון „זשעט עס־עס" אין טשענסטאָכאָוו האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון זקנים הויז, אין וועלכן עס האָבן זיך גע־פונען אַן ערך 150 יונגערע קינדער פון דער „טאָז"־שוויעטליצע. די טעטיקייט פון דער „זשעט־עס־עס" האָט דערפירט דערצו, אַז דעם 18־טן יולי 1941 זענען פון אַלע קיכן געבליבן: די קיך, וואָס האָט באַדינט די צוואַנג־אַרבעטער און האָט אַרויסגעגעבן מיטאָגן טעגלעך 1150. די קיך אין קוואַראַנטאַננע אויף גאַריבאַלדי־גאַס 18, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביז 600 מיטאָגן טעגלעך. די „אינ־

טיליגענטן־קיך" און די קיך פֿאַר רעליגיעזע יידן האָבן זיך כמעט אַליין אויס־געהאַלטן. פֿון די 2.008 קינדער אין די „טאָז"־שוויטעליצעס האָבן פֿון באַשפּייזונג אָנגעהויבן געניסן בלויז 1.400 קינדער און פֿון אויגוסט 1941—בלויז 1.200 קינדער.

צווישן יודענראַט און „טאָז" איז אין משך פֿון דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט ביז דער אויסזידלונג נישט געווען קיין שלום־בית. דער ערשטער אָפֿענער סכסוך איז אַנטשטאַנען נאָך אין דעצעמבער 1939. מיטגלידער פֿון יודענראַט האָבן אינספּירירט, אַז די געשטאַפּאָ זאָל זיך „פֿאַרינטערעסירן" מיט דעם „טאָז". דעם 21־טן יאַנואַר 1941 האָט דער רעפֿערענט פֿאַר יידישע ענינים ביי דער געשטאַפּאָ גערופֿן צו זיך פֿאָרשטייער פֿון „טאָז", אויסגעפֿרעגט וועגן דער „טאָז"־טעטיקייט און געוואָרנט פֿאַר נישט זיין געהאָרכזאַם צום יודענראַט. דעם זעלבן חודש איז אַ פֿאָרשטייער פֿון „טאָז" אַרויסגערופֿן געוואָרן אין געשטאַפּאָ נאָך 2 מאָל, ווו ער האָט אויסגעהערט די זעלבע וואָרנונג, ווי ביים ערשטן מאָל. די באַציונגען צווישן „טאָז" און יודענראַט האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פֿאַרשאַרפֿט. פֿאָרשטייער פֿון „דזשאָינט" אין וואַרשע האָבן זיך באַמיט די געמיטער צו שטילן, אָבער אָן דערפֿאָלג.

סוף פֿעברואַר 1941 האָט דער פֿאַרטרעטער פֿון שטאָט־הויפּטמאַן, קאדנער, גערופֿן צו זיך 2 פֿאָרשטייער פֿון „טאָז", קאָנאַרסקין און וואַלבערגן (וואַלבערג האָט דאַן אין וואַרטע־זאַל אַלס „אַן־אַ דרויף" געקראָגן פֿון קאדנערן אַ פּאַטש) און, אין דער אָנוועזנהייט פֿון יודענראַט־פּאָרזיצער, קאַפּינסקי, פֿאַראָרדנט, אַז דער „טאָז" זאָל פֿון ש ו י ן זיין איבעררייסן זיין זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט און איבערגיין אַלס אן אַגענדע פֿון יודענראַט. דער „טאָז"־פּאָרזיצער, קאָנאַרסקי, האָט זיך מיט דעם פֿאַל אַזוי איבערגענומען, אַז ער האָט דעם זעלבן טאָג נאָך באַקומען אַ שווערן נערוון־אַטאַק, נאָך וועלכן עס איז געקומען אַ פּאַראַליזש. אין חדשים אַרום האָט זיך קאָנאַרסקי צוריק אָנגעהויבן באַטייליקן אין דער „טאָז"־אַרבעט, אָבער בלויז פֿון צייט צו צייט, ווייל ער איז שוין פֿאַרבליבן אַ קאַ־ליקע אויף אַ האַנט מיט אַ פֿוס. קאָנאַרסקי האָט זיך שוין אַזוי געמאַטערט ביז דער אייסזידלונג, ווען ער איז צוזאַמען מיט טויזנטער יידן געטריבן געוואָרן צו די וואַגאָנען, וועלכע האָבן די יידן געפֿירט קיין טרעבלינקע. נאָך אין טשענסטאָכאָווו האָט קאָנאַרסקי, פֿאַר נישט קאָנען אַריינקריכן אין וואַגאָן, גע־קראָגן פֿון אַ דייטש מיט אַ שפּיצרוט איבערן קאָפּ, און אַ גוססן האָט מען אים אַריינגעוואָרפֿן אין וואַגאָן.

אויפֿן צווייטן טאָג נאָך קאַדנערס אויפֿפֿאָדערונג האָט דער „טאָז" אַרויס־געלאָזט אַ פֿלוג־בלעטל אין דער פּוילישער שפּראַך. דאָס פֿלוג־בלעטל איז גע־ווען אָנגעשריבן אין דער פֿאָרם פֿון אַ נעקראָלאָג און איז אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן פֿאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג אין טשענסטאָכאָווו גופא און פֿאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו יידישע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס אין פּוילן. אויף דעם דאָזיקן אופֿן האָט דער „טאָז" באַקאַנט גע־מאַכט צווישן די יידן וועגן דער נבלה, וואָס דער יודענראַט איז באַגאַנגען קעגן אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געפֿירט אַ הילף־אַרבעט. דער אינהאַלט פֿון פֿלוג־בלעטל איז מער ווייניקער געווען אַזאַ:

טשענסטאָכאָוו, 28 טאָג אין שבט, יאָר 5701
סטאַציע פון שוץ איבער פאַריתומטע אין טשענסטאָכאָוו

„ווען גאָט וויל אונטערוואַרפן די מענטשן
דער גרויזאַמער פּיין,
דאַן גיט ער זיי איבער אין זייערע
ברידערס הענט אַריין.”

## דעם הייליקן אָנדענק פון ד"ר טאָז

28 טאָג אין שבט, אין יאָר 5701, אַ זייגער 19 מיט 30 מינוט איז אויף סאָביעסקי־גאַס (זיץ־אָרט פון שטאָט־הויפּטמאַן – ל.ב.) פּלוצלינג געשטאָרבן אין בליענדער עלטער דער באַקאַנטער ביי אונדז אין שטאָט, פון יעדן געאַכטער, געליבטער און געשעצטער פון אַלע ספערן פון דער געזעלשאַפט, ד"ר טאָז.

אין די לעצטע גסיסה־מאָמענטן האָט ער זיך געפונען ביים פולן באַוווסט־זיין, אָפּגעבנדיק זיך אַ דין־וחשבון וועגן די סיבות פון זיין פריצייטיקן טויט. ביי דער גסיסה איז אָנוועזנדיק געווען דער פאָרזיצער פון „ראסטא” (פאָרזיצער פון יודענראַט – ל.ב.), וועלכער האָט געגעבן זיין לעצטן יודאַש־קוש אויף די ליפּן פון גוסס, וואָס האָט נאָך באַוויזן אויסצושעפּטשען זיין שטאַרקן לעבנס־דראַנג צום ווויל פון די צענדליקער טויזנטער אָרעמע און קראַנקע יידן, פאַר וועלכע ער האָט אין זייערע ליידן־מאָמענטן תּמיד געאיילט מיט הילף, ווי אויך פאַר די טויזנטער הונגעריקע קינדער, פאַר וועלכע ער האָט נישט געקאַרגט קיין וואַרעם לעפל געקעכטס.

ער איז דורכן לעבן געגאַנגען אַ שטילער, אַ רואיקער, אַן ערלעכער, אַן אָפנהערציקער און נישט וואַקלדיקער אין זיינע האַנדלונגען, אַ שטאָלצער מיט זיינע מעשים, תמיד מיטן געדאַנק פאַר אָרעמע, הונגעריקע און קראַנקע.

כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין יונג לעבן איז געווען דאָס דינען אָן שום פער־זענלעכער פאַרינטערעסירונג אַלע נויטבאַדערפטיקע.

ער איז אַוועק אין אַ צייט, ווען ער איז געווען אַמנויטיקסטן – ווען טויזנטער קראַנקע האָבן געגאַרט זיך צו געפונען אונטער זיינע אפּוטרופּסישע פליגל, ווען הונדערטער קינדער האָבן געשטרעקט זייערע בלאַסע הענטלעך נאָך אַ שטיקל ברויט.

די יידישע געזעלשאַפט פילט ווייטיקלעך אָפּ דעם דאָזיקן פאַרלוסט!

די שטאָט, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן און באַליבט געוואָרן וועט זיין טעטיקייט אויף לאַנג באַהאַלטן אין איר דאַנקבאַר געדעכעניש!

אינפאָרמאַציעס וועגן אַרויספירן דעם בר־מינן און אים קובר זיין אין פּאַנ־טעאָן פון פאַרדינסטפולע, דערטיילט דער שעף פון „ראסטא”, דער הער פּאָכאָלערא (פּאָהאָריללע – ל.ב.).

צבועקעס און כלומרשטע פריינט פון דאָקטאָר טאָז אין טשענסטאָכאָוו ווערן געבעטן נישט אויסצודריקן קיין מיטגעפיל.

כבוד דעם נישט באַפלעקטן אָנדענק פון ד"ר טאָז!

„די נאָענטסטע”[81]

דעם 22־טן מערץ 1941 האָט דאָס פּרעזידיום פון יודענראַט באַשלאָסן אײַ־בערצונעמען דעם „טאָז“ אין זײַנע הענט. אויפן צווייטן טאָג, דעם 23־טן, האָבן זיך געמאָלדן אין ביוראָ פון „טאָז“ אויף קאַטעדראַלנע־גאַס 6 די מיטגלי־דער פון יודענראַט: באָזשיקאָווסקי, קורלאַנד און געריכטער און איבערגענומען אַלע אַגענדעס פון „טאָז“. דעם 25־טן מערץ האָט זיך געמאָלדן דער געוועזע־נער לערער פון דער יידישער גימנאַזיע, ד״ר מערינג, און דערקלערט, אַז ער איז באַשטימט געוואָרן פון יודענראַט אַלס קאָמיסאַר פון „טאָז“. די „טאָז“־פאַר־וואַלטונג איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן.

די טעטיקייט פון „טאָז“ האָט זיך נאָך געצויגן שוין בלויז געציילטע חדשים און איז איבערגעריסן געוואָרן דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942, דעמלט, ווען ס'איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס לעבן פון דעם יידישן ישוב אין טשענ־סטאָכאָוו.

## קולטור־טעטיקייט

ווי נאָר טשענסטאָכאָוו איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער דייטשער אָקו־פּאַציע האָט זיך דאָס גאַנצע יידישע קולטורעלע לעבן אין שטאָט איינגעבראָכן. עס זענען תיכף געשלאָסן געוואָרן אַלע ביבליאָטעקן, אַלע שולן און גימנאַזיעס. די רדיפות און גזירות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין שיטן אויפן יידישן קיבוץ אונדזערן, האָבן אַזוי געווירקט, אַז יעדער האָט צום אַלעם ערשטן געזאָרגט וועגן ראַטעווען זיך גופא פון פיזישן אונטערגאַנג. כדי די דאָזיקע סיטואַציע צו ענדערן איז סוף יאָר 1939 פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון פראָ־גרעסיווע קולטור־טוער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קולטור־טעטיקייט, אַ האַלב־לעגאַלע און אומלעגאַלע. נאַטירלעך האָבן נישט אַלע ארבעטער־טוער געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו אַנגאַזשירן תיכף ומיד אין דער קולטור־טעטיקייט. די ערגסטע לאַגע איז געווען ביי די באַקאַנטע קאָמוניסטישע טוער, ווייל די געוועזענע אַגענטן פון דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי איבערהויפּט וויעסאלאָוו־סקי און פּיעטראָווסקי („פּיעטריק“) האָבן שטאַרק גערודפט די קאָמוניסטן בכלל און באַזונדערס די באַקאַנטע קאָמוניסטישע אַקטיוויסטן. נישט געקוקט אויף דעם האָט זיך די קולטור־אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן שוין אין די ערשטע אָקופּאַציע־חדשים. אָנהויב 1940 האָט שוין די קולטור־אַרבעט אָנגענומען אויך אַנדערע פאָרמען. די שטודירנדיקע יוגנט, יונגערע קינדער און עלטערן האָבן אָנגעהויבן קלערן וועגן נישט פאַרלירן קיין צייט. עס זענען דעמלט געווען אין טשענסטאָכאָוו 208 לערער און 7576 קינדער און יוגנטלעכע אין שול־עלטער[82] עס זענען אַנטשטאַנען אומלעגאַלע קאָמפּלעטן פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אונטער דער אָנפירונג פון זייערע געוועזענע גימנאַזיע־פּראָפעסאָרן דורכ־געמאַכט דעם ווייטערדיקן לערן־קורס. עס זענען אויך געווען גרופּן פון קינדער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם ווייטערדיקן קורס פון צלעמענטאַרער שול. פון דעם אַלעם האָבן אָבער גענאָסן בלויז קינדער פון בעסער סיטואירטע עלטערן,

וועלכע האָבן זיך געקענט דערלויבן צו צאָלן די לערער. ערגער איז געווען מיטן לערנען קינדער פון דער אָרעמקייט.

די אונטערערדישע טוער האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פֿאַרוואַנדלען די באַשפייזונג־פונקטן ביים „טאָז", פון וועלכע עס האָבן דאַן געגעסן 600 קינדער (שפעטער – 2008 קינדער) אין קינדער־קלובן, „שוויעטליצעס", ווו די קינדער זאָלן, אויסער דריי מאָל אין טאָג עסן, אויך באַקומען דערציונג און לערע. דעם מחבר, ווי אַ געוועזענעם לערער פון די „ישא"־שולן, איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט די דאָזיקע קלובן. צו דער אַרבעט אין די „שוויעטליצעס" האָבן זיך די ערשטע געשטעלט די פּרעבֿ־ליסטינס: לאה וויינבערג, רוזשקע געלבער, סאַבע גינזבערג און רבקה וואַזשעכאַ. אויסער דעם האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט העכער 60 יוגנט־לעכע, מערסטנטייל מיידלעך, וועלכע האָבן זיך מיט התלהבות און מסירת־נפש געוואָרפן אין דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט. בראש פון דער דאָזיקער גרופע יוגנטלעכע זענען געשטאַנען: סאַלאַ שיוואַק, יאַדזיאַ מאַסס, אירא שטערענזיס, די צוויי שוועסטער: פּאָליאַ און דאשא שטשעקאַטש, אַביב ראַזינע, יצחק פיינער, לילי קרישטאַל, סטעפאַ האפּטקע, רוזשע לאַנדוי, זאָשאַ אָפּאַטאָווסקאַ און די 16 יעריקע פּראשקעוויטש.

מיט זייער איבערגעגעבנקייט און טעמפּעראַמענט האָבן די יוגנטלעכע פאַרוואַנדלט די שוויעטליצעס אין אַ וואַרעמער ליכטיקער היים נישט בלויז פאַר די קינדער, וואָס זענען דאָרט באַשפּייזט געוואָרן, נאָר פאַר אַלע אָן אויסנאַם יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין טשענסטאָכאָוו.

די קינדער זענען דאָ איינגעטיילט געוואָרן אין גרופּן לויטן ניוואָ פון זייערע קענטעניש און לויט דער עלטער. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי פאָרגע־זעצט זייער עלעמענטאַרע בילדונג. עס איז אויך געפירט געוואָרן אַ קורס פון האַנט־אַרבעט. מיטן דאָזיקן קורס האָט אָנגעפירט אַ קינסטלערין, וואָס האָט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו, אַ געוויסע יונגע פרוי מענדלסאָן. כדי די נייע, יונגע, נאָך נישט דערפאַרענע דערציער זאָלן האָבן אַ געוויסן פאַכמענישן צוגאַנג צו די גענומענע אויף זיך פליכטן, פלעגן יעדן שבת פאָרקומען קאָלעק־טיווע שמועסן וועגן פּראָבלעמען פון קינדער־דערציונג, וועלכע זענען געפירט געוואָרן דורכן שרייבער פון די שורות און דורך דער פּראָפעסאָרין לאָניאַ ראָזענצווייג. אויסער דעם פלעגן זיך די נייע דערציער אויף די קאָלעקטיווע שמועסן טיילן מיט זייערע איינדרוקן פון דער וואָך אַרבעט. עס זענען אויך געפירט געוואָרן מוסטער־לעקציעס, אין וועלכע אַלע מיטאַרבעטער פון די שוויעטליצעס האָבן זיך באַטייליקט. ערשט אין יאָר 1941 האָבן איינציקע פּראָ־פעסאָרן פון דער יידישער גימנאַזיע אָנגעהויבן מיטהעלפן אין דער דערציונג־אַרבעט. פון זיי אַלע האָט זיך צוממערסטן אויסגעצייכנט די מיטאַרבעט פון לאָניע ראָזענצווייג, וועלכע האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט אירע נייע אויפ־גאַבן, אַז זי האָט שנעל געוואונען דעם צוטרוי און ליבע פון אַלע יוגנטלעכע קלוב־פירער און אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט זיי ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

דעמלט איז זי מיט דער גרעסטער צאָל יונגע דערציער און כּמעט אַלע קינדער פון די „טאָז"־טאָג־היימען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

צו די ליכטיקסטע שטראַלן אינעם פינצטערן געטאָ־לעבן האָבן געהערט די קינדער־אויפטריטן, וועלכע פלעגן פאָרקומען אומלעגאַל כּמעט יעדע צוויי חדשים. די דאָזיקע קינדער־אויפטריטן האָבן אַריינגעבראַנגט אַ שטיקל יום־טובדיקייט אינעם פאַראומערטן לעבן. די אויפטריטן פון די קינדער זענען פאָר־געקומען אין יידיש און אין פויליש. די לידער פון פּרץ, רייזן, מאַניע לייב און פון אַנדערע יידישע שרייבער, וועלכע פלעגן געזונגען ווערן אין די קינדער־קלובן און אויף די קינדער־פאָרשטעלונגען, האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין אַלע יידישע שטובן, ווו עס האָבן זיך נאָר געפונען קינדער. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קלוב־הימן.

## קלוב־הימן

קומט שנעלער, ליבע קינדער,
אין שוויצטליצע אריין צו גיין;
דאָ איז דאָך שטענדיק פריילעך,
דאָ איז דאָך שטענדיק שיין.
מיט דופטיק צאַרטע בלומען
איז דאָ אלץ באַצירט;
צו די בלויע הימלען
ווערן מיר געפירט.
מען לערנט, מען אַרבעט,
מען איז דאָ נישט אליין,
טאָ קומט זשע, ליבע קינדער,
קומט שנעל אַהער צוגיין.

עס וואַכן דאָ די לערער,
עס היט אונדז זייער בליק;
דאָ איז אונדזער היים דאָך,
דאָ איז אונדזער גליק.
אויף די שמאָלע שטעגן
ווערן מיר געהיט,
איבער דערנער־וועגן
ווערן מיר געפירט.
מען לערנט, מען אַרבעט,
מען איז דאָ נישט אליין;
טאָ קומט זשע, ליבע קינדער,
קומט שנעל אַהער צוגיין.

די אונטערערדישע טוער האָבן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט קולטור־אַרבעט פאַר קינדער, נאָר זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט קולטור־אַרבעט צווישן דערוואַק־סענע. אונטער דער אָנפירונג פון יאקוב ראזינע, אסתר ראזינע, ברענער, פישל בלומענקראַנץ, לייב סרעברניק און ישעיה באָרנשטיין איז געווען טעטיק אַ דראַ־מאַטישער קרייז און כאָר פון דערוואַקסענע, וועלכע האָבן געפירט זייער אַר־בעט אונטערן מאַנטל פון „טאָז". רעזשיסירט האָט די פרוי ראזינא און דיריגענט איז געווען סרעברניק. אינעם כאָר און אין דראַמאַטישן קרייז האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך פון 120 פרויען און מענער. די אויפטריטן זענען פאָרגעקומען אין געוועזענעם קינאָ־זאַל אַלייע נר. 12. מיט דער טעכנישער זייט פון די אַלע אימפּרעזעס האָבן זיך פאַרנומען: מאַכל בירנצווייג און נח קורלאנד. מיט דעם דעקאָראַטיוון טייל — לייבל קושניר. די אויפטריטן פון דראַמאַטישן קרייז און כאָר פלעגן פאָרקומען כּמעט יעדן חודש, מערסטנטייל מיט באַזונדערע פּראָגראַ־מען און פון צייט צו צייט אויך געמיינזאַם. די אויפטריטן זייערע האָבן אין געטאָ געהערט צו די דערהויבנסטע געשעענישן אינעם אינערלעכן געטאָ־לעבן, ווייל די טעג, ווען די אויפטריטן זייערע פלעגן פאָרקומען האָט זיך אין געטאָ גע־

פילט אַן אויפגעהייטערטקייט און יום־טובדיקייט. אויסער ערנסטע זאַכן פון אונדזערע קלאַסיקער, פלעג דער קרייז אויך אויספירן אַקטועלע בילדלעך פון יידישן לעבן אַמאָל און פון געטאָ־לעבן. די בילדלעך זענען אויפגעכאַפּט און באַאַרבעט געוואָרן דורכן טראַגיש־אומגעקומענעם יונגן טשענסטאָכאָווער דיכטער פישל בלומענקראַנץ. פון די שטאַרקסטע זאַכן, וואָס בלומענקראַנץ האָט אָנגעשריבן און איז געשפּילט געוואָרן דורכן דראַמאַטישן קרייז, איז געווען אַן איינאַקטער „זבאָנשין”, אין וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די טראַגעדיע פון אַ מאַמען, וואָס פאַרלירט איר איינציק קינד בעת אַן אויסזידלונג. הגם די פאָרשטעלונגען זענען געווען אומלעגאַל, איז דאָך דער גרויסער קינאָ־זאַל תמיד געווען איבערגעפולט. מיט גרויס בייפאַל פלעג דורכן עולם אויפגענומען ווערן ישעיהלע באָרנשטיין („טשענסטאָכאָווער דזשיגאַן” — פלעג מען אויף אים רופן), וואָס האָט מיט זיינע אויפטריטן אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַזויפיל געלעכטער, אַז מען האָט אויף אַ רגע פאַרגעסן אין דעם פינצטערן אַרום.

אונטער דער רעדאַקציע פון וואַלבערגן און ביי דער מיטאַרבעט פון קאָנאַרסקין, ראָזינערן, ברענערן, ביידע ברידער פּאָגעל און מענדל אַש האָבן די אונטערערדישע טוער אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדישע אומלעגאַלע צייטונג א״נ „ראַסטאַ” (ראַדאַ סטאַרשיך). מיט דער טעכנישער זייט פון דער דאָזיקער אויסגאַבע האָבן זיך פאַרנומען: שרה כליוונער (פון דער היים — אָקרענט), מאָטעק קושניר, דאַטנער (אַן איידעם פון דער פאַמיליע פּאָגעל) און עוזר בלעכשטיין. מיט דער קינסטלערישער זייט פון די אילוסטרירטע אויסגאַבעס האָט זיך פאַרנומען לייבל קושניר. אין דער „ראַסטאַ” האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, די גרויזאַמע טעטיקייט פון געשטאַפּאָ, שוץ־פּאָליציי און שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט, ווי אויך די טרויעריקע ראָל פון יודענראַט און פון דער יידישער פּאָליציי.

פון די אילוסטרירטע אויסגאַבן איז ווערט צו דערמאָנען די „קאַריקאַטורן־ראַסטאַ”: 1) „האָלד זשידאָווסקי” מיטן פּאָרזיצער פין יודענראַט אויפן טראָן און אַלע יודענראַטלער מיט זייערע געטרייע באַאַמטע שווערן אים אונטערטעניקייט. אין פאָדערגרונט טראָגט איין באַאַמטער אַ פאָן מיטן אויפשריפט: „סאַלוס ראסטא סופרעמא לעקס עסט”. (דאָס געזונט פון יודענראַט איז אויפן ערשטן אָרט). 2) פלעשער בראָנפן פאַרקאָרקעוועט מיט פּאָליציי־היטלען און פון יעדער פלאַש קוקט אַרויס אַן אַנדערער יודענראַטלער, וואָס פלעג זיך לאָזן ווילגיין אין די פּרעס־לאָקאַלן. 3) „האָקוס־פּאָקוס”: דער קאַסירער פון יודענראַט וואַרפט פּאַפּירלעך אין דער לופט, די פּאַפּירלעך ווערן פאַרוואַנדלט אין געלט, וואָס פאַלט אַליין אַריין צו אים אין קעשענע. 4) „איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געטאַנצט” — אַ קאַריקאַטור, ווי דער ד״ר זאנדשטיין טאַנצט פאַר די יידן פון יודענראַט (זאָנדשטיין האָט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו, לאַנגע יאָרן שטודירט און פּראַקטיצירט אין דייטשלאַנד, שטאַרק געהאַלטן פון זיך און פון זיינע מעדיצינישע קענטעניש, שטאַרק זיך געחנפעט צום יודענראַט און אים צוגעהאָלפן אין זיינע אַקציעס קעגן „טאָז”). 5) „קאַרטאָפל” — וואַגאָנען קאַרטאָפל אויף דער ראַמפּע, מאַסן אויסגעהונגערטע שטייען פון ווייטן מיט ליידיקע זעק און

קוקן מיט בעטנדיקע אויגן אין דער ריכטונג פון די פולע וואַגאָנען מיט קאַר-טאָפל, ביי וועלכע עס שטייט דער געוועזענער באַנק-דירעקטאָר פּרושיצקי, איצטיקער אַפּראָוויזאַציע-רעפערענט ביים יודענראַט. ער שאַרט אונטנאָרום מיט אַ לאָפּעטע די זעק, וועלכע עס האַלטן יודענראַטלער. פון זיין מויל ציען זיך ווערטער אין דער ריכטונג פון אויסגעהונגערטן עולם: „פאַר אייך איז קיין קאַרטאָפל איצט נישט פאַראַן!" 6) אַ הונט מיט אַ קאָפּ פון יודענראַט-קאַסי-רער. אַנטקעגן אים — וואלבערג מיט אַ „טאָז"-אָפּצייכענונג און אין דער האַנט אַ בריוו וועגן סובווענץ. פון קאַסירערס מויל ציען זיך ווערטער אין דער ריכ-טונג פון וואַלבערגן: „אַ יאַק ניע דאַם, טאָ נאַפּישעש דאָ ראַסטאַ?" (אויב איך וועל נישט געבן, וועסטו באַשרייבן אין דער ראַסטאַ?). 7) „דעמאַטאָלאָגישער קאַבינעט ביים טאָז" — וואלבערג זיצט אויף אַ דאָקטאָרישן פּאָטעל, אַנטקעגן אים שטייט אַלס פּאַציענט דער יודענראַטלער, אַדוואָקאַט יערעמי גיטלער מיט אויסגעשטרעקטע הענט פול געשווירן. פון וואלבערגס מויל ציען זיך ווערטער אין דער ריכטונג פון גיטלערן: „די דאָזיקע הענט וועלן שוין קיינמאָל נישט זיין ריין!" 8) „אָוונט-תפילה" — ד"ר קאַצינעל (דעמלטדיקער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, וועלכער האָט געשמט מיט זיין שלעכטער באַציונג צו דער יידישער באַפעלקערונג) שטייט אויף די קני און מיט אַ רחמנות-פּנים קוקט ער צום בילד פון אַ פרוי, וואָס הענגט ביי אים אין שלאָף-שטוב. 9) „רוימי-שע רעכט" — אַ קאָדעקס-בוך אַרומגענומען מיטן קערפּער פון אַ שלאַנג, וואָס האָט דעם קאָפּ פון אָרגאַניזאַציע-שעף ביים יודענראַט, פּאָהאָרילע. די פּראָ-יעקטן פון אַלע קאַריקאַטורן זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער רעדאַק-ציע, באַאַרבעט האָט זיי וואלבערג, געצייכנט און נאָכדעם פאָטאָגראַפירט אין צענדליקער עקזעמפּליאַרן האָט לייב קושניר, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן דער-ביי אַ סך פאַר-ינטערעסירונג און טאַלאַנט. ביים פאַרשפּרייטן די „ראַסטאַ" האָבן מיטגעהאָלפן 2 פּאָליאַקן: אַ געוויסער קאָזלאָווסקי, וועלכער האָט די פאַר-טיקע עקזעמפּליאַרן אויסבאַהאַלטן ביי זיך אויסערן געטאָ, און אַ געוויסער קרוי-זעל, וואָס פלעג די פאַרטיקע עקזעמפּליאַרן אָפּנעמען ביי קאָזלאָווסקין, אַוועק-פירן זיי קיין וואַרשע און פון דאָרט אויף פּאָסט איבערשיקן אין פאָרם פון בריוו אויף די אַדרעסן, וואָס זענען אים אָנגעוויזן געוואָרן.

אַ שיינעם צושטייער אויפן געביט פון קולטור-אַרבעט האָט אויך געבראַכט דער „אַרבעטער-ראַט", וועלכער האָט אַ געוויסע צייט געפירט אַ באַזונדערע קולטור-טעטיקייט צווישן זיינע מיטגלידער. דער ראַט האָט אָפט איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, רעפעראַטן און חברים-שמועסן. ביים אַרבעטער-ראַט איז אַ געווי-סע צייט געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער פאַכמענישער אָנ-פירונג פון מאַקס כראַפּאַרט און אָרבאַך (ביידע זענען אויך פאַר דער מלחמה געווען טעטיק אויפן געביט פון דראַמאַטישע קרייזן אין טשענסטאָכאָוו), וועל-כע זענען גלייכצייטיק געווען טעטיק אין דראַמאַטישן קרייז ביים „טאָז". דער דראַמאַטישער קרייז ביים אַרבעטער-ראַט איז אויפגעטרעטן מיט „דאָס גרויסע געווינס" און זיך שפּעטער צוזאַמענגעגאָסן מיטן אַלגעמיינעם קרייז, כדי צו פאַרשטאַרקן די אַלגעמיינע קולטור-אַרבעט.

אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויפֿן קולטור-לעבן אין געטאָ האָט געהאַט די ביבליאָטעק, וואָס איז געפֿירט געוואָרן בחדרי-חדרים. די ביבליאָטעק האָט געציילט אַן ערך פֿון 25.000 ביכער און איז אין חודש פֿעברואַר 1940 איבערגעשמוגלט געוואָרן פֿון דער צווייטער אַלייע נר. 20 אויף נאַדזשעטשנאַ-גאַס צו דער ביבליאָטעקאַרין רייזעלע בערקנשטאַט, וועלכע האָט זיך פֿאַרנומען מיטן אַרויסגעבן ביכער פֿאַר הונדערטער לייענער, גרופּן און דראַמאַטישע קרייזן ביז דעם חודש יולי 1941, ווען זי איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און די ביבליאָטעק איז צוגענומען געוואָרן.

די אויפֿטריטן פֿון די דראַמאַטישע קרייזן, פֿון די קינדער און פֿון כאָר האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אין געטאָ. כדי צו האַמעווען די דאָזיקע קולטור-אַרבעט און עס זאָל נישט אַרויסרופֿן קיין נייע פֿאַרביטערונגען קעגן יודענראַט, האָט דאָס פּרעזידיום פֿון יודענראַט געפֿאָדערט, אַז פֿאַר יעדן אויפֿטריט הן פֿון די דערוואַקסענע, הן פֿון די קינדער זאָל אים ווערן צוגעשטעלט דאָס מאַטעריאַל צום צענזורירן. חוץ דעם האָט דאָס פּרעזידיום באַשלאָסן צו לעגאַליזירן ביי דער דייטשער מאַכט אייגענע קולטור-אַרבעט צווישן די יידן אין געטאָ.

צום אַלעם ערשטן האָט זיך דער יודענראַט געוואָנדן צום שטאָט-הויפּטמאַן וועגן אַ דערלויבעניש צו פֿירן שפּראַך-קורסן פֿאַר יוגנטלעכע אין עלטער פֿון 14 ביז 18 יאָר. דער שטאָט-הויפּטמאַן האָט דערלויבט און דער יודענראַט האָט דעם 9-טן דעצעמבער געעפֿנט אַ טישלער און שלאָסער-קורס פֿאַר מענער און אַ שניידער-קורס פֿאַר פֿרויען. די לימודים אויף טישלער און שלאָסער-קורס האָבן זיך אָנגעהויבן ערשט דעם 16-טן מערץ 1941 ביי אַ צאָל פֿון 46 צוהערער און דער שניידער-קורס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ערשטער העלפֿט מאַי 1941 ביי אַ צאָל פֿון 37 צוהערערינס. די דערמאָנטע קורסן האָבן זיך געפֿירט אונטער דער לייטונג פֿון פּשיסוסקין. קיין אריכת-ימים האָבן די קורסן נישט געהאַט, זיי האָבן זיך געפֿירט אַן ערך פֿון 4 חדשים, עס זענען דורכגעפֿירט געוואָרן אָפֿיציעלע עקזאַמינעס און די קורסן האָבן זיך געשלאָסן. די סיבות, וואָס האָבן דערפֿירט צו שליסן די קורסן, זענען געבליבן אַ סוד בלויז פֿון אַ טייל יודענראַטלער. דער יודענראַט האָט אויך פּרובירט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו פֿירן אַ יידיש טעאַטער. דעם 5-טן יולי 1941 ווענדעט זיך קאַפּינסקי מיט אַ שריפֿטלעכער ביטע צום שטאָט-הויפּטמאַן וועגן אַ דערלויבעניש אויף טעאַטער - פֿאָרשטעלונגען און קאָנצערטן. די ביטע איז מאָטיווירט מיט דעם, וואָס „אין טשענסטעכאָוו געפֿינט זיך זייט דעם קריג-אויסברוך אַ גרעסערע צאָל שוישפּילער, מוזיקער און זינגער, וועלכע לעבן אין נויט און האָבן נישט קיין אַנדערע באַשעפֿטיקונגען. די פֿאָרשטעלונגען און קאָנצערטן וועלן דינען ווי אַ הכנסה-קוואַל פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון יודענראַט”[83]. אויף דעם קומט פֿון ווענדלערן דעם 22-טן יולי דער פֿאָלגנדיקער ענטפֿער: „די ביטע ווערט אָפּגעוואָרפֿן. די שוישפּילער, מוזיקער און זינגער זאָלן זוכן אַנדערע באַשעפֿטיקונגען, זייערע ביז איצטיקע באַשעפֿטיקונגען קומען מער נישט אין באַטראַכט!” דעם 9-טן יאַנואַר 1942 האָט דער יודענראַט נאָכאַמאָל געמאַכט אַן ענלעכע ווענדונג, אָנווייזנדיק, אַז אַזעלכע אונטערנעמונגען

וועלן פאַרלייכטערן דעם יודענראַט צו שאַפן מיטלען פאַר אונטערשטיצן קינדער און אַנדערע נויטליידנדיקע[84]. באַקומענדיק ווידער אַן אָפּזאָג, האָט דער יודענראַט רעזיגנירט פון דעם געדאַנק איינצואָרדנען אימפּרעזעס.

אין דער זעלבע צייט, ווען דער יודענראַט באַמיט זיך וועגן דערלויבענישן ביי די דייטשן און אַטאַקירט דעם „טאָז" אויף אַלע געביטן פון זיין טעטיקייט, עפנט דער „טאָז" דריי מאָל 3-חדשימדיקע סאַניטאַר - קורסן, מיט וועלכע עס פירט אָן דאָקטאָר וואלבערג. דעם ערשטן באַזוכן 50 צוהערער, דעם צווייטן קורס באַזוכן 54 צוהערער און דעם דריטן — 100. דער לעצטער קורס האָט זיך פאַרענדיקט אין חודש מערץ 1941. דער יודענראַט פּרובירט צו קאָנקורירן און וויל עפענען אַ ציין-טעכניקער-קורס מיט דער מיטהילף פון „זשעט-עס-עס", אָבער ער בלייבט בלויז ביים פּרווו.

די יוגנט און די אָנפירונג פון די „שוויעטליצעס" פאַרשטאַרקן אויך זייער טעטיקייט. עס קומען פאָר אָפטערע אינערלעכע קינדער-פאַרווייליונגען אין די „שוויעטליצעס" גופא און עפנטלעכע אויפטריטן מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט. צווישן אַנדערע איז אויפגעפירט געוואָרן אַ קינדער - אָפּערע „ליאַלקעס", אין וועלכער עס ווערט איבערגעגעבן, ווי אַזוי ליאַלקעס רעוואָלטירן קעגן די „שטריקל-ציער". די דאָזיקע פאָרשטעלונג, וואָס האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אין געטאָ, האָט אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג אין די קרייזן פון „יודענראַט".

נישטאָ קיין איין עפנטלעכער קינדער-אויפטריט, וואָס זאָל זיך נישט אָנהויבן מיטן אַדורכמאַרשירן פון הונדערטער קינדער מיטן געזאַנג „מיר קומען אָן". די טעטיקייט ווידער פון דראַמאַטישן קרייז און כאָר ווערט אויך אינטענסיווער. יעדער, וואָס קען ברענגען עפּעס אַ צושטייער, שטעלט זיך גערנוויליק אַליין צו דער דאָזיקער אַרבעט. עס מעלדט זיך צווישן אַנדערע אַ יונגער בחור יאַקובאָוויטש, אַ פּליט פון וואַרשע (זיין פאָטער איז ביזן אויסברוך פון קריג געוועז אַ בילעטער אין „קאַמינסקי"-טעאַטער), וועלכער ווייזט אַרויס טאַלאַנט און ווערט שנעל איינער פון די וויכטיקסטע זיילן אין קרייז. (נאָך דער ליקווי-דאַציע פון געטאָ איז יאַקובאָוויטש געבליבן לעבן, אַריבער אין „קליינעם געטאָ" און געוואָרן אַ באַזינגער פון אונדזער גרויסער טראַגעדיע. ער האָט זיך אַליין אויסגעלערנט שרייבן יידיש, אַליין אַלץ באַשריבן, אַליין צוגעפּאַסט מעלאָדיעס צו זיינע לידער און אויף אייגענער איניציאַטיוו דורכגעפירט ליטעראַרישע-אָוונטן.)

עס טרעטן אַריין אין כאָר מיטגלידער פון דעם אַמאָל געוועזענעם כאָר ביי דער „ליראַ", ווי: העניק עדעליסט מיט זיין יונגן זון, לודוויג; עס הילכט ווייטער דער שטאַרקער באַס פון גוט באַקאַנטן אַלטן זינגער גראַבינער. עס טרעטן אויף יונגע סאָליסטן און סאָליסטינס, פון וועלכע עס טיילן זיך אויס מיט זייערע פעיקייטן: די טאָכטער פון שניידער ברוך באַום, די 18 יעריקע גוטע, וועלכע ווערט דער ליבלינג פון עולם, ראָמאַ נאָדעלבערג פון לאָדזש, פאָזנאַנסקאַ — אַן אייניקל פון רב נחום אַש, און סלאַווקא זיטענפעלד. אַ סך פון די יוגנטלעכע האָבן נישט געקענט קיין יידיש, זיי האָבן זיך אָבער אויס-

געלערנט און ווירדיק דערפילט די פליכטן, וואָס זיי האָבן גערן אויף זיך גענומען. אויך די באַקאַנטע פּיאַניסטין־לערערין אין טשענסטאָכאָוו, די אַסימי־לירטע וואַנדאַ קאַפּיעצקאַ, האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון „טאָז". זי איז אַליין אויפגעטרעטן מיט קאָנצערטן און צוגעגרייט אירע געוועזענע שילערינס צו עפנטלעכע אַרויסטריטן. פון צווישן אירע געוועזענע יונגע שילערינס האָט זיך צוממערסטן אויסגעצייכנט די טאַלאַנטפולע פּיאַניסטין, גליקסמאַן (די פריילין גליקסמאַן האָט געהאַט די מעגלעכקייט, אַדאַנק איר אויסערלעכן אויסזען, זיך אויפצוהאַלטן נאָך דעם גירוש אין וואַרשע אויף דער „אַרישער" זייט, נעמען אַנטייל אין די מיליטערישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, און נאָכן באַפרייען טשענסטאָכאָוו, האָט זי אַלס אָפיציר פון דער קאָשטשושקאָ־דיוויזיע אַריינמאַר־שירט קיין טשענסטאָכאָוו).

אויסער דער געמיינזאַמער קולטור־אַרבעט, האָבן נאָך הן די קאָמוניסטן, הן די בונדיסטן און הן די לינקע ציוניסטישע גרופּירונגען געפירט באַזונדערע פּאָליטישע און קולטור־אַרבעט צווישן זייערע חברים און סימפּאַטיקער. די דאָזיקע אינטענסיווע קולטור־אַרבעט אויף אַלע געביטן האָט אַרומגעכאַפּט דעם רוב פון דער באַפעלקערונג אין געטאָ און האָט וואָס ווייטער זיך געהאַלטן אין איין אויסברייטערן.

דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942 איז אָנגעקומען דאָס גרויסע אומגליק פון גירוש, אַלץ איז איבערגעריסן געוואָרן און דער קולטור־בנין איז חרוב געוואָרן צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו.

## די אונטערערדישע באַוועגונג אין געטאָ

טשענסטאָכאָוו איז געווען פון די געציילטע שטעט אין פּוילן, ווו עס איז נאָכן קריג־אויסברוך געבליבן אַ באַדייטנדיקע צאָל פּאָליטישע אַקטי־וויסטן פון אַלע ריכטונגען. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די אַרבעטער־אַקטיוויסטן זענען צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן אַן אונטערערדישע טעטיקייט, וואָס האָט אַריינגעצויגן נישט בלויז פּאַרטיי־לייט, נאָר אויך אַסך אומפּאַרטיי־אישע און דער עיקר — יוגנטלעכע.

אין ערשטן פּעריאָד האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען געפירט זייערע אַרבעט סעפּאַראַט. די טעטיקייט פון די קאָמוניסטן איז געווען באַזונדערס באַשווערט צוליב דער נעץ, וואָס אַגענטן פון דער געוועזענער פּוילישער געהיים־פּאָליצײ האָבן אָנגעהויבן אויסשפּירייען איבער קאָמוניסטישע טוער, וועלכע זענען דורך זיי געהאַלטן געוואָרן אויפן אויג נאָך אין די סאַנאַציע־צייטן. דער ערשטער קאָמוניסטישער קרבן זייערער איז געווען לייזער סילמאַן. אין די יידישע אַר־בעטער־קרייזן איז סילמאַן געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „גאַנדי". סילמאַן איז יאָרן־לאַנג פאַרשוואַרצט געוואָרן אין די סאַנאַציע־תּפיסות און נאָכדעם אין בערעזע־לאַגער פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון קאַרטוז־בערעזע איז ער ווייטער געווען אַקטיוו. שוין אין די ערשטע טעג

פון סעפטעמבער 1939 איז ער אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ דייטשן קאָנצענטראַציע-לאַגער.

פיל קאָמוניסטישע טוער זענען, צוליב דער נעץ, וואָס איז ארום זיי אויסגעשפּרייט געוואָרן, געווען געצוווּנגען זיך אַ געוויסע צייט אויסצובאַהאַלטן און נאָכדעם פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו. צווישן אַנדערע האָט דאָס זעלבע געמוזט טאָן דער באַקאַנטער קאָמוניסט אינזשיניער לייבוש פראַנק.

דאָך, נישט געקוקט אויפן שווידערלעכן טעראָר, האָבן זיך די קאָמוניסטן אָרגאַניזירט. די פּיאָנערן פון דער באַנייטער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין אונטערערד זענען: דער אַלטער מיטגליד פון ס.ד.ק.פּ.ל. מאַקס אָפּאַטאָווסקי, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער שניידער-אַרבעטער-פאַריין, ווייטער דער שניידער-אַרבעטער סרול דרעקסלער, דער מאָלער-אַרבעטער יאַנקל ווײַנריב און א. שטיינבערכער — אַלע אַלטע קאָמוניסטן. צוזאַמען מיט זיי טרעטן צו נאָך אַ סך אַנדערע. אָנהויב 1942 באַקומען זיי דורך דעם פּוילישן קאָמוניסט אימיאַלעק אַ קאָנטאַקט מיט דער ניי-אַנטשטאַנענער פּוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.) און טרעטן צו צו פאַרשפּרייטן די פּפּרישע אָבליגאַציעס „דאַר נאַראָדאָווי", צו זאַמלען געלט אויפן צוועק פון פירן דעם אַקטיוון קאַמף קעגן אָקופּאַנט.

די בונדיסטן זענען אויך פרי צוגעטרעטן צו אַ טעטיקייט. די ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו פאַרברענען דעם אַרכיוו. בעתן פאַרברענען איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפה אין לאָקאַל אויף פּילסודסקי-גאַס 17. עס געדויערט נישט לאַנג און דער לאָקאַל שטייט שוין אין פלאַמען. עס יאָווען זיך פייערלעשער און דייטשן, וועלכע שטילן איין די פלאַמען, אָבער פון די אַרכיוון איז שוין נישט געבליבן קיין זכר.

אין חודש נאָוועמבער 1939 האָט אַ גרופּע בונדיסטן, צוקונפטיסטן און סקיפיסטן זיך פאַרזאַמלט אויפן יידישן בית-עלמין, זיך פונאַנדערגעטיילט אין קלענערע גרופּן און באַשטימט, אַז מיט דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט זאָל אָנפירן אַ פּאַרטיי-קאָמיטעט. בראש פון יעדער באַזונדערער גרופּע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ מיטגליד פון פּאַרטיי-קאָמיטעט. די צווייטע און שוין די לעצטע גרעסערע פאַרזאַמלונג פון בונדיסטן איז פאָרגעקומען אויפן זעלבן אָרט אין פעברואַר 1940 (די ערשטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען נאָכן ברענגען צו קבורה דעם טראַגיש אומגעקומענעם צוקונפטיסט, מיכאל שימקאָוויטש און די צווייטע — בעתן ברענגען צו קבורה דעם אַלטן בונדיסט, דעם שניידער-אַרבעטער, משה-לייב שימקאָוויטש, וועלכער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט). אויף דער צווייטער פאַרזאַמלונג איז צווישן אַנדערע באַשלאָסן געוואָרן איבערצושמוגלען די גרויסע ביבליאָטעק פון דער „קולטור-ליגע" פון אַלייע 20 אויף נאַדזשעטשנאַ-גאַס 24 צו דער ביבליאָטעקאַרין רייזעלע בערקנשטאַט און דאָרט אָנהויבן פירן די ביבליאָטעק אומלעגאַל. אין משך פון 2 טעג איז דער דאָזיקער פּלאַן אויסגעפירט געוואָרן און די ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן באַדינען הונדערטער לייענער און שפּעטער אויך די דראַמאַטישע קרייזן.

אין יוני 1940 האָט די געשטאַפּאָ פאַרשאַרפט אירע זוכענישן פון אַרבעטער-טוער לויט אַ רשימה, וואָס די געשטאַפּאָ האָט אויף איר אויפפאָדערונג

געקראָגן פון יודענראַט. דעם 30־טן אַפּריל 1941 בייגאַכט האָט זיך די געשטאַפּאָ און זשאַנדאַרמעריע אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן פון געטאָ מיט אַ גענויער רשימה פון קאָמוניסטישע טוער און דורכגעפירט גרויסע אַרעסטן. עס זענען דעמלט אַרעסטירט געוואָרן צענדליקער קאָמוניסטן צוזאַמען מיט זייערע פּאַ־מיליע־מיטגלידער. דאָרט, וווּ מען האָט די געזוכטע נישט געטראָפן, האָט מען צוגענומען זייערע משפּחה־מיטגלידער. אויפצומאָרגנס זענען אַלע אַרעסטירטע אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, פון וואַנען קיינער האָט זיך שוין נישט צוריקגעקערט. צווישן אַנדערע זענען דאַן אומגעקומען: אייניקע פון דער באַקאַנטער פאַמיליע דזאַלאָווסקי, דער פאָטער פון מאיר טענענבוים (מאיר טע־נענבוים איז יאָרן געזעסן פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. אין טשענסטאָכאָווע איז ער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאיאָרעק". ער איז אומגעקומען אין וואַרשע, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויף „אַרישע" פּאַפּירן). די קאָמוניסטישע יוגנט־טוערין און אַקטיווע מיטאַרבעטערין פון „מאָפּר" פאַליאַ טענענבוים (אויך איר פאָטער און שטיף־מוטער, וועלכע האָבן בעתן אַרעסט „געוואַגט" צו בעטן פאַר איר, זענען אין איינוועגס מיטגענומען געוואָרן און שוין צוריק קיינמאָל נישט געקומען), דער דעמאָקראַטישער טוער יצחק זשאַנשינסקי, גרונם פראַנק (אַ פּע־טער פון קאָמוניסטישן טוער לייבוש פראַנק), ביי וועמען לייבוש פראַנק האָט זיך אויפגעהאַלטן. דער אַרבעטער־טוער יצחק אָפּאַטשינסקי (פאַר דער מלחמה ערשט אַרויס פון תּפיסה נאָכן אָפּזיצן אַ שטראָף פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט), נאָך אַ ריי קאָמוניסטן מיט זייערע נאָענטע פאַמיליע־מיטגלידער און אויך דעם געוועזענעם ראַטמאַן פון די ל. פּ. צ., זשאַרנאַוועצקי.

כּדי צו קאָאָרדינירן די אונטערערדישע טעטיקייט, זענען פון צייט צו צייט פאָרגעקומען צווישן־פּאַרטייאישע קאָנפערענצן. צוויי אַזעלכע קאָנפערענצן זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1940: איינע אין הויז פון „מחזיקי־הדת" אויף נאַדזשעטשנע־גאַס און די צווייטע אין לאָקאַל פון „טאָז" אויף בערקא־יאָסעלע־וויטשא־גאַס 3. אין חודש אויגוסט 1941 איז אין גאָרטן פון דער געווע־זענער י. ל. פּרץ־שול אויף קרוטקע־גאַס נר. 22 ווידער פאָרגעקומען אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל טראָגן אַ מיליטע־רישן כאַראַקטער. צו קיין פאַרשטענדיקונג אויף דעם געביט איז נישט געקומען.

די טעטיקייט פון „בונד" איז אין חודש יולי 1941 איבערגעריסן געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט צוליבן דורכפאַל פון דער קוריערין פון בונדישן צ. ק. אין וואַרשע, מאַריאַ שטשענסנא, וועלכע האָט באַזאָרגט מיט אינסטרוקציעס און ליטעראַטור די בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון גאַנצן ראַדאָמער דיסטריקט. שטשענסנאַ איז אין דער ערשטער העלפט פון חודש יולי 1941 אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פּיאָטרקאָווער באַן־סטאַציע. אין שייכות דערמיט זענען פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן. צווישן די אַרעסטירטע איז געווען מאָטעק קושניר, וועלכער איז אָבער אַנטלאָפן. עס זענען אויפן אָרט אַרעסטירט געוואָרן 5 יונגע מענטשן אַלס ערובניקעס, ביז מאָטעק וועט זיך אַליין צושטעלן, אָדער ביז דער יודענראַט וועט אים צושטעלן.



רייזעלע בערקענשטאַט



יצחק זשאָנשינסקי



פאָליאַ טענענבוים



יצחק אָפּאָטשינסקי

צווישן די דאָזיקע אַרעסטירטע זענען געווען באַקאַנטע „טאָז״ - באַאַמטע: אַביב ראזינע (דער זון פון יאַקוב ראַזינע, אַקטיווער מיטאַרבעטער אין די טאָג-היימען ביים „טאָז״ און אין „קליינעם געטאָ״, אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער קאַמף-גרופּע פון נאַדזשעטשנאַ 66), דזשוניע ראָזען (אַקטיווע מיטאַרבע-טערין אין דער אָפּטיילונג פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג ביים „טאָז״, אַ טאָכטער פון באַקאַנטן דאָקטאָר ראָזען אין טשענסטאָכאָוו) און מאַריאַן קאנגרעצקי (אַ זון פון קינדער-וועגעלעך-פאַבריקאַנט, קאָנגרעצקי, אין טשענסטאָכאָוו). אַלס ערובניקעס זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן: לייבל קושניר און חיה קושניר (דער ברודער און מוטער פון מאָטעקן).

מאָטעק האָט זיך נאָך דעם זעלבן טאָג געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון פּאַרטיי-קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַראָרדנט, ער זאָל וואָס שנעלער פאַר-לאָזן טשענסטאָכאָוו. אין דער זעלבע צייט טיילט מיט דער יודענראַט, אַז די געשטאַפּאָ פאָדערט פון אים, ער זאָל צושטעלן מאָטעקן, אויב נישט וועלן אַלע ערובניקעס דערשאָסן ווערן. עס קומט פאָר אַ צווייטע זיצונג פון בונדישן פאַרטיי-קאָמיטעט אין דער וווינונג פון דער פאַמיליע ראזינע אויף וואַרשע-ווער נר. 8. מאָטעק אַליין באַטייליקט זיך אויך אין דער דאָזיקער באַראַטונג. זיין פרוי רבקה וואַרט אָפּ אין דרויסן אויף דעם באַשלוס, וואָס דאַרף דעצי-דירן וועגן לעבן, אָדער טויט פון איר נאָענטסטן. אויף דער באַראַטונג ווערט דיסקוטירט צי מען דאַרף אַרויסגעבן אַן אקטיוון טוער, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַנדערע. עס שטייט אויך די פראַגע, צי דער קאָמיטעט האָט רעכט צו דיספּאָנירן מיטן לעבן פון אַ חבר, צי די געשטאַפּא וועט האַלטן וואָרט דאַן, ווען זי וועט שוין אפילו האָבן דעם פאַרלאַנגטן קרבן? אַלע זענען אָנגע-שטרענגט און קיינער וואַגט נישט אַרויסצוזאָגן אַזוי שנעל זיין מיינונג, מען פילט זיך עפּעס שולדיק הן לגבי דעם, וואָס זיצט איצט דאָ, הן לגבי די, ווע-מענס לעבנס עס געפונען זיך איצט אין די הענט פון געשטאַפּאָ. מאָטעק דערקלערט, אַז ער איז גרייט זיך אַליין צוצושטעלן צו דער געשטאַפּאָ, כדי די ערובניקעס זאָלן בלייבן לעבן. אַלע, וואָס נעמען אָנטייל אין דער דאָזיקער באַראַטונג פאַרזיכערן אים, אַז מען וועט אַלץ טאָן, כדי אים אַרויסצוראַטעווען פון די מערדערס הענט. מען פילט, אַז עס ווערט באַגאַנגען אַ שווערער פע-לער, אַז דאָס איז אַ פאַלשער און שעדלעכער באַשלוס. מאָטעק פאַרלאָזט די זיצונג. זיין פרוי און חברים גייען נאָך פון ווייטן. מאָטעק שפּאַנט לאַנגזאַם, שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סעקונדע, ווי ער וואָלט מיט זיך אַליין געהאַט עפּעס אַ ישוב-הדעת, קוקט זיך אַרום, מאַכט עטלעכע שנעלע טריט, ווי ער וואָלט אונטערגעלאָפן און הויבט ווייטער אָן צו גיין לאַנגזאַמער אין דער ריכטונג פון קילינסקי-גאַס. דאָ געפינט זיך די געשטאַפּאָ, פון דאַנען קומט זעלטן ווער אַרויס צוריק. דעם זעלבן טאָג נאָך האָט די געשטאַפּאָ מאָטעקן איבערגעפירט אין תפיסה אַריין אויף „זאַוואַדזיע״ און אויפצומאָרגנס זענען די ערובניקעס אַרויס אויף דער פריי. מאָטעק ווערט צוזאַמען מיט דעם פאָרפּאָלק משה און רייזעלע בערקנשטאַט אַלע אינדערפרי געפירט מיט אַ געשטאַפּאָ-אויטאָ פון תפיסה אין געשטאַפּאָ אַריין אויף אַ „פאַרהער״, וואָס דויערט אַ גאַנצן טאָג

און פאַרנאַכט ווערן זיי צוריק געפירט אין תפיסה אַריין. דערווייל מעלדעט דער יודענראַט די נייע פאָדערונג פון געשטאַפּאָ, אַז עס מוז צוגעשטעלט ווערן דער אַלטער אַלעבאַרדי, אַ בונדיסט, זיידע פון אַ קאָמוניסטישן טוער. אין פאַל די פאָדערונג וועט נישט ווערן דערפילט, וועלן אַנדערע 10 יידן געשאָסן ווערן. אין אַ צימער פון „מחזיקי הדעת" קומט פאָר אַ באַראַטונג פון בונדישן פאַרטיי-קאָמיטעט. אַלבאַרדי אַליין באַטייליקט זיך אויך אין דער באַראַטונג. אַלע שווייגן, אַלבאַרדי שווייגט אויך. עס דריקט אַ שווערע לאַסט: וואָס טוט מען? ווער קען וויסן, ווי לאַנג די געשטאַפּאָ וועט מיט שאַנטאַזש ציען די קייט פון קרבנות? ווער ווייסט, ווי לאַנג די געשטאַפּאָ וועט שאַנטאַזשירן מיט קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט? די באַראַטונג ציט זיך שעהן גאַנצע, אַלע פאַרשטייען, אַז דאָס פריערדיקע מסכים זיין, אַז מאָטעק זאָל זיך צושטעלן איז געווען אַ שווערער פעלער און עס ווערט באַשלאָסן מער נישט איבערצו-חזרן אַזאַ טראַגישן טעות. אַלעבאַרדי ווערט אַוועקגעשיקט קיין ראַדאָמסק און פון דאָרט לאָזט ער זיך צופוס קיין פּיאָטרקאָוו, פון וואַנען חברים שיקן אים איבער קיין וואַרשע, ווו ער ווערט איינגעאָרדנט אַלס אַרבעטער אין אַ פּאָלקס-קיך. אויך פענסטערבלוי, וועמען די ראַדאָמער געשטאַפּאָ האָט געזוכט אין טשענסטאָכאָוו, האָט פאַרלאָזט זיין באַהעלטעניש אין טשענסטאָכאָוו און אַנ-טלאָפן קיין וואַרשע.

דאָס פאָרפאָלק בערקנשטאַט און מאָטעק פלעגן אין געשטאַפּאָ אַלע טאָג ווערן געקאַטעוועט מיט שטעקענעס און קאַנטשעק אַזוי לאַנג ביז זיי זענען גע-פאַלן אין חלשות. דאַן פלעגט מען זיי באַגיסן מיט עמערס וואַסער און די „אויספאָרשונג" אָנהויבן אויפסניי. ביי די מענער האָט זיך דער טאָג פיין פאַר-ענדיקט מיט דעם, וואָס מען פלעגט זיי געבונדענע אַרונטערלייגן מיט די קעפּ אונטער אַ קראַן פון דער וואַסערלייטונג אַזוי, אַז יעדע פּאָר סעקונדן זאָל אַטראָפּ וואַסער אַ טריף טאָן אויפן מיט פון קאָפּ. ביי רייזעלען ווידער פלעגן די פייני-קער פאַרענדיקן די „אויספאָרשונג" מיט איינקלעמען איר די ברוסטן מיט טירן פון אַ שאַנק. נאָך עטלעכע אַזעלכע „פאַרהערן" זענען שוין אַלע 3 געלעגן אין זייערע תפיסה-צעלעס צעבראָכענע, קראַנקע און אָן באַוועגונג אַן ערך פון 2 וואָכן. אין משך פון די דאָזיקע צוויי וואָכן האָבן זיך מיט זיי פאַרנומען פוילישע לערער, וועלכע האָבן נאָך פריער מיטגעמאַכט דאָס זעלבע און איצט געוואַרט אויף זייער ריי אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין אָשוויענטשים. די דאָזיקע לערער האָבן אַלץ געטאָן, וואָס עס איז געלעגן אין זייער כוח אַלס אַרעסטאַנטן, כדי די 3 צע-קאַטעוועטע צוריק צוברענגען צו די כוחות. דערווייל האָט זיך איינגעגעבן איבערצוקויפן צוויי געשטאַפּאָוצעס פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, אָטאָ און זייער, וועלכע האָבן געזוכט הערשל פראָזערן. יעדער פון זיי האָט באַקומען צו איין פּאָר נייע שטיוול, צו צוויי אַנצוגער און מלבושים פאַר זייערע קינדער. הערשל איז גענומען געוואָרן אין געשטאַפּאָ אריין, ווו ער האָט באַקומען בלויז געשלאָגן און מען האָט אים נאָכדעם פון דאָרט ארויסגעוואָרפן אַלס „דומער יודע". לייב קושניר האָט ווידער איבערגעקויפט אַ געשטאַפּאָוויעץ ווילי קרעבס, דורך וועלכן מען האָט אויף אַ געוויסן אופן (דורך אַריינשיקן שפּייז-פּעקלעך)

אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די אַרעסטירטע און זיי געמוטיקט. נאָך 9 וואָכן האָט זיך איינגעגעבן איבערצוקויפן דעם דעמאָלטדיקן רעפּערענט פאַר פּאָליטי־שע ענינים ביי דער געשטאַפּאָ מיט 35 טויזנט גילדן אין געלט און מיט ווערט־פולע זאַכן און מען האָט מאָטעקן אַרויסבאַקומען פון תּפיסה (ביים שאַפן די ערשטע סומע געלט האָבן מיטגעהאָלפן די ברידער בירנצווייג). אין געשטאַפּאָ האָט מאָטעק פיגורירט אַלס דערשאָסענער לויט אירן אַן אורטייל און אין טשענסטאָכאָוו האָט מאָטעק געלעבט אונטערן נאָמען — פּולקאָווסקי. נאָכן דאָ־זיקן פאַל איז מען צוגעטרעטן אַרויסצוראַטעווען אויפן זעלבן אופן די בערקנ־שטאַטס. עס האָט זיך אָבער איינגעגעבן אַרויסצוראַטעווען בלויז רייזעלען. משה בערקנשטאַט, וועלכער איז שוין געווען שרעקלעך פאַרפּייניקט, איז אינגאַנצן אַ געשוואָלענער מיט אָפּגעהאַקטע נירן פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, פון וואַנען די קינדער האָבן דערהאַלטן אַ דעפּעשע, אַז ער איז געשטאָרבן, און געשטאַפּאָ האָט זיי מיטגעטיילט, אַז זיי קענען פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל באַ־קומען צוגעשיקט דאָס אַש פון זיין קערפּער.

פון אָנהויב 1942 האָט זיך די אונטערערדישע אַרבעט פון אַלע ריכטונגען אָנגעהויבן פירן מער געמיינזאַם. די לאַגע אין געטאָ האָט זיך אָבער געהאַלטן אין איין פאַרערגערן. אַלע מאָל זענען געקומען נייע גזירות, איינע שטרענגער פון דער אַנדערער. עס האָבן זיך אַריינגעשלייכט טרויעריקע ידיעות פון אַנדע־רע געטאָס, עס האָט זיך געפילט באַשיינפּערלעך, אַז אויך טשענסטאָכאָוו וועט נישט אויסמיידן דאָס שרעקליכע אומגליק, וואָס האָט שוין געטראָפן אַסך יידישע ישובים. דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע איז געוואָרן זעלטענער. עס האָט זיך נאָך איינגעגעבן צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט וואַרשע דורך אַ יונגן פּאָליאַק פון דער וואַרשעווער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע האָט באַשטעלט צינדערס צו גראַנאַטן. די צינדערס זענען באַשטעלט געוואָרן ביי די ברידער סלאָמניצקי, וועלכע האָבן געהאַט איינגעאָרדנט אַ גוט פאַר־קאָנספּירירט מעכאַניש וואַרשטאַט אויף גאַריבאַלדי־גאַס נר. 11. דער דאָזיקער שליח האָט בעת איינעם פון זיינע באַזוכן ביי אונדז מיטגעבראַכט בלויז אַ קליין בריוועלע געשריבן אין יידישן, אַז מען זאָל אים אויסהערן אויפמערק־זאַם און זיך זעען צופּאַסן צו זיינע אָנווייזונגען. ער האָט זיך מיט אונדז צו־זאַמענגעטראָפן אין „טאָז"־לאָקאַל אויף נייעם מאַרק נר. 2. ער האָט אונדז גענוי געשילדערט דעם חורבן פון וואַרשעווער געטאָ און פאַרענדיקט, אַז דאָס געטאָ דאָרט זעט אויס ווי נאָך אַ שרעקליכער מגפה. ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אויך טשענסטאָכאָוו וועט דאָס נישט אויסמיידן און געראַטן מען זאָל זיך גרייטן צו אַן אָפענעם קאַמף. דער זעלבער האָט אונדז אויך איבער־געגעבן אַדרעסן פון באַשטימטע ערטער אין וואַרשע, ווו מיר דאַרפן זיך מעלדן אויב מען וועט דאַרפן אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו. דערווייל איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע יידן מוזן ביזן 16־טן סעפּטעמבער איינצאָלן די פון יאָרן שוין פאַרלענגערטע שטייערן. יידן האָבן אָנגעהויבן אויסטייטשן, אז די דייטשן איילן זיך איינצונעמען די שטייערן איידער עס הויבט זיך אָן דער גירוש. די לעגענדע, אז טשענסטאָכאָוו וועט דאָס אומגליק אויסמיידן איז

פאַרשווונדן. פון די קליינע שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו האָט מען אָנגעהויבן די דאָרטיקע יידן איבערשיקן קיין ראַדאָמסק און אויך קיין טשענסטאָכאָוו. דאָס איז פאַר יעדערן אַ קלאָרער באַווייז, אַז די דייטשן קאָנצענטרירן די יידן ספּעציעל אין איינציקע פונקטן. דער אומרו און די נערוועזיטעט האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשפּרייט, די אונטערערדישע טוער האָבן אָנגע-שטרענגט די אויפמערקזאַמקייט און אָנגעהויבן זוכן מיטלען און וועגן, ווי אַזוי זיך צו צוגרייטן אויף יעדער עווענטואַליטעט. אָנהויב סעפּטעמבער 1942 ווערן מיר געוויר, אַז דער שטאָט הויפּטמאַן האָט געפּאָדערט פון יודענראַט אַ גענויעם פּלאַן פון געטאָ לויט די הייזער-בלאָקן. אין איינציקע טעג אַרום ווערן מיר ווי-דער געוויר וועגן עפּעס אַ געהיימער באַראַטונג פון גענעראַל בעטכער פון ראַדאָם מיט דייטשע גדולים אין טשענסטאָכאָוו, וואָס פאַרנעמען זיך מיט יידי-שע ענינים. עס איז פאַר אונדז קלאָר, אַז דער פּלאַן פון געטאָ איז געפּאָדערט געוואָרן אין שייכות מיט בעטכערס וויזיט. עס איז שוין פאַר אונדז קלאָר, אַז בעטכער, בארנעמאַן, איינריך און בלומע, וועלכע האַלטן אָפּ די באַראַטונג, גרייטן שוין צו אַ גירוש-פּלאַן לויט די אינסטרוקציעס, וואָס בעטכער גיט זיי. די פאַרבינדונג-מענער פון די אונטערערדישע גרופּן באַשליסן צו רופן אַ גע-מיינזאַמע קאָנפערענץ, כדי אויסצובילדן אַ קאַמף-אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז באַשטימט געוואָרן אויף יום-כפור, דעם 21-טן סעפּטעמבער דאָס אָרט, ווו די קאָנפערענץ האָט געזאָלט פּאָרקומען, איז געווען דער „טאָז״-לאָקאַל אויף נייעם מאַרק נר. 2. אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן זיך געזאָלט באַטייליקן: סומעק אַבראַמאָוויטש מיט נאָך צוויי חברים (קאָמוניסטן), וועמענס נעמען עס זענען נישט אָנגעגעבן געוואָרן, ברענער און קושניר (בונדיסטן), ישראל שימאָנאָוויטש (לינקע פּ״צ), רבקה גלאַנץ (קיבוצים), יאקוב ראַזינע, דר. וואַלבערג, דאָקטאָר מערינג און עוזר-בעריש בלעכשטיין. מען האָט אויך דערוואַרט אַ פאָרשטייער פון וואַרשעווער „זשאָב״. יום-כפור 10 אזייגער אינדערפרי זענען די ערשטע דעלעגאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט עפענען דעם לאָקאַל: ברענער און ראַזינע פאַרהאַלטן געוואָרן אויפן הויף פאַרן לאָקאַל דורך שוץ-פּאָליציאַנטן. זיי זענען געשלאָגן געוואָרן. נאָך אַן ערך פון צוויי שעה זענען זיי, אַדאַנק דער אינטערווענץ פון יידישע פורמאַנעס, וועלכע האָבן געמאַכט געשעפטן מיט די דאָזיקע דייטשע פּאָליציאַנטן, באַפרייט געוואָרן. די שוין אַפילו צו שפּעט באַשטימטע קאָנפערענץ איז ליידער נישט צושטאַנד געקומען און די גירוש-אקציע, וואָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן די זעלבע נאַכט פון 21-טן אויפן 22-טן סעפּטעמבער 1942, האָט זיך געצויגן גאַנצע 5 וואָכן און איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אומבאַגרייפלעכער גרויזאַמקייט, נישט אָנטרעפנדיק אויף קיין אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד. די אַזוי אינטענסיווע אונטערערדישע טעטי-קייט, וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַקטיווער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, האָט נישט באַוויזן אויפצושטעלן אירע קאַדרן. די ווייט גרעסטע צאָל פון די, וואָס זענען געווען אריינגעצויגן אין דער דאָזיקער אַרבעט, איז אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיטן רוב יידן פון גרויסן טשענסטאָכאָווער ישוב. בלויז געציילטע פון זיי האָבן געהאַט דאָס גליק אַנטייל צו נעמען אינעם

טרעבלינקער אויפשטאַנד, ווי: ווילינגער, לובלינג א. א. צווישן די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון טרעבלינקער אויפשטאַנד איז געווען משה לאַנגנער, וועלכן די דייטשע מערדער האָבן דאָרט אַלס שטראָף אויפגעהאָנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ און ער – שוין הענגענדיק – האָט נאָך אַלץ געריפן צו נעמען נקמה, און אַזוי האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

בעתן גאַנג פון די גירוש-אַקציעס זענען געציילטע לעבנגעבליבענע אַקטיוויסטן און די טראַגיש קליינע צאָל לעבנגעבליבענע יוגנטלעכע צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן קאַמף-גרופּן, וועלכע זענען שפּעטער אין אַזוי גערופענעם „קליינעם געטאָ" אויסגעוואַקסן צו אַ כוח. די דאָזיקע גרופּן האָבן דאָרט געפירט אַ טעטיקייט ביז דער ליקווידאַציע פון „קליינעם געטאָ" און שפּעטער אויך אין די לאַגערן פון „האַסאַג".

## דעמאָגראַפישע פאַרהעלטנישן

### א. סטרוקטור:

די פאַקטישע צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו האָט תמיד אויסגעמאַכט עפּעס מער פון דער צאָל פאַרמאָלדענע יידן אין מאַגיסטראַט. דאָס האָט זיך געקענט דערקלערן מיט דעם, וואָס נישט אַלע יידן, באַזונדערס די אָרעמע, האָבן אויס-געפילט דעם חוב אין דער געהעריקער צייט צו פאַרמעלדן זייערע ניי געבוירענע קינדער. באַדייטנדיק מער פון די פארמאָלדענע האָט די פאַקטישע צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו אויסגעמאַכט אין די אָקופּאַציע-יאָרן. דאָס האָט זיך דערקלערט דערמיט, וואָס פליטים און אפילו שטענדיקע תושבים, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון זייערע וואַנדערונגען אין ערשטן מלחמה-פּעריאָד, האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון פאַרמעלדן, ווייל „לאָמיר נאָר זען, ווי עס וועט אויסקוקן". דער עיקר האָט מען נישט געוואָלט פיגורירן אויף קיין רשימות, כדי אויסצו-מיידן, ווי לאַנג עס לאָזט זיך, די פּילפּאַכיקע שטייערן, וואָס דער יודענראַט האָט ביי יעדער געלעגנהייט ארויפגעוואָרפן אויף יעדן איינעם, ווי אויך כדי אויסצומיידן דאָס אויספירן די פליכט פון צוואַנגס-אַרבעט. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען די פאַראָרדנונג פון שטאָט-הויפּטמאַן, אַז אָן זיינער אַ דערלויבעניש טאָרן קיין יידן נישט פאַרמאָלדן ווערן. אויף בעטן ביים שטאָט-הויפּטמאַן אַ דערלויבעניש פאַרמאָלדן צו ווערן האָבן זיך ווייניק יידן דעצידירט, מורא האָבנדיק פאַר קאָנסעקווענצן פאַרן אומלעגאַלן זיך אַריינבאַקומען אין שטאָט.

ביים צוטרעטן באַהאַנדלען די סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו במשך פון די אָקופּאַציע-יאָרן שטיצן מיר זיך אויף צוויי קוועלן: 1) אויף אַ באַריכט פון סטאַטיסטישן אַמט ביים מאַגיסטראַט (בריוו נר. א-47/1/891 פון 18-טן פעברואר 1947) און 2) אויף דעם סטאַטיסטישן יאָר-בוך פון יודענראַט פאַרן יאָר 1940 (ראָטשניק סטאַטיסטישני באַנד 2). צוביידע באַריכטן דאַרף מען זיך אָבער באַציען מיט גרויס פאָרבאַהאַלט. וועגן

דעם, אַז מען דאַרף זיך באַציען מיט פאָרבאַהאַלט, וועלן אונדז באַשטעטיקן פאָלגנדיקע פאַקטן: דער סטאַטיסטישער אַמט ביים מאַגיסטראַט באַמערקט אין אויבנדערמאָנטן באַריכט, אַז די צאָל נישט פאַרמאָלדענע יידן אין די אָקופּאַציע־יאָרן האָט זיך געוואַקלט צווישן 10 און 20 פּראָצענט. אין זעלבן באַריכט ווערט אָנגעגעבן (זע ווייטערדיקע טאַבעלן), אַז אין יולי 1942 זענען געווען פאַרמאָלדן 34920 יידן, דאַן ווען שוין מיט אַ יאָר צוריק, ד. ה. אין יוני 1941 האָט דער פּאָוויאַנטירונג־אַמט ביים מאַגיסטראַט אַרויסגעגעבן שפּייז־צוטיילונגען פאַר 37667 יידן. די שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט ווידער האָט דעם 5־טן אויגוסט 1941 אין אַ בריוו נר. 3365/41 געמאָלדן דעם שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט, אַז אין טשענסטאָכאָוו זענען פאַראַן 164567 איינוווינער, אין דעם 37667 יידן. דעם 16־טן יאַנואַר 1942 האָט די שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט ווידער מיטגעטיילט קיין ראַדאָם (בריוו נר. 6107), אַז אין טשענסטאָכאָוו איז פאַראַן אַן ערך פון 40000 יידן.

דער סטאַטיסטישער אַמט ביים מאַגיסטראַט גיט אָן אין אויבנדערמאָנטן באַריכט די צאָל פאַרמאָלדענע יידן אין טשענסטאָכאָוו לויט פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| יאָר און חודש | צאָל יידן | מענער | פרויען |
|---|---|---|---|
| 1939 יאַנואַר | 28,486 | 13,692 | 14,794 |
| 1940 „ | 31,758 | 14,727 | 17,031 |
| 1941 „ | 33,921 | 15,634 | 18,187 |
| 1942 יולי | 34,920 | 16,122 | 18,808 |

דער פּראָוויאַנטירונג־אַמט ביים מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעגעבן שפּייז־צוטיילונגען אין יאָר 1941 לויט פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| חודש | פאַר וויפל נפשות |
|---|---|
| פעברואַר | 34,193 |
| מערץ | 35,072 |
| אַפּריל | 37,309 |
| מאַי | 37,518 |
| יוני | 37,667 |

פון יוני ביז סוף יאָר 1941 וואַקלט זיך שוין די צאָל בלויז מיט עטלעכע הונדערט.

סוף יאָר 1940 האָט דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט געשלאָסן די קאַרטאָטעקע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו און דורכגעפירט אַן אַנאַליז פון עלטער, געשלעכט, בילדונג און באַרוף פון די 32744 יידן, וועלכע די קאַרטאָ־טעקע האָט דאַן אַרומגענומען. די דאָזיקע פאָרשונג איז פאַרענדיקט געוואָרן אָנהויב מערץ 1941 און האָט געגעבן פאָלגנדיקע רעזולטאַטן:

| עלטער | מענער | פרויען | צוזאַמען | פּראָצענט |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| 4 – 0 | 917 | 845 | 1762 | 5,39 |
| 9 – 5 | 1240 | 1200 | 2440 | 7,45 |
| 14 – 10 | 1474 | 1373 | 2847 | 8,69 |
| 19 – 15 | 1606 | 1663 | 3269 | 9,98 |
| 29 – 20 | 2497 | 3103 | 5599 | 17,10 |
| 39 – 30 | 2909 | 3275 | 6184 | 18,89 |
| 49 – 40 | 1879 | 2376 | 4255 | 13,00 |
| 59 – 50 | 1498 | 1701 | 3199 | 9,90 |
| 69 – 60 | 949 | 1057 | 2006 | 6,00 |
| העכער פון 70 | 505 | 678 | 1183 | 3,60 |
| | 15474 | 17271 | 32744 | 100,00 |

אין דער אַלגעמיינער צאָל 32,744 זענען אַריינגערעכנט געוואָרן 41 נישט פוילישע בירגער און 20 משומדים.

צו די אָנגעגעבענע צאָלן פון די יאָרן 14—10 און 19–15, ווי אויך 59–50 און 69–60 דאַרף מען צוגיין מיט אַ געוויסן קריטעריום, ווייל צוליב וועלן אויסמיידן די פליכט פון צוואַנגס-אַרבעט, האָט זיך אַ געוויסע צאָל יוגנטלעכע עלטער פון 14 יאָר אָנגעגעבן פאַר יונגער און יידן יונגערע פון 60 – האָבן אָנגעגעבן עלטערע יאָרן. אין יאָר 1942 איז געווען אַ פונקט קאַפּויערדיקע דערשיינונג, ווייל עס האָט זיך דאַן געשאַפן דער פסיכאָז פון זיין „געדעקט" אויף „פּלאַצוווקעס" און יעדער האָט געוואָלט זיין פאַררעכנט צו דער קאַטע-גאָריע פון אַרבעט-פעיקע.

ביים דורכפירן דעם אַנאַליז וועגן בילדונג-צושטאַנד פון די 32744 יידן, האָט דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט גענומען אין באַטראַכט, אַז קינדער אין עלטער ביז 10 יאָר האָבן צוליב דער ספּעציפישער לאַגע קיין לערע נישט געקענט באַקומען און דעריבער זענען זיי נישט צוגערעכנט גע-וואָרן צו קיין קאַטעגאָריע. אין באַטראַכט זענען גענומען געוואָרן יידן אין עלטער פון 10 יאָר אָן און העכער, דאָס האָט אויסגעמאַכט 28542 פּערזאָן. פון דעם זענען 3782, ד"ה 13,29 פּראָצענט געווען אַנאַלפאַבעטן, פון דעם מע-נער — 1454, פרויען -- 2328; 14401, ד"ה 50,45 פּראָצענט, וואָס האָבן גע-קענט לייענען און שרייבן, פון דעם מענער — 7236, פרויען — 7165; געענ-דיקט עלעמענטאַרע שולן האָבן 5858, ד"ה 20,51 פּראָצענט, פון דעם מענער — 2727, פרויען — 3131; מיט מיטעלער בילדונג זענען געווען 2653. ד"ה 9,28 פּראָצענט, פון דעם מענער — 1054, פרויען — 1599; מיט העכערער בילדונג זענען געווען 394, ד"ה 1,38 פּראָצענט, פון דעם מענער — 252, פרויען — 142; מיט היימישער בילדונג — 1454, ד"ה 5,09 פּראָצענט, פון דעם מענער — 594, פרויען — 860.

ביים צוזאַמענשטעלן די באַרוף-סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַפעל-קערונג אין יאָר 1940 האָט דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט עלימי-נירט קינדער אין עלטער ביז 10 יאָר און גענומען אין באַטראַכט די צאָל

28542. פון דעם איז אַראָפּגערעכנט געוואָרן אַלס ווירטשאַפטלעך פּאַסיווער עלע־מענט 9479 פרויען, וועלכע האָבן זיך ס׳רוב פאַרנומען מיט הויז־ווירטשאַפט און 5089 שילער מיט שילערינס. די אַלגעמיינע צאָל ווירטשאַפטלעך אַקטיווע, וואָס האָט געאַרבעט צוליב פּאַרדינסט־טעמים האָט אויסגעמאַכט 13,974. אין דער דאָזיקער צאָל ווירטשאַפטלעך אַקטיווע זענען געווען 4765 האַנטווערקער, 3295 אַרבעטער, הענדלער און סוחרים 1959, פאַבריקאַנטן 662, אָן באַשטימטע פאַכן — 1531, באַאַמטע — 1088, פרייע פּראָפעסיעס — 272, די רעשט איז באַשטאַנען פון ערד־אַרבעטער, מוזיקער א. א. אַנדעריש האָט אויסגעזען די סטאַטיסטיק פון זעלבן אַמט אין יאָר 1941, וואָס עס וועט אילוסטרירן די אָנגעגעבענע דיאַגראַם נר. 58.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענ־ראַט דאָ געגומען אין באַטראַכט די פאַרמלחמהדיקע פּראָפעסיעס פון יעדן איינעם, ווייל אין יאָר 1940 האָבן יידן זיך מיט קיין ערד־אַרבעט נישט געקענט באַשעפטיקן, אָדער אין די פרייע פּראָפעסיעס זענען אַריינגערעכנט 43 אַדוואָ־קאַטן און עס איז דאָך באַוווסט, אַז אַדוואָקאַטן האָבן זיך בעת דער אָקופּאַציע מיט זייער באַרוף נישט געקענט פאַרנעמען. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן לערער, ווייל בלויז אַ קליינע צאָל גימנאַזיע־פּראָפעסאָרן האָבן געפירט אומ־לעגאַל שילער־קאָמפּלעטן און פון דעם געצויגן זייער חיונה. נאָך אַ באַווייז, אַז דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט האָט גענומען אין באַטראַכט די פאַרמלחמהדיקע באַשעפטיקונגען פון יעדן איינעם, וועט זיין דער פאַקט, וואָס דעם 9 טן מאי 1942 האָט די שטאָט־הויפּמאַנשאַפט באַקומען אַ טעלעגראַפישע אויפפאָדערונג פון שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט אָנצוגעבן די גענויע צאָל האַנטווערקער אין טשענסטאָכאָוו. דער יודענראַט האָט דאַן צוגעשטעלט אַ רשי־מה פון האַנטווערקער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביי זייערע פאַכן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאָלגנדיק:

| | מ ע נ ע ר | פ ר ו י ע ן | צ ו ז א מ ע ן |
|---|---|---|---|
| טעקסטיל האַנטווערקער | 255 | 322 | 577 |
| מעטאַל ,, | 505 | 12 | 517 |
| לערער ,, | 192 | 5 | 197 |
| בוי ,, | 100 | 1 | 101 |
| האָלץ ,, | 187 | 3 | 190 |
| פריזירער ,, | 83 | 11 | 94 |
| צוזאַמען | 1322 | 354 | 1676 |

ווי מיר זעען פון דער אויבנגעבראַכטער טאַבעלע איז אין יאָר 1942, דאַן ווען אין די יודענראַט־קרייזן האָט מען געשאַצט, אַז אין טשענסטאָכאָוו זענען שוין פאַראַן אַן ערך פון 48,000 יידן, זענען 1676 האַנטווערקער געווען באַשעפטיקט ביי זייערע פאַכן. אמת, עס איז טאַקע פאָרגעקומען אַ כסדרדיקע איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער נישט אין אַזאַ גרויסער פּראָפּאָרץ, ווי צווישן 4765 האַנטווערקער אין יאָר 1940 און 1676 אין יאָר 1942, ווען די צאָל יידן איז געווען פיל גרעסער.


WYDZ. REJ. I STAT.
REF. EW. LUDN.
RYSUNEK N: 50
WOLNE ZAWODY,
PODZIAŁ PROCENT.
1941 R.
NAUCZYCIELE
36,4 %
LEKARZE
TECHN.DENT.
8,75 %
ADWOKACI
7,5 %
FARM.
MŁYNAR
PIELĘGN.
TECHN.
WOLNE ZAWODY
57%


REF. EW. LUDN.
RYS. N: 49
URODZENIA
1940 R.
RODZ.
60
50
40
30
20
10
0
56
42
46
37
38
DZIEWCZYNKI
26
24
18
20
21
15
19
27
19
15
24
13
CHŁOPCY
7
10
10
10
9
10
5
II
V
X
XI
XII. MIES.

די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אָנ-הויב קריג ביז דער גרויסער אויסזידלונג האָט זיך געהאַלטן אין איין ענדערן. דער טעמפּאָ פון דער ענדערונג איז געווען אָפּהענגיק פון די דייטשע גזירות אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט גופא, און פון דעם פאַרגרעסערן זיך פון דער צאָל יידן אין שטאָט וואָס איז מערסטנטייל געווען אַ פועל יוצא פון די איבערזידלונגען, וואָס די דייטשן האָבן אַדורכגעפירט אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי אויך פון זייערע ספּעציעלע אַקציעס צו מאַכן אייניקע שטעט-לעך „יודענריין" און אַ טייל פון די דאָרטיקע תושבים איבערגעפירט אין טשענסטאָכאָווער געטאָ.

## ב. נאַטירלעכע באַוועגונג

לויט די אָנגאַבן פון סטאַטיסטישן אַמט ביים יודענראַט שטעלט זיך פאָר, אַז אין יאָר 1940 זענען פאָרגעקומען 504 חתונות. פון דעם פאַלט אויס אויפן ערשטן האַלבן יאָר 98 חתונות און אויפן צווייטן האַלבן יאָר 406. די גרעסטע צאָל חתונות פאַלט אויס אויס אויפן חודש דעצעמבער — 169. די דאָזיקע דער-שיינונג דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אין דער צווייטער העלפט 1940 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער ראַבינאַט וועט האָבן רעכט צו געבן חופּה-וקידושין נאָך ביזן 31-טן דעצעמבער פון 1940, און נאָכן דאָזיקן טערמין וועט פאָרקומען אַן איבעררייס אין די רעכט פון ראַבינאַט אויף גאַנצע 2 יאָר[85].

### עלטער פון די חתונה געהאַטע אין יאָר 1940

| עלטער | פרויען | מענער |
|---|---|---|
| ביז 19-טן יאָר | 15 | 3 |
| 24–20 | 182 | 113 |
| 29–25 | 211 | 229 |
| 39–30 | 86 | 147 |
| 40 און העכער | 10 | 12 |
| צוזאַמען | 504 | 504 |

דאָס האָט אויסגעמאַכט אַן ערך פון 16 חתונות אויף יעדער 1000 פון דער באַפעלקערונג. פאַר דער מלחמה, ווייזט אָן דער זעלבער אַמט, האָט אויף יעדער 1000 פון דער באַפעלקערונג אויסגעמאַכט 7,8 חתונות[86].

לויט די אָנגאַבן פון סטאַטיסטישן אַמט ביים מאַגיסטראַט זענען אין יאָר 1939 פאָרגעקומען 260 חתונות. אין יאָר 1940 — 500, אין יאָר 1941 — 284 און אין ערשטן קוואַרטל פון יאָר 1942 —78.

וועגן געבורטן גיט אָן דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט, אַז אין יאָר 1940 זענען געבוירן געוואָרן 351 קינדער, פון דעם 170 יונגלעך און 181 מיידלעך. אויף 1000 האָט דאָס אויסגעמאַכט 10,7. דער זעלבער אַמט ווייזט אָן, אַז אין די יאָרן 1936 — 1938 איז אויף יעדער 1000 פון דער יידישער באַפעלקערונג געווען 18,9 געבורטן[87].

דער סטאַטיסטישער אַמט ביים מאַגיסטראַט גיט אָן, אַז געבוירן ביי דער יידישער באַפעלקערונג זענען געווען: אין יאָר 1939 — 339. אין יאָר 1940 — 480, אין יאָר 1941 — 281 און אין די ערשטע 3 חדשים פון יאָר 1942 — 66[88].

אין באַריכט וועגן דער שטערבלעכקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג גיט אָן דער סטאַטיסטישער אַמט ביים יודענראַט, אַז אין יאָר 1940 זענען געשטאָרבן 260 מענער און 243 פרויען. צוזאַמען זענען געשטאָרבן 503 פּערזאָן, וואָס האָט אויסגעמאַכט אַן ערך פון 16 טויט-פאַלן אויף יעדער 1000 פון דער באַפעלקערונג. דערביי ווערט באַמערקט, אַז אין פאַרגלייך מיט די יאָרן 1936 — 1938 האָט זיך די שטערבלעכקייט פאַרגרעסערט מיט 5,7 אויף יעדער 1000[89].

דער סטאַטיסטישער אַמט ביים מאַגיסטראַט ווידער גיט אָן פאָלגנדיקע טאַבעלע וועגן דער שטערבלעכקייט און נאַטירלעכן צווואוקס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג:

| י אָ ר | שטערבלעכקייט | נאַט. צווואוקס |
|---|---|---|
| 1939 | 298 | + 41 |
| 1940 | 537 | + 57 |
| 1941 | 958 | − 677 |
| 1942 ערשטער קוואַרטל | 310 | − 244[90] |

די אָנגעגעבענע צאָל, הן ווען ס׳רעדט זיך וועגן דער סטרוקטור, הן—וועגן דער נאַטירלעכער באַוועגונג, קען מען נישט אָננעמען פאַר אַבסאָלוטע, ווייל צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט איז אוממעגלעך געווען, אַז די אויבנדערמאָנטע אַמטן זאָלן קענען אַלץ גענוי אויפנעמען און פאַרצייכנען. פון דעם, וואָס איז אָבער יאָ אָנגעגעבן זעט מען, אַז פון איין זייט האָבן זיך די געבוירן געהאַלטן אין איין פאַרקלענערן און די טויט-פאַלן — פאַרגרעסערן. דאָס וואַרפט שוין אַ געוויס ליכט אויף די באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו אין די אָקופּאַציע-יאָרן פון 1939 ביז דעם 22-טן סעפּטעמבער 1942, ווען די דייטשע רוצחים האָבן אָנגעהויבן אויספירן זייער „אויסזידלונג"-גזר-דין איבער גאַנצן יידישן קיבוץ אין טשענסטאָכאָוו.

# ערב ליקווידאַציע

שווער איז געווען דאָס לעבן פון די יידן אין געטאָ. יעדע פּאָר טעג האָט דער יודענראַט אַרויסגעשיקט מעלדונגען, אויפפאָדערונגען און פאַראָרדנונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן פּזמון: „אויפן באַפעל פון דער מאַכט..." אַזעלכע באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדנונגען האָבן תמיד אַריינגעבראַכט אומרו. באַזונדערס פלעג זיך דער אומרו לאָזן פילן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן דירעקטע גזירות פון דער אָקופּאַנטישער מאַכט, וועלכע האָבן זיך שטענדיק אָנגעהויבן מיט דראָונגען פון פאַרפאָלגונגען, אָדער טויט-שטראָף. צו די אומרויקע שטי-

מונגען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין שטאַרקן, איז מיטן אָנקום פון 42-טן יאָר צוגעקומען אַן אומזיכערקייט, פון וועלכער יעדער האָט געוואָלט זיך אָפּטרייסלען. עפּעס איז איבערגעגאַנגען פון אויער צו אויער אַ ידיעה, אַז ערגעץ פאַרגאַזעוועט מען יידן, פירנדיק זיי אין אויטאָס, אַז אויף אַזאַ אופן ברענגען די דייטשן אום די יידן אין די קליינע שטעטלעך. מען האָט איבערגעגעבן, אַז אַ ייד, וואָס איז אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו פון אַ קליין שטעטל הינטער לאָדזש, דערציילט בסוד-סודות, אַז ער אַליין האָט זיין פרוי און קינד, וואָס זענען אויף אַזאַ אופן אומגעקומען, קובר געווען. אַ סך האָבן די אַלע ידיעות איבערגעחזרט און דאָך האָבן אַלע צוגעגעבן: „עפּעס גלויבט זיך נישט, אַז אַזעלכעס זאָל קאָנען געשען". מען האָט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז די טשענסטאָכאָווער יונגע דאָקטוירים, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין דער לובלינער געגנט, זענען ערגעץ איבערגעזידלט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע יידן פון יענע שטעטלעך און יעדער שפּור נאָך זיי איז פאַרשוווּנדן. די פאַמיליעס און קרובים פון די דאָזיקע דאָקטוירים האָט מען אָבער געטרייסט מיט דעם, אַז זיי זענען אוודאי איבערגעזידלט געוואָרן צוזאַמען מיט יענע יידן אין די חרובֿע שטעטלעך און דערפער פון אוקראַינע, וווּ זיי ווערן געצוווּנגען בלויז צו שווערער אַרבעט. די שטימונג איז געוואָרן אַ דעדריקטערע און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מערקן זעלבסמאָרד-אַקטן. אַ געוויסע אַוונער, אַ געוועזענע לערערין, איז ספּעציעל אַרויס פון געטאָ, כדי דערשאָסן צו ווערן, וואָס עס איז טאַקע געשען; אַ געוויסער נחום מיימון האָט זיך אויפגעהאָנגען אין דעם באָד אויף גאַריבאַלדי-גאַס 18[91].

פרילינג 1942 האָט זיך, ווי אַ בליץ, אַריינגעריסן די ידיעה וועגן גירוש לובלין. אין יעדן הויז האָט מען גערעדט וועגן חורבן לובלין, וועגן וועלכן דייטשן אַליין האָבן דערציילט, און דאָס האָט געווירקט, אַז יידן זאָלן שוין אָנהויבן מער קלערן וועגן גורל פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. דערווייל האָט די געשטאַפּאָ פאַרשטאַרקט איר טעראָר און אָפּטער געמאָרדעט. דעם 18-טן יוני 1942 האָט געשטאַפּאָ דערשאָסן 3 יידן[92], דעם 7-טן יולי 1942 זענען געשטאַפּאָווצעס אַריין אין געוועלב פון בצלאל וואָלבערג, וואָס האָט זיך געפונען אויף אָרליטש-דרעשער-גאַס און דערשאָסן דעם אייגנטימער[93]. וועגן די דאָזיקע פאַלן איז מען געוויער געוואָרן אין געטאָ. נאָך מער זענען פאָרגעקומען דערשיסונגען, פון וועלכע אין געטאָ איז מען נישט געוויער געוואָרן.

אָנהייב יולי 1942 זענען אַלע מענער אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע וווינונגען, אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַלטן מאַרק, נייעם מאַרק און ערשטער אַלייע, וווּ מען האָט זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע שעה. די יידן האָבן דאָס אויסגעטייטשט, אַז גענעראַל בעטכער פון ראַדאָם מיטן שטאָט-הויפּטמאַן ד"ר פראַנקע האָבן אויף דעם אופן דורכגעפירט אַ מין „פּראָביר-סעלעקציע". דער אומרו האָט זיך דעריבער נעהאַלטן אין איין אויסברייטערן. נאָך מער האָט זיך דער אומרו פאַרשטאַרקט, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ידיעות וועגן די גירושים אין וואַרשע. אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשע זאָנדער-געריכטן, וועלכע פלעגן פאַרמשפּטן יידן צו טויט-

שטראָף פאַר אַרויסגיין פון געטאָ, אָנגעהויבן פאַרמשפּטן פאַרן זעלבן חטא מיט תּפיסה און מיט אויסזידלונג. גלייכצייטיק זענען יידן, אָן שום געריכט-אור-טייל, געשאָסן געוואָרן פאַר אַרויסגיין פון געטאָ, אָדער פאַר עפּעס אַן אַנדערן „חטא". אַזוי זענען אויסערן געטאָ דעם 12-טן אויגוסט 1942 דערשאָסן געוואָרן דער 33-יאָריקער אַנשל רענקשאָווסקי און ישׂראל-מרדכי שיטאָווסקי[94]. דער טע-ראָר אין געטאָ גופא האָט זיך גוואַלטיק פאַרשטאַרקט. דעם 3-טן אויגוסט זענען זשאַנדאַרמען באַפאַלן דעם יידישן שפּיטאָל אויף פּשעמיסלאָווע, דעמאָלירט דאָס מעבל, צעשלאָגן דעם יידישן פּאָליציאַנט, בירנהאָלץ, וואָס האָט דאָרט געהאַט דינסט און צוגערויבט פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן. אין די געטאָ-גאַסן זענען זעלנער פון דער לופט-וואַפע באַפאַלן נישט בלויז ציווילע יידן, נאָר אפילו יידי-שע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דינסט[95]. אַלע האָבן דעריבער שוין געזען די דראָענדיקע געפאַר, וואָס לויערט אויפן טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב. ווער עס האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט באַ-קאַנטע פּאָליאַקן, האָט זיך באַמיט דאָס צו טאָן און צום אַלעם ערשטן באַזאָרגט אַ באַהעלטעניש פאַר זיינע קינדער. אייניקע האָבן אויף אַן ענלעכן אופן באַ-זאָרגט זיך מיט אַ באַהעלטעניש פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. דערוויייל האָט דער שטאָט-הויפּטמאַן געמאָלדן, אַז ער אָרדנט איין אין „מעטאַלורגיע" אויף קרוטקע-גאַס „שאָפּן", ווו עס וועט געאַרבעט ווערן פאַרן אינערלעכן דייטשן געברויך און אויף די אַלע, וואָס וועלן דאָרט זיין באַשעפטיקט, וועלן קיין אויסזידלונגען נישט חל זיין. כּדי יידן זאָלן דאָרט קאָנען אַרבעטן האָט ער גע-פאָדערט פון יודענראַט מאַשינען און אַן אָפּצאָל פון אַנדערהאַלבן מיליאָן גילדן. פון 31-טן יולי ביזן 13-טן אויגוסט 1942 האָט דער יודענראַט דורך זיינע, ספּע-ציעל אויף דעם צוועק באַשטימטע, באַאַמטע מיט דער מיטהילף פון דער יידי-שער פּאָליציי קאָנפיסקירט ביי יידן מאַשינען, וואָס זענען געווען נויטיק אויף איינצואָרדנען די וואַרשטאַטן און גלייכצייטיק זיך באַמיט „ווייך" צו מאַכן דאָס האַרץ פון שטאָט-הויפּטמאַן, וואָס שייך דעם געלט-אָפּצאָל. נאָך לענגערע אונ-טערהאַנדלונגען האָט דער שטאָט-הויפּטמאַן פראַנקע מסכּים געווען צו נעמען דעם אָפּצאָל אין 3 ראַטעס און די ערשטע ראַטע פון אַ האַלבן מיליאָן האָט ער גלייך איינקאַסירט. די קאָנפיסקירטע ניי-מאַשינען, בערשטער-מאַשינען און קירזשנער-וואַרשטאַטן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער „מעטאַלורגיע". עס זענען באַשטימט געוואָרן יידישע אָנפירער פון יעדן וואַרשטאַט באַזונדער און אַ באַזונדער פאַראַנטוואָרטלעכער לייטער פון אַלע וואַרשטאַטן.

די האָפענונגען פון די, וואָס זענען נישט געווען באַשעפטיקט אויף די אַזוי גערופענע „זיכערע פּלאַצוווקעס", זענען איצט געווען געווענדעט צו די „שאָפּן". יעדער אַרבעטער האָט זיך באַמיט אויף זיין „פּלאַצווקע" צו באַקומען דאָס רויטע ביכעלע און עס אָפּשטעמפּלען אין דייטשן אַרבעט-אַמט. אַזאַ ביכעלע האָט גצדאַרפט באַשטעטיקן, אַז דער אינהאַבער דערפון איז אַ נוצלעכער מענטש. די רייען פאַרן דייטשן אַרבעט-אַמט זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן לענגער. אויף דעם הויף אויף אַלייע 12, ווו דער יודענראַט האָט פאַרשריבן אַרבעטער אין די „שאָפּן" אַריין, איז טאָג טעגלעך געווען שוואַרץ פון די

טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געוואַרט אויפן „גליק" אָנגענומען צו
ווערן. דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער, פּראָפעסאָרן, סטודענטן, פּרעבליסטינס,
מוזיקער און אַרטיסטן; דירעקטאָרן, סוחרים, פאַבריקאַנטן און סתם הענדלער,
וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסגעקויפט פון אַרבעט, אָדער זיך באַמיט
אַרויסצודרייען פון שווערער אַרבעט, האָבן זיך איצט פאַרוואַנדלט אין: שוסטער,
שניידער, קירזשנער, שלאָסער און בערשטער־אַרבעטער (בלויז אַזעלכע „שאָפּן"
האָבן זיך דאָ אָרגאַניזירט). ריזיקע רייען זענען אויך געווען פאַר די לאָקאַלן פון
יודענראַט. דאָ האָבן הונדערטער עלנטע שקעלעטן אין שמאַטעס געהילט, מיט
הענט צעפּרעסענע פון צרעת, זיך געשטופּט צו די פענצטערלעך פון די יודענ־
ראַט־באַאַמטע און אַלץ געטאָן, כדי צו איבערצייגן די יודענראַטלער און זייערע
באַאַמטע, אַז אויך זיי—די אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע, אַרויסגעטריבענע
יידן פון שטעט און שטעטלעך – זענען שוין נישט אַזוי פאַראָרעמט, נויטיקן
זיך נישט אין קיינעמס הילף, האָבן גענוג כוח צו אַרבעטן און אַלס נוצלעכער
עלעמענט האָבן זיי אויך פולע רעכט צו פאַרבלייבן אויף ווייטער אין שטאָט.
די באַאַמטע ווידער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין דער אָפּטיילונג פאַר
סאָציאַלער הילף ביים יודענראַט, האָבן אָנגעהויבן פאַרניכטן קאַרטן פון די
קאַרטאָטעקן מיט נעמען פון די, וואָס זענען אָנגעקומען נאָך הילף. די אונטער־
ערדישע פּאָליטישע פאַרטייען, האָבן איצט אין אָנבליק פון דער גרויסער גע־
פאַר, אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע קעגן אָקופּאַנט.

דערווייל האָבן די דייטשן געהאַלטן אין איין צוגרייטן זיך צום דורכפירן
דעם גירוש. שוין דעם 10־טן יולי 1942 האָט די שוץ־פּאָליציי פאַראָרדנט, אַז
ביים ראָג פון יעדער גאַס זאָלן די ראַנדן פון די טראָטואַרן זיין געווייסט, אַז
די הייזער אויף יעדער גאַס, ווו דאָס געטאָ ענדיקט זיך, זאָלן זיין געווייסט
ביז צוויי מעטער די הויך, אַז די אַריינגענג אין אַלע קעלער־שטובן אין געטאָ
זאָלן זיין געווייסט א.א.וו. די יידן האָבן די דאָזיקע פאַראָרדנונג אויסגעטייטשט,
אַז די דייטשן ווילן דאָס יעדער איינציקער פון זיי זאָל זיך לייכטער אָריענ־
טירן אין געטאָ. כדי אָבער די דאָזיקע פאַראָרדנונג זאָל נישט אַרויסרופן קיין
חשדים ביי די יידן איז אויך פאַראָרדנט געוואָרן, אַז די סקווערן אין נייעם
מאַרק (דאָ זענען שפּעטער פאָרגעקומען די סעלעקציעס), זאָלן זיין פאַרזייט
מיט גראָז[96]. גלייכצייטיק איז געמאָלדן געוואָרן, אַז אין די יידישע ימים־טובים
האָבן יידן רעכט זיך צו זאַמלען אין די געבעט־הייזער און אַז די לייטערס
און קאָמיסאַרן פון אַלע „פּלאַצוווקעס" האָבן רעכט אין די דאָזיקע יום־טוב־
טעג, לויט זייער אייגענעם איינזעהן, די יידישע אַרבעטער פון דער אַרבעט צו
באַפרייען[97]. די דאָזיקע פאַראָרדנונג, וואָס האָט וואַרשיינלעך געהאַט דעם ציל
איינצושלעפערן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן, האָט געהאַט פּונקט אַ פאַר־
קערטע ווירקונג. דעי אומצוטרוי צו די דייטשע פאַרזיכערונגען האָט געהאַלטן
אין איין וואַקסן און צוזאַמען מיטן אומצוטרוי האָט זיך געשטאַרקט דער אומרו,
וואָס זיין קולמינאַציע־פּונקט איז אָנגעקומען מיטן דערנענטערן זיך פון די ימים־
נוראים, ווען די שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן ווינציקער צו מישן
אין די אינערלעכע ענינים פון געטאָ (דאָס איז געשען נאָכן וויזיט פון בעטכערן

אָנהויב סעפּטעמבער, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די געהיימע באַראַטונג פון די דייטשע גדולים אין טשענסטאָכאָווו), דאַקעגן די שוץ־פּאָליציי האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מער באַווייזן אין געטאָ. עס זענען איבערגעזידלט געוואָרן אַלע יידן, וואָס האָבן נאָך געווינט אויף קאַוויע־גאַס (דאָ איז בעת דער אַקציע געשאַפן געוואָרן דאָס גרויסע מאַסן־קבר פאַר די טויזנטער יידן, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן אין משך פון 5 וואָכן, וואָס עס האָט זיך געצויגן דער גירוש), די שוץ־פּאָליציי האָט אויך אַרויסגעוואָרפן די יידן, וואָס האָבן געווינט אויף גאַריבאַלדי־גאַס אין די הייזער 26 און 28 (דאָ האָבן זיי איינגעאָרדנט בעת דער אַקציע זייערע מאַגאַזינען פון אָנגערויבטן יידישן האָב־און גוטס). געשטאַפּאָווצעס מיט שאַבעלסקען בראש (שאַבעלסקע איז געווען די שרעק פון געטאָ, זיין נאָמען בלויז האָט תמיד אַרויסגערופן שוידער) האָבן אָנגעהויבן דורכפירן אָפּטערע רעוויזיעס, געממיתט און גערויבט. (שאַבעלסקי איז נאָך דער באַפרייונג פאַרמשפּט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו דורכן פוילישן געריכט צו טויט־שטראָף). עס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אכזריות: פראַנקאָווסקי, דזשערזשאַן, וועלכער האָט תמיד געהאַט צו הילף אַ גרויסן הינט, לאַשינסקי, קעסטנער, האַנטקע („ווייסער קאָפּ״), אַפּיץ („גאָרגל״), שאָט („ציגײַנער״), וועלכער האָט, ווי מען האָט איבערגעגעבן, נאָך אין מערץ 1942 דערשאָסן דעם 26־יאָריקן יעשאָנאָוויטש פאַר איבערטרעטן די גרענעץ פון געטאָ ביי דער קאַצאַפּסקער בריק אויף ווילסאָן־גאַס, שמידט („צירקאָוויעץ״), קירש („פּעסעלע״), ווי אויך קליפּש און שלאָסער, וועלכע זענען געווען די נאָענטסטע פאַרטרויונג־מענער פון דעגענהאַרטס פאַרטרעטער, לויטענאַנט ווערנער. אויך אָנקלבאַך, דעגענהאַרטס שאָפער, האָט געמאַכט אָפּטע באַזוכן אין יידישע וווינונגען, געממיתט און גערויבט אַלץ, וואָס אים איז געפעלן געוואָרן.

ערב יום־כפּור איז די שטימונג אין געטאָ שוין געווען אַ שרעקלעכע. פון מויל צו מויל ווערט איבערגעגעבן, אַז אין שטאָט איז פאַראַן אַ „פאַרניכטונג־קאָמאַנדע״. אין משך פון טאָג איז די אומרויקייט געשטיגן. פאַרנאַכט, עס הויבט זיך אָן דאָס צינדן יום־כפּור־ליכט, און דאָס געטאָ ווערט פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן געיאָמער. יום־כפּור אינדערפרי, פאַרמעל האָבן יידן רעכט נישט צו אַרבעטן. ווייניק, זייער ווייניק יידן נוצן איצט אויס די דאָזיקע רעכט. עס פאַרשפרייטן זיך קלאַנגען, אַז די יידישע „מקורבים למלכות״, ווי גנאַט, יאַזשאָמבעק, הערמאַן „קוליבייקע״, בעסער, שעפּטעל, מעכטיגער און אַנדערע זענען אַרויס פון געטאָ און באַהאַלטן זיך אויס אויף דער אַרישער זייט. מען גיט איבער, אַז דער „חזן״ פּאַאול לאַנגע, דער דייטשער לייטער פון „מעבל־לאַגער״, האָט שטילערהייט געראָטן די יידישע אַרבעטער אויף דער דאָזיקער פּלאַצוווקע זיי זאָלן נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט נישט גיין אַהיים, נאָר בלייבן נעכטיקן אויף זייער אַרבעט־פּלאַץ. די אַרבעטער פון „מעבל לאַגער״, „בראַלאַנד״, ראַוואַ״ און אין דער פאַבריק „האָראָוויטש און שותפים״ גרייטן שנעל צו בונקערס אויף זייערע אַרבעט־פּלאַצוווקעס און שמוגלען אַהין אַריין זייערע נאָענטסטע פאַמיליע־מיטגלידער. עס פאַרשפרייט זיך אַ קלאַנג, אַז דער פאָרזיצער פון יודענראַט איז אַרויסגערופן געוואָרן צום שטאָט־הויפּטמאַן

# Bekanntmachung

**Betrifft:**

**Aenderung der Sperrstunde.**

Für die Zeit vom 20. 6. 1942 bis 31. 8. 1942 wird die Sperrstunde in der Stadt Tschenstochau

**1. für Polen von 23–5 Uhr,**

**2. für Juden von 21–5 Uhr**

festgesetzt.

Wer das Stadtgebiet während der Sperrstunden ohne Passierschein betritt, wird bestraft.

Gleichzeitig wird die Polizeistunde für die polnischen Gaststätten pp. auf 22.30 festgesetzt.

Tschenstochau den 16. 6. 1942.

Der Stadthauptmann
**Dr. Franke**

# OGŁOSZENIE

**Dotyczy:**

**Zmiany godzin policyjnych.**

Na okres od 20. 6. 1942 r. do 31. 8. 1942 r. ustala się w mieście Częstochowie godzinę policyjną

**1. dla Polaków od godz. 23 do 5-ej.**

**2. dla żydów od godz. 21 do 5-ej.**

Kto przebywać będzie na terenach publicznych miasta w czasie godzin policyjnych bez przepustki, zostanie ukarany.

Jednocześnie ustala się godzinę policyjną dla polskich restauracyj na 22.30.

Częstochowa, dnia 16. VI. 1942 r.

Starosta Miejski
**Dr. Franke**



שאַבעלסקי פאַרן פוילישן פאָלקס-געריכט אין טשענסטאָכאָוו
פאַרן עדות-פולפיט די פרוי לאַנגנער

און שוין שפּעטער, ווי מען זעט איך נישט צוריק. יום־כפּור פאַרנאַכט, אַ שטאַר־קע באַוועגונג פון יידן אין געטאָ. אַלע איילן זיך עפּעס, מען לויפט, מען וואַרפט אומרויקע בליקן אין אַלע זייטן, מען שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע פרעגן ביים צווייטן, וואָס עס הערט זיך און מען לויפט ווייטער, נישט וואַר־טנדיק אויף קיין תשובה. דעגענהאַרט דראָט מיט די גרעסטע רעפּרעסיעס פאַר פאַרשפּרייטן „פאַלשע" קלאַנגען. דעגענהאַרט פאָדערט, אַז דער יודענראַט און די יידישע פּאָליציי זאָלן דעם עולם באַרויקן און אַ סוף מאַכן צו דער אומרו־יקער שטימונג אין געטאָ. יודענראַטלער און פּאָליציאַנטן באַמיען זיך דעם באַפעל פון פּאָליציי־שעף אויסצופירן. זיי גייען אַרום איבער די געטאָ־גאַסן ביז שפּעט אין אָוונט און פּרוּוון איינרעדן אַלעמען, אַז די קלאַנגען וועגן „אויסזידלונג" זענען אויסגעזויגן פון פינגער. זיי גיבן דערביי איבער, אַז דער שטאָט־הויפּטמאַן און אַנדערע דייטשע דיגניטאַרן האָבן ערשט היינט געגומען גוט „באַצאָלט" אין געלט און אין ווערטפולע חפצים און דערפאַר האָט דער יודענראַט באַקומען אַ פאַרזיכערונג, אַז אין טשענסטאָכאָוו וועט די יידן קיין שלעכטס נישט געשען. אַלע באַרויקונג־פּרוּוון ברענגען דאָך נישט אַריין קיין ענדערונגען אין דער אומרויקער שטימונג. עס ווערט שפּעט און די באַוועגונג אין די געטאָ־גאַסן ווערט גאָרנישט קלענער. מען היט נישט אָפּ פינקטלעך די פּאָליציי־שעה און קיינעם געשעט גאָרנישט. מען זעט עפּעס היינט נישט דאָס פּאָליציי־קעטשל, וואָס פלעג זיך יעדן פאַרנאַכט אַזוי פינקטלעך באַווייזן אין געטאָ. די פּריווילעגירטע האַנטווערקער, וועלכע ווינען אינעם אויסגעטיילטן הויז אַלייע 14, וואָס געפינט זיך אויף דער גרענעץ צווישן געטאָ און דער אַרישער זייט, נעמען אַהין איבער זייערע נאָענטסטע משפּחה־מיטגלידער. דער שניידער פּנחס איינהאָרן ראַט דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער פון „היינט", זשיטניצקי, וואָס געפינט זיך איצט אין טשענסטאָכאָוו, ער זאָל איבערגיין צו אים אויף אַלייע 14, ווּ ער וועט ווערן אַ „שניידער־אַרבעטער" און זיין געזיכערט פון גירוש. זשיטניצקי נעמט נישט אָן דעם חסד, ווייל ער וויל טיילן דעם גורל פון אַלע יידן. ווער עס קען, שיקט כאָטש אַרויס זיינע קינדער צו באַקאַנטע פּאָליאַקן. אויסערן געטאָ אַרבעטן דערווייל די געשטאַפּאָווצעס און זשאַנדאַרמען מעשים און זוכן אַרום יידן, וואָס באַהאַלטן זיך דאָרטן אויס. עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז עס זענען שוין פאַראַן אַ סך קרבנות פון צווישן די, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אויסערן געטאָ. די געשטאַפּאָ האָט צווישן אַנדערע געכאַפּט דאָס יונגע טעכטערל פון באַקאַנטן יידישן אַרבעטער־טוער אין טשענסטאָכאָוו, דודעק שלעזינגער, וואָס איז געוועזן באַהאַלטן ביי אַ פּוילישן אַרבעטער, עס געבערענגט צו די עלטערן אַהיים אויף גאַריבאַלדי־גאַס און דאָרט צוזאַמען מיטן טאַטן דערשאָסן אין די אויגן פון דער מוטער. עס פאַלט צו די נאַכט. די גאַסן ווערן אָפּגערוימט, און עס הויבט אָן הערשן אין געטאָ אַן אימהדיקע שטילקייט, אַ שטילקייט פאַר אַ שטורם.

יום־כפּור ביינאַכט, דעם 21־טן אויפן 22־טן סעפּטעמבער 1924, זענען אַלע געטאָ־גאַסן באַשטעלט געוואָרן מיט פאַשיסטיש־אוקראַינישער און לעטי־שער הילף־פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון געשטאַפּאָווצעס און שוץ־פּאָלי־

ציאַנטן, און די „גירוש-אַקציע" האָט זיך אָנגעהויבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע טראַגעדיע פון גרויסן טשענסטאָכאָווער יידישן קיבוץ.

# די גרויסע ליקווידאציע

דעם 22-טן סעפטעמבער 1942 פאַרטאָג האָט דאָס געטאָ אויפגעציטערט. יידישע פּאָליצאַנטן צעטראָגן צווישן זייערע באַקאַנטע די וויסטע בשורה, אַז דאָס געטאָ איז פון אַלע זייטן באַשטעלט מיט פאַשיסטיש-אוקראַאינישער הילף-פּאָליציי. טויזנטער מענטשן לויפן אַרום אין געטאָ פון שטוב צו שטוב, פון הויז צו הויז און פון גאַס צו גאַס. מען האַלדזט זיך. מען קושט זיך און מען געזעגנט זיך. דער טומל איז אין לשער. מען וויינט, מען שרייט, מען לויפט און מען שלעפּט מיט זיך פּעק. ווער עס שלעפּט מיט זיך אַ פּאַק בעטגעוואַנט, ווער אַ רוקזאַק, ווער אַ טלומעק און ווער אַ ביסל געשיר. מען לויפט, ווי מען וואָלט זיך געוואָלט ארויסרייסן פון אַ שרעקלעכער שרפה. אויך מיך יאָגט פון גאַס צו גאַס. אָט בין איך אין נייעם מאַרק, אָט אין אַלטן מאַרק, אָט בין איך אויף מיראָווסקע, אָט אויף גאַרנצאַרסקע און אָט בין איך אויף נאַדזשעטשנע. דאָ לאָז איך זיך מיטן שטראָם ביזן „רינעק וואַרשאַווסקי". איך וויל גיין צוריק און קען נישט. עס שטערט דער מענטשן-שטראָם און דער עיקר — די פאַשיסטישע הילף-פּאָליציי, וועלכע געבן צו „פאַרשטיין" מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן, אַז קיין צוריק איז נישטאָ... וואַרשעווער גאַס, קרוטקע. די גאַסן זענען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. צענדליקער זשאַנדאַרמען און געשטאַפּאָווצעס, צענדליקער גראַנאַט-פּאָליציאַנטן, הונדערטער באַנדיטן פון די הילפס פאָרמאַציעס. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ ווערן מחנות געטריבן צו דער „מעטאַלורגיע", וווּ עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די „שאָפּן". פרויען ווערן אַוועקגעריסן פון די מענער און קינדער פון טאַטע-מאַמע. מען ראַנגלט זיך מיט די מערדער, מען וויל גיין צוזאַמען. ווער עס שטעלט זיך אנטקעגן, פאַלט מיט אַ צעשמעטערטן שאַרבן. דאָס זעלבע געשעט אויך מיט די, וואָס לאָזן זיך נישט אָפּרייסן פון ווייב און קינד, אָדער וואַגן זיך צו געזעגענען מיט ווייב און קינד. די קרוטקע גאַס אין פול מיט מוראדיקן געליאַרעם. מאַמעס, משוגע פון פאַרצווייפלונג, רופן זייערע פאַרפאַלן געוואָרענע קינדער און פאַלן מיט צעשמעטערטע שאַרבנס. דאָס געשריי און געוויין פון הונדערטער קינדער, וואָס רופן די מאַמעס זייערע, רייסט דורך די לופט. די רייען פאַר דער „מעטאַלורגיע" ווערן וואָס ווייטער אַלץ געדיכטער און לענגער. מענטשן-שאָטנס מיט אויסגעשטרעקטע הענט. אין וועלכע עס שטעקן רויטע ביכעלעך, וואָס דאַרפן באַשטעטיקן די נוצלעכקייט פון זייער פּערזאָן, שטייען פינצטערע אין ריזן-רייען איינער צום צווייטן געפּרעסט פאַר די טויערן פון דער געוועזענער מעטאַלפאַבריק. דער גרויזאַמער פּאָליציי-הונט, הויפּמאַן דעגענהאַרט, שפּאַצירט דאָ רואיק צווישן דער געדיכטער מאַסע און מיט זיין שפּיצרוט טייטלט ער איבער קעפּ און שטאַמלט ארויס: „דו רעכטס, דו לינקס!" ער שוינט נישט קיינעם.




מעטאַלורגיע „שאָפּן"

טויזנטער רויטע ביכעלעך וואַלגערן זיך צעריסענע צעטרעטענע און זייערע באַזיצער ווערן געטריבן לינקס. פון דער געוועזענער פּרץ־שול, אין וועלכער עס איז איצט איינגעאָרדנט אַ שפּיטאָל פּאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע, לאָזן זיך ארויס אין בלויזער וועש צענדליקער קראַנקע, נאָך זיי קומען קראַנקנשוועסטער. איך דערקען פונוויטנס די קראַנקנשוועסטער, דזשוני ראָזען, דעם דאָקטאָר ראָזענס טאָכטער. זי לויפט צוזאמען מיט אַלע קראַנקע. אויך איצט, ווייזט אויס, וויל זי זיי נישט פאַרלאָזן. אַ געקנאַל פון רעוואָלווערן... טייל קראַנקע פאַלן ביים טויער פון פּרץ שול־בנין, און די רעשט ווערט געטריבן אויף לינקס. הונדערטער באַקאַנטע פּנימער שוועבן אַדורך פאַר מיינע אויגן. איך באַמערק דעם שטענדיק פריילעכן, לעבנסלוסטיקן און ענערגישן ריוועק סלאָמניצקי, וועלכער ווערט איצט דורך זשאַנדאַרמען געשטויסן אויף רעכטס. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ רייסט ער זיך אויף צוריק און באַקומט זיך אריבער אויף דער צווייטער זייט. דאָ כאַפּט ער אויף די הענט אַ וויינענדיק מיידעלע און באַוועגט זיך לאַנגזאַם מיט דער מחנה אויף לינקס. נעבן מיר שטייט אַ יונג פּאָרפאָלק, נעבן זיי אַ קליין קינד. זיי רעדן צווישן זיך שטיל אויף פּויליש: „דזיעצקו ניץ זלעגאָ ניע זראָביאָן" (קיין קינד וועט מען קיין שלעכטס נישט טאָן). זיי לאָזן דאָס קינד, וואָס ווערט גלייך אויף לינקס געטריבן, און זיי אליין שטופּן זיך צום טויער פון דער „מעטאַלורגיע". איך זע, ווי לעאָן ראָזנשטיין, צעשויבערט און ווילד, ראַנגלט זיך מיט צוויי זשאַנדאַרמען. ער פאַלט אַנידער, שטעלט זיך אויף די קני און בעט זיך ביי זיי, די זשאַנדאַרמען שלעפּן אים אַוועק און שטויסן אים אַריין אין „מעטאַלורגיע". דאָס זעלבע געשעט אויך מיט לייבל אַלטמאַן, וועלכער רייסט זיך מיטצוגיין מיט זיין פרוי און קינדער. אויך איך ווער איצט אַריינגעשטויסן אין „מעטאַלורגיע". מיין רויט ביכל האָט „עדות געזאָגט" אַז איך בין אַ בערשטער־מייסטער, און די דייטשן, וואָס האָבן דאָס ביכעלע קאָנטראָלירט, האָבן ווייזט אויס געהאַלטן, אַז אַזאַ פאַכמאַן קאָן זיי נאָך צונוץ קומען...

* * *

דער פאַבריק־פּלאַץ איז פול מיט מענטשן און דאָך איז אַזוי שטיל, ווי אויף אַ בית־הקברות. דאָ אַמטירן שוין אייניקע מיטגלידער פון יודענראַט, ווי: קאַפּינסקי, בערלינער, באַזשיקאָווסקי און קורלאַנד. די דייטשן ברענגען אויך אַראָפּ דעם אַלטן חברה־קדושה־מאַן, מיסקי, וועלכער דאַרף, אונטער דער אויפזיכט פון זשאַנדאַרם איבערשערן, אָנפירן מיטן אויפרוימען די טויטע און אַוועקפירן אויף דער קאַוויאַ־גאַס, ווו עס זענען שוין צוגעגרייט 2 גרויסע גריבער אויף מאַסן־קברים. עס דריקט אַ שרעקלעכער טרויער און אומרו. מען באַוועגט זיך ווי שאָטנס, אָדער מען זיצט פאַרשטאַרט. איטלעכע פּאָר סעקונדן הערט זיך פון אַן אַנדער אָרט אַ הויכער קרעכץ, אָדער אַן אויסברוך פון געוויין. עס איז איבערגעריסן געוואָרן די אימהדיקע שטילקייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין די ערשטע מאָמענטן. לייב אַלטמאַן זיצט איינזאַם אויף אַ שטיין, קלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ און שרייט: „מיין פרוי, מיינע קינדער! מיינע ליכטיקע קינדער!" ערגעץ אין אַ ווינקל זיצט העלאַ פראנק, די פרוי פון באַקאַנטן קאָ־

מוניסטישן טוער, אינזשיניער לייבוש פראַנק. זי האַלט באַהאַלטן אונטערן קליידל איר דריי-און-האַלב-יאָריק יונגעלע. זי דערציילט, ווי מאַכל בירנצווייג האָט מיט דער הילף פון מיכאל ווייסקאָפּ (שפּעטער געוואָרן אַן אַקטיווער מיט-גליד פון „זשאָב"), שוין נאָך דער פּאָליציי-שעה זי אַראָפּגעבערענגט אין „מעבל-לאַגער", כדי איר צוזאַמען מיטן קינד דאָרט אויסצובאַהאַלטן אין אַ בונקער; זי איז אָבער פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן. זי האָט גאַנצע 3 יאָר געלעבט מיט דער האָפנונג זיך צו טרעפן מיט איר מאַן, וואָס איז אַוועק קיין ראַטן-פאַרבאַנד און איצט זענען אַלע אירע האָפנונגען איבערגעריסן געוואָרן. עס זיצט לעאָן ראָזנשטיין אויף עפּעס אַן אַלטן פאַרראָסטן קעסל און מיט ברייט צעעפנטע אויגן קוקט ער שטאַר פאַר זיך. אויף טריט און שריט אַן אַנדער פאַרחושכט פּנים, אַן אַנדערער וואַנזיניקער בליק. מען זיצט, מען דרייט זיך אַרום, ווי איינער דעם צווייטן וואָלט נישט געזען. מיטאָג-צייט באַווייזן זיך 2 זשאַנדאַרמען, קוקן אין אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן עמעצן געזוכט. זיי שטעלן זיך אָפּ נעבן ראָזנשטיי-נען, פרעגן אים צי ער איז דער יודע, וואָס האָט דווקא געוואָלט מיטגיין מיט זיין פרוי און רופן אים צו גיין מיט זיי. אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום דערהערט זיך אַ שאָס און ראָזנשטיין ליגט שוין אין אַ קאַלוזשע מיט בלוט. דער דאָזיקער שאָס האָט אויפגערודערט דעם פאַראומערטן עולם, ווי אַן אָנזאָג, אַז אויך דאָ איז מען נישט זיכער מיטן לעבן. עס קומט אָן דעגענהאַרט אין באַגלייטונג פון זשאַנדאַרמען. אַלע יידן ווערן געיאָגט און אויפגעפּאָדערט זיך אויסצושטעלן אין אַ געדיכטער לאַנגער ריי. יעדע שורה ווערט געגנוי באַטראַכט. ווער עס זעט אויס צו יונג, אָדער צו אַלט, ווער עס זעט אויס שוואַך, אָדער האָט אַ מום, ווערט גלייך אַרויסגענומען פון דער ריי און אַוועקגעפירט. מיט אַ פּאָר שורות פאַר מיר שטייט אַ 14-15-יאָריק יונגל. ער ווערט אַרויסגענומען פון דער ריי דורך דעגענהאַרטן אַליין, נאָכדעם ווייזט דעגענהאַרט אָן מיטן שפּיצרוט אויף אַ מיטליאָריקן ייד און רופט אויס: „דו ביסט געוויס זיין פאָטער!". דער ייד ווערט זיך, אָבער עס העלפט נישט. ער מוז גיין צוזאַמען מיטן יינגל אַלס זיין „פאָטער"... עס צערינען די אילוזיעס פון די, וואָס האָבן געגלויבט, אַז אין די „שאָפּן" וועט מען זיכער זיין מיטן לעבן און אויך דאָ הויבט מען אָן זוכן מיטלען, ווי זיך צו ראַטעווען. דער 22-טער סעפּטעמבער, דער ערשטער טאָג נאָך יום-כּיפּור האָט זיך פאַרענדיקט פאַר די יידן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ מיט עטלעכע הונדערט דערמאָרדעטע אויפן אָרט און 8.000 אַרויסגעשיק-טע קיין טרעבלינקע.

ביי די אַרויסגעשיקטע האָט מען פריער צוגענומען די פּעק, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך, און אפילו געהייסן אויסטאָן די שיך און נאָכדעם ערשט זענען זיי אריינגעשטויסן געוואָרן אין די פון פריער צוגעגרייטע פּי-וואַגאָנען. די גאַסן: קאַוויאַ, ווילסאָן, קרוטקאַ, גאַריבאַלדי, רינעק, וואַרשאַווסקי, א טייל פון גאַרנצאַרסקאַ און אַ טייל פון נאַדזשעטשנאַ, וועלכע זענען אין משך פון דורות באַוווינט געווען פון יידן, זענען איצט אויסגעליידיקט געוואָרן אינגאַנצן.

אויפּצומאָרגנס — אַלע געטאָ-גאַסן שטרענג באַוואַכט, געדיכטע שיסערייען אין די גאַסן, פון וואַנען די יידן זענען שוין אַרויסגעשיקט. דאָ ווערן געמאָר-

דעט יידן, וואָס האָבן פּרובירט זיך אויסצובאַהאַלטן און נישט אַרויסגעגאַנגען אויף דער „סעלעקציע". אויך אויף די נאָך־באַוווינטע גאַסן הילכן אָפּ אָפּטע שאָסן, וואָס רייסן איבער דאָס לעבן פון די, וועלכע וואַגן אַרויסצובליקן דורך אַ פענצטער, אָדער זיך באַווייזן אויף אַ באַלקאָן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז פון דער צווייטער „סעלעקציע" האָט מען אַ געוויסע צאָל יידן שוין פון די וואַגאָנען צוריקגעשיקט אין געטאָ אַריין. עס ווערט אַ נערוועזע באַוועגונג. מען לויפט צו די יודענראַט־מיטגלידער, מען פּרוּווט געוויער צווערן עפּעס געניערס ביי יידישע פּאָליציאַנטן, ביי פּוילישע גראַנאַט־פּאָליציאַנטן, ביי זשאַנדאַרמען. יעדער וויל געוויער ווערן, צו עס געפינט זיך נישט אַמאָל צווישן די „גליקלעכע" עמעץ פון זיין משפּחה, פון זיינע נאָענטע און באַקאַנטע. פון יידישע פּאָליציאַנטן דערוויסט מען זיך, אַז מען האָט טאַקע צוריקגעשיקט יידן פון די וואַגאָנען אין געטאָ אַריין, אָבער זיי האָבן געהאַט רעכט זיך אומצוקערן בלויז אין די גאַסן, ווו עס זענען נאָך געבליבן יידן. אַ שיין פון האָפנונג, וואָס איז פול מיט ציטער און אומרו פאַרן ווייטערדיקן גורל, באַמערקט זיך בלויז ביי געציילטע, דער ווייט גרעסטער טייל איז רעזיגגירט און גלויבט נישט אין קיין ניסים.

אויפן דריטן טאָג ווער איך גערופן צום פּאַרטרעטער פון דעגענהאַרטן, צום שוץ־פּאָליציאַנט סאַפּאַרט, וואָס אַמטירט אין „מעטאַלורגיע", און אין דער אַניוועזנהייט פון קאַפּינסקין באַקום איך אַ באַפעל, אַז אַלס געוועזענער אָנפירער פון „טאָז"־אַנשטאַלטן זאָל איך איינאָרדנען אַ סאַניטאַר־פּונקט פאַר די איבערגעלאָזטע יידן. מען האָט געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אַ פּלאַטפאָרם מיט פערד און אונטער דער אויפזיכט פון אַ זשאַנדאַרם, פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט און פון אַ יידישן פּאָליציאַנט, האָב איך געדאַרפט צוויי מאָל אין טאָג אַרויספאָרן פון „מעטאַלורגיע" און ברענגען דאָס פאַרמעגן פון „טאָז" און פון סאַניטאַר־פּונקט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן יודענראַט. איך שליס אַן אָפּמאַך מיט מיינע „באַגלייטער" און פאַר הונדערט גילדן פון קאָפּ דערלויבן זיי מיר מיטצונעמען פון געטאָ יידן און אַריינצושמוגלען זיי אין „מעטאַלורגיע" אַלס אַרבעטער, וואָס העלפן מיר צו ביי דער אַרבעט, וועלכע איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן. שפּעטער האָבן זיי געהעכערט דעם אָפּצאָל אויף טויזנט גילדן פון אַ קאָפּ. אַלס דאָקטאָר אויפן סאַניטאַר־פּונקט ווערט באַשטימט ד"ר יצחק שפּערלינג, וועלכער ווייזט אין זיין אַרבעט אַרויס איבערגעגעבנקייט ביים דערטיילן הילף צווישן די יידן אין „מעטאַלורגיע" און אויך ביים אַריבערשמוגלען יידן פון די גאַסן אין „מעטאַלורגיע" אַריין. (אין „האסאג" האָט דער זעלבער שפּערלינג נישט גוט געהאַנדלט). ביים דריטן מאָל פון מיין זיין אין גאַס האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ „סעלעקציע". פון וואַרשעווער גאַס, פון אַלטן מאַרק, פון נאַדזשעטשנע און גאַרנצאַרסקע טרייבט מען ווייטער יידן. אַלע ווערן געיאָגט אויפן גרויסן פּלאַץ פון נייעם מאַרק. טויזנטער יידן זענען דאָ אויסגעשטעלט אין צוויי געדיכטע לאַנגע רייען. צענדליקער זשאַנדאַרמען, צענדליקער געשטאַפּאָווצעס, גראַנאַט־פּאָליציאַנטן, הונדערטער פון די הילפס־פאָרמאַציעס און גרופּעס זעלנער פון דער „לופט־וואפע" רינגלען אַרום דעם

דאָזיקן פּלאַץ. אַלע האַלטן גרייט די ביקסן, אָדער רעוואָלווערן מיט די לופֿטס געווענדעט צו די צוזאַמענגעטריבענע יידן. אין דער לינקער זייט אויף מערב פֿון דעם פּלאַץ נאָענט פֿון דער ערשטער אַלייע שטייט דער גענעראַל פֿון עס-עס, בעטכער, מיט אַ גרופּע עס עס-אָפֿיצירן. אויפֿן פּלאַץ געפֿונען זיך אויך איינקע יידישע פּאָליציאַנטן און צוויי מיטגלידער פֿון יודענראַט, קאַפּינסקי און קורלאַנד, וועלכע אַסיסטירן בעת דער „סעלעקציע". עס הערשט אַ טויט-שטילקייט. עס הערט זיך בלויז די שטאַמלדיקע שטים פֿון דעגענהאַרטן: „וואָס ביסטו פֿון באַרוף?" און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער טייטלט ער מיט זיין שפּיצרוט איבער די קעפּ: „רעכטס, לינקס! רעכטס, לינקס!" מיט דעם דאָזיקן כאַראַקטע-ריסטישן: „דו רעכטס, דו לינקס!" דעצידירט ער וועגן לעבן און טויט פֿון יעדן באַזונדער. כמעט אַ האַלבן טאָג דויערט די דאָזיקע „סעלעקציע". זעקס טויזנט יידן פֿון לינקס ווערן געטריבן צו די וואַגאָנען און געשיקט קיין טרע-בלינקע און די עטלעכע הונדערט יידן פֿון רעכטס ווערן איבערגעשיקט אין „מעטאַלורגיע". די גאַסן זענען פֿאַרזייט מיט הרוגים און דער סעלעקציע-פּלאַץ איז חוץ דעם פֿאַרזייט מיט קינדער-וועגעלעך, רוקזעק, טלומיקעס, בעטגעוואַנט און טעפּלעך. עס איז פּוסט און שרעקלעך...

טאָג נאָך טאָג בין איך מיט מיינע „באַגלייטער" אין גאַס. פֿון די שטובן, ווו עס געפֿונען זיך נאָך יידן, טראָגן זיך צו אונדז רופֿן: „יידן, באַזאָרגט עפּעס עסן!" דורך די פֿענצטער דערקען איך קינדער פֿון דער „טאָז-שוויעטליצע", וועלכע שרייען: „וואָס וועט זיין מיט אונדז? מיר זענען הונגעריק!". פֿון די ווענט שרייען אַראָפּ גרויסע פּלאַקאַטן, מיט מעלדונגען פֿון שטאָט-הויפּטמאַן, ד"ר פֿראַנקע, און וועלכע ער דראָט מיט טויט-שטראָף פֿאַר אויסבאַהאַלטן יידן, פֿאַר באַזאָרגן יידן מיט שפּייז און פֿאַר פֿאַרקויפֿן יידן שפּייז-אַרטיקלען[98].

פּלוצים — אַ שיין פֿון אַ נייער האָפֿנונג: זשאַנדאַרמען האָבן געבערענגט צו פֿירן אין די „שאָפּן" אַריין אַ גרופּע יידן. זיי האָבן זיך אויסגעקויפֿט פֿאַר גרויסע סומעס געלט, פֿאַר צירונג און אַנדערע ווערטפֿולע חפֿצים. עס ווערט איבערגעגעבן, אַז דעגענהאַרט אַליין האָט ביי דער קאָלאָניאַל-פֿירמע גלאַטטער איבערגענומען אַ גרויסן טראַנספּאָרט טייערע קאָלאָניאַל-סחורות פֿון אַ בונקער און דערפֿאַר האָט ער די גלאַטערס פֿאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אויסמיידן די „סעלעקציע". די יודענראַט-מיטגלידער, וואָס אַמטירן אין „מעטאַלורגיע", נעמען זיך אונטער די וויטערדיקע „פֿאַרמיטלונג" און קאַסירן איין ביי יידן אויסלייז-געלט פֿאַר דער שוץ-פּאָליציי. יידן גיבן איבער דאָס לעצטע, וואָס זיי פֿאַר-מאָגן נאָך. מען גיט אָפּ פֿאַרבאָרגענע און פֿאַרמויערטע אוצרות און אַפֿילו דאָס טייערסטע צירונג, וואָס איז איבערגעגאַנגען פֿון דור צו דור, אַבי צו ראַטע-ווען זייערע נאָענטסטע. זעקלעך מיט גאָלד, צירונג און בריליאַנטן גייען אי-בער צו די יודענראַטלער און פֿון זיי טיילווייז צו די זשאַנדאַרמען, אָבער די אָפּגענאַרטע, צום טויט פֿאַרמשפּטע יידן וואַנדערן ווייטער צו די פּי-וואַגאָנען, אין וועלכע זיי ווערן געפֿירט קיין טרעבלינקע.

מיר ווידער איז אין דער זעלבער צייט פֿאַרוועט געוואָרן אַרויסצופּאָרן אין גאַס מיט מיינע שטענדיקע „באַגלייטער" אָן אַ מיטגליד פֿון יודענראַט. עס

האָט אָנגעהויבן מיט מיר מיטפאָרן דער יודענראַטלער, קורלאַנד, וואָס האָט וואַרשיינלעך הינטער מיינע פּלייצעס געווירקט אויף מיינע „שומרים" זיי זאָלן נישט דערלויבן אַריינצושמוגלען יידן אין „מעטאַלורגיע", ווייל דאָס האָט זיך געקרייצט מיט די פּלענער פון יודענראַט, וואָס האָט געזאַמלט „פדיון הנפש"-געלט. איך האָב זיך דעריבער געמוזט באַגנוגענען מיטן באַזאָרגן, בעת מיינע אַרויספאָרן, עסן פאַר יידן אין די אָפּגעשלאָסענע גאַסן, דורך וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען אַדורכצופאָרן מיט שפּייז-אַרטיקלען, וואָס איך האָב ארויסגענומען פון די „טאָז"-מאַגאַזינען אויף פשעמיסלאָוואַ נר. 11 און אין „מחזיקי-הדעת" אויף נאַדזשעטשנאַ. אין דעם האָט מיר שוין קורלאַנד יאָ צוגעהאָלפן. דעם 29-טן סעפּטעמבער האָבן מיר ארויסגענומען פון „טאָז"-מאַגאַזין אויף נאַדזשעטשנאַ 36 צען זעקלעך מעל און געזאָלט פאַרטיילן צווישן יידן, וואָס האָבן זיך נאָך אויף דער דאָזיקער גאַס געפונען. אויף נאַדזשעטשנאַ 34 האָבן מיר אין אַן אָרעם פינצטער שטיבל אָנגעטראָפן אויף אַ געהאָנגענעם. דער ייד הענגט אין מיטן שטוב אויף צונויפגעבונדענע האַנטוכער. מיר באַטראַכטן דעם זעלבסטמערדער און דערקענען אין אים אַ געוויסן יצחק-הערש רוג, וועלכער שטאַמט פון אַ קליין שטעטל ווישוועע, וואָס ליגט נאָענט פון קאָוולע אויף וואָלין. אויף נאַדזשעטשנע-גאַס, אין הויז פון זשוריקער רבי טרעפן מיר דעם געוועזענעם לייטער פון דער פעלד-קיך, יחיאל גאמולינסקי. ער איז מסכים איבערצונעמען איין זעקל מעל פאַר די יידן, וואָס געפינען זיך נאָך אין דאָזיקן הויז. די איבעריקע 9 זעקלעך מעל גיבן מיר אַריין אין דער בעקעריי פון זלמןווינדמאַן, וואָס געפינט זיך אויף גאַרנצאַרסקע-גאַס, כדי דאָרט אויסצובאַקן ברויט פאַר די יתומים, וועלכע געפינען זיך אויף פשעמיסלאָוואַ נר. 6. דעם זעלבן טאָג נאָך באַזוכן מיר דאָס זקנים-הויז, וואָס געפינט זיך איצט אויף גאַרנצאַרסקע-גאַס אינעם געוועזענעם הכנסת-אורחים-הויז. דער גאַנצער הויף שטעלט דאָ פאָר מיט זיך איין שעכט הויז. אַלע ווענט באַשפּריצט מיט בלוט און די דורכגענג פול מיט הרוגים. אין יעדן צימער צווישן די בעטן און אין די בעטן — הרוגים, אייניקע ליגן אין די בעטן און האַלבע קערפּער הענגען אַראָפּ, אַנדערע ליגן מיט די קעפּ אונטער קישנס, ווי זיי וואָלטן אויף אַזאַ אופן געוואָלט פאַרהיטן די קעפּ זייערע פון די קוילן. אין איין שטוב טרעפן מיר צווישן אַלע הרוגים אַן אַלטיטשקע, וואָס זיצט אין בעט מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט, רייסט מיט די הענט דאָס איבערבעט און מורמלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. דער זשאַנדאַרם, וואָס היט אונדז כאַפּט ארויס דעם רעוואָלווער און לייגט אים צוריק אַריין אין רעוואָלווער-טעשל. אויף דער גראַנאַטפּאָליציאַנט האַלט נישט פון אַ סוף מאַכן צו די גסיסה-ליידן פון דער זקנה

דעם 2-טן אָקטאָבער בין איך ווידער אין גאַס, דאָס מאָל בין איך באַשטימט צו העלפן ביים פאַרטיילן ברויט צווישן די יידן, וואָס ווערן אַוועקגעשיקט. עס שווינדלט אין מוח — אַזויפיל באַקאַנטע און נאָענטע... אָט באַמערק איך דעם געוועזענעם באַאַמטן פון סאָציאַלער הילף ביים יודענראַט, שלמה פישמאַן. וואָס האָט פאַרניכטעט הונדערטער קאַרטן פון די געניסער, כדי אויפצווייזן, אַז אין טשענסטאָכאָוו זענען נישטאָ קיין סך אָרעמעלייט און דערמיט

פאַרהיטן זיי פון אויסזידלונג. איצט ווערט ער אַליין אויך אַוועקגעשיקט, אָט באַמערק איך דעם אַדוואָקאַט מענדל קאָנאַרסקי, וועלכער שלעפּט זיך קוים אויף זיינע קראַנקע פיס און ווערט אונטערגעהאַלטן פון זיין פרוי און שוועגערין, אָט גייט דער אַקטיוויסט פון „אַרבעטער-ראַט״, ווילינגער, נעבן אים — זיין פרוי און קינדער, וועלכע האָבן אַזוי אָפט פאַרשאַפט יעדן איינעם פיל פרייד מיט זייערע אַרויסגעוויזענע פעיקייטן, חן און קינדערישער צאַרטקייט בעת די עפנטלעכע אויפטריטן פון די „טאָז״-שוויעטליצעס. פון גרויסן עולם געטריבענע טיילן זיך אויס פלאַטפאָרמעס מיט קינדער אין ווייסע פאַרטוכלעך מיט בלויע פאַסן און צווישן זיי — זייערע דערציערינס. אויף איין פור זיצט צווישן די קינדער רבקה וואַזשעכאַ, די געוועזענע פּרעבליסטין פון דער „פרץ״-קינדערהיים און בעת דער מלחמה — לייטערין פון יתומים-הויז. נאָך דער דאָזיקער פור שלעפּן זיך איר אַלטע מאַמע, איר מאַן שמולעוויטש מיט אַ פידל אונטערן אָרעם און דער גאָר אַלטיטשקער שטייער. אזוי פירט מען די 150 קינדער פון יתומים-הויז אויף זייער לעצטן וועג. דער „סעלעקציע״-פּלאַץ ווערט אָפּגערייניקט פון דער טרויעריקער פּראָצעסיע. עס בלייבן בלויז הרוגים: ווער פון זיי מיט אַ צעשמעטערטן שאַרבן און ווער מיט אַ דורכגעלעכערטער ברוסט. איינער זעט אויס, ווי ער וואָלט געשלאָפן און אַנדערע ליגן מיט אויסגעשפּרייטע הענט און פיס, ווי זיי וואָלטן עפּנטלעך געשענדעט געוואָרן. אויך פון דער דאָזיקער „סעלעקציע״ האָט מען איבערגעלאָזט עטלעכע הונדערט מאַן, וועלכע זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין די „שאָפּן״ און אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס, ווו עס האָבן זיי דערוואַרט נייע „סעלעקציעס״.

אין דער זעלבער צייט, ווען עס זענען פאָרגעקומען די אויסזידלונגען, האָט זיך אין געטאָ אָנגעהויבן אַ ווילד געיעג נאָך רויב: דייטשן נאַרן אויס באַהאַלטענע פאַרמעגנס ביי די לעבנגעלאָזטע, איבער די גאַסן ציען זיך וועגענער מיט האָב און גוטס פון יידישע וווינונגען צו די צוגעגרייטע מאַגאַזינען פון דער שוץ-פּאָליציי, וועלכע פאַרנעמען איצט די גאַנצע גאַריבאַלדי-גאַס. עס ציען זיך וועגענער מיט הרוגים צו דער קאַוויע-גאַס, ווו די שוץ-פּאָליציי האָט ביי די טויטע אַרויסגעריסן גאָלדענע ציין און אָפּגעשניטן פינגער מיט גאָלדענע רינגען, וועלכע ווערן געזאַמלט אין קוישן און אַוועקגעפירט. אַהער ווערן אויך געבראַכט זקנים, קראַנקע און קינדער, וועלכע ווערן געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן און זיך לייגן אין אַ ריי נעבן גרוב מיט די פּנימער אַרויף. ערשט דאַן גייען זשאַנדאַרמען פון איין קרבן צום צווייטן, שיסן יעדן אריין אַ קויל אין קאָפּ. דאָס אָנטועכטס פון די הרוגים ווערט טיילווייז נאָכדעם אַוועקגעגעבן צו איינוווינער אויף דער דאָזיקער גאַס, וועלכע זענען פריער געצוווּנגען געוואָרן אריינצוואַרפן די הרוגים אין מאַסן-קבר[99]

דעם 4-טן אָקטאָבער איז געקומען די ריי אויף די קראַנקע פון יידישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אויף פּשעמיסלאָוואַ-גאַס. די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער, וואָס האָבן דאָרט אַמטירט, האָבן באַקומען אַ באַפעל צו מאַכן די קראַנקע טויט-איינשפּריצונגען. בלויז איינציקע פון זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דעם דאָזיקן באַפעל. די ווייט גרעסטע טייל האָט זיך באַמיט

די קראַנקע צו באַרויקן, געווען אויך קראַנקנשוועסטער, וואָס האָבן פּרובירט שאַפן אַ בעסערע שטימונג צווישן די קראַנקע, פאַרטיילנדיק זייער פּערזענ־לעכע וועש אַלס מתּנות צווישן קראַנקע פרויען, וועלכע האָבן שוין פאַרענדיקט זייער קוראַציע און דאַרפן אויסגעשריבן ווערן פון שפּיטאָל. דעם זעלבן טאָג נאָך איז דער גאַנצע שפּיטאָל־פּערסאָנאַל אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער „סע־לעקציע", פונוואַנען די גרעסטע טייל איז געשיקט געוואָרן צום טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. די קראַנקע, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען 13 געווי־נערינס מיט זייערע זויגלינגען, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף קאַוויע־גאַס. דאָ האָבן די זשאַנדאַרמען פריער דערשאָסן די עלטערע, וועלכע האָבן נאָך געלעבט נאָך די איינשפּריצונגען, לויט זייער איינגעשטעלטן „מנהג", אויס־לייגנדיק זיי אין אַ ריי פאַרן קבר. צו די זויגלינגען האָט זיך גענומען איבער־שער אַליין. דער דאָזיקער דייטשער מערדער האָט יעדעס זויגלינג אָנגעכאַפּט ביי אַ פיסל, אָדער ביי אַ הענטל, געשאָסן צו דעם און אַריינגעוואָרפן אין מאַסן־קבר[100]. אין דער זעלבער צייט זענען אויך אויסגעענדיקט געוואָרן די רעשט קראַנקע און שפּיטאָל אויף קרוטקאַ 22.

דער קליינער פאַבריק־פּלאַץ, ווו עס געפינען זיך די „שאָפּן", איז געדיכט באַלייגט מיט טויזנטער מענטשן. נישטאָ קיין פריי שטיקל פּלאַץ, ווו מען זאָל זיך קענען באַוועגן. דאָרט ווו מען עסט, דאָרט ווו מען שלאָפט און דאָרט ווו מען זיצט און מען באַוויינט דעם גרויסן אומגליק — דאָרט מוז מען אויך דער־ליידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן. אויף טריט און שריט זיצן מענטשן און וויינען. אויפן צווייטן הויף אין ווינקל, צווישן אָנגעוואָרפענע ברעטער ליגט אַ יונגע פרוי און קורטשעט זיך אין קראַמפּן. אַ פאַרלאָזענע, אַ צוזאַמענגע־בראָכענע און אַן איינזאַמע ליגט זי מיט פאַרביסענע ליפּן, קרעכצט איינגעהאַלטן און קנעט מיט די אייגענע פויסטן דעם בויך אירן. אַ גרופּע פרויען רינגלען זי געדיכט אַרום, כּדי קיין „בייז אויג" זאָל דאָס נישט באַמערקן. די קינפּע־טאָרן מוז אַליין די הייבאַם זיין...

אויפן צווייטן טאָג האָבן זשאַנדאַרמען געפונען די געווינערין מיטן ניי־געבוירענעם קינד און אַוועקגעפירט צו דעגענהאַרטן. יעדער פון אונדז איז זי־כער, אַז דער גורל פון די צוויי נייע „אַרעסטאַנטן" איז שוין אַ געחתמעטער. צו אַלעמענס שטוינונג האָט דעגענהאַרט פאַראָרדנט, אַז פאַר דער יונגער מאַ־מען זאָל אַלע פרימאָרגן צונעשטעלט ווערן אַ ליטער פרישע מילך. ער האָט אויך פאַראָרדנט, אַז עס זאָל איינגעאָרדנט ווערן אין „מעטאַלורגיע" אַ ספּעצ־יעלער זאַל, ווו זי מיטן קינד זאָלן זיך געפונען און דערביי דערקלערט אַן „אַמנעסטיע" פאַר די אַלע מאַמעס מיט קינדער, וועלכע עס האָט זיך איינגע־געבן אַריינצובאַקומען אין די „שאָפּן" און אויסמיידן די „סעלעקציעס". עס איז אויף דעם צוועק אויסגערוימט געוואָרן אַ גרויסער פאַבריק־זאַל אויפן ערשטן שטאָק. פול מיט אומרו און אומצוטרוי האָבן מאַמעס מיט קינדער, דערשעפּטע פון הונגער און אויסגעמאַטערטקייט אין די באַהעלטענישן, זיך אַרויסגעשאַרט פון קעלערן, בוידעמער און לעכער, ווו זיי זענען לאַנגע טעג און נעכט גע־לעגן אין טויט־שרעק און פאַרנומען אַ פּלאַץ אין צוגעגרייטן זאַל, ווו זיי האָבן

אויך באַקומען עסן פאַר זיך מיט די קינדער. זיבן טעג האָט זיך געצויגן דאָס „באַקוועמע" לעבן פון אַ פּאָר צענדליק מאַמעס מיט זייערע קינדער. אויפן אַכטן טאָג איז ווייטער דורכגעפירט געוואָרן אַ „סעלעקציע" אין „מעטאַלורגיע". אַלע מאַמעס מיט זייערע קינדער זענען אויך פאַרנומען געוואָרן און צוזאַמען מיט אַ נייעם טראַנספּאָרט יידן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. צום דאָזיקן טראַנספּאָרט האָבן זיך פיל יידן פרייוויליק צוגעשטעלט, ווייל זיי האָבן שוין פאַרלוירן די האָפנונגען זיך אַמאָל נאָך צו טרעפן מיט זייערע נאָענטסטע, וועלכע זענען נאָך מיט פריערדיקע טראַנספּאָרטן אַוועקגעשיקט געוואָרן. צווישן די „פרייוויליקע" האָט זיך געפונען די רעזשיסערין פון דראַמאַטישן קרייז ביים „טאָז", אסתר ראַזינע און אויך איר שוועסטער נאַטקע ראָזנצווייג, וועלכע האָבן נישט געקענט לאָזן זייער שוועסטער העלע פראַנק מיט איר יונגעלע, אשרל, אַליין אין דעם אומבאַקאַנטן לעצטן וועג זייערן. אויך אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס, ווי: „גאָלגאָטאַ", „בראַלאַנד", פאַבריק „האָראָוויטש און שותפים" און „מעבל-לאַגער", זענען פאָרגעקומען „סעלעקציעס" צווישן די נאָך לעבנגעלאָזטע. די פּלאַצוווקע „מעבל-לאַגער" האָט געהערט צו דער שטאָל-הויפּטמאַנשאַפט און האָט געהאַט אַ געוויסע רעכט אַרומצופאָרן איבערן אויסגעליידיקטן געטאָ און זאַמלען מעבל. די יידישע „גוואַרדיע" פון דער דאָזיקער פּלאַצוווקע, אונטער דער אָנפירונג פון דרייסטן און טיכטיקן מאַכל בירנצווייג, האָט אָנגעהויבן פירן פון יידישע וווינונגען שענק, טאַפּטשאַנעס און קוילן-קאַסטנס, אין וועלכע זי האָט געהיימניספול איבערגעשמוגלט פון קעלערס און בוידעמער אָפּגעראַטעוועטע מאַמעס מיט קינדער, פאַר וועלכע עס איז אונטער דער נאָז פון די דייטשן צוגעגרייט געוואָרן בונקערס אין „מעבל-לאַגער" גופא, וואָס האָט זיך געפונען אויף ווילסאָנאַ-גאַס נר. 20-22. אין די דאָזיקע בונקערס זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן, בעתן גאַנג פון דער אויסזידלונג און אַ געוויסע צייט נאָך דער אויסזידלונג, 73 פּערזאָן, צווישן וועלכע עס זענען געווען מאַמעס מיט קינדער און זקנים. פון דער קאַרגער פּאָרציע עסן, וואָס די אַרבעטער פון דער דאָזיקער „פּלאַצוווקע" האָבן באַקומען, האָבן זיי צום אַלעם ערשטן אַראָפּגעגעבן פאַר די אויסבאַהאַלטענע און אַליין פלעגן זיי זיך באַגנוגענען מיטן רעשט פון די הונגער-פּאָרציעס.

אין די ערשטע טעג ווי די אויסזידלונג האָט זיך אָנגעהויבן האָט דעגענהאַרט געוואָלט, אַז די דאָזיקע פּלאַצוווקע זאָל ליקווידירט ווערן און די אַרבעטער זאָלן אויסגעזידלט ווערן. די זשאַנדאַרמען האָבן דעריבער פאַרנומען פון דאָרט אַלע יידן און זיי געבראַכט אין „מעטאַלורגיע". עס האָט דעריבער געדראָט די געפאַר, אַז נישט בלויז די דאָזיקע גרופּע זאָל אויסגעזידלט ווערן, נאָר אויך, אַז די פאַרבאַהאַלטענע אין די דאָרטיקע בונקערס זאָלן אויסגיין פון הונגער, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פון דאָרט. דער שטאָט-הויפּטמאַן און זיין פאַרטרעטער, לינדערמאַן, וועלכע זענען צוליב פּערזענלעכער זיכערקייט (לינדערמאַן האָט זיך דאָ „געדעקט" ער זאָל נישט געשיקט ווערן אויפן פראָנט) און נוצן געווען פאַרינטערעסירט די פּלאַצוווקע זאָל נישט ליקווידירט ווערן, האָבן אָבער געהאַלטן אין איין אינטערווענירן, נישט

אָפּשטעלנדיק זיך אפילו פאַר אַן עפנטלעכער מחלוקת אין דער אָנוועזנהייט פון די צוניפגעטריבענע יידן אין „מעטאַלורגיע". נאָך אַ האַלבן טאָג אינטער־ווענץ האָט דעגענהאַרט זיי ערשט צוליב געטאָן און אָפּגעלאָזט די יידן צוריק אין „מעבל־לאַגער" אַריין מיטן באַדינג, אַז ער אַליין וועט נאָך דעצידירן, אין וויפל אַרבעטער די דאָזיקע פלאַצוווקע נויטיקט זיך. די לאַגע פון די „בונקראָוו־צעס" איז צייטווייליק געראַטעוועט געוואָרן. עס האָט אָבער געדראָט די געפאַר, אַז בעת די „סעלעקציעס", וואָס וועלן דאָרט דורכגעפירט ווערן, קאָנען די זשאַנדאַרן פאַלן אויף די שפּורן פון די בונקערס. די קליינע קינדער אין די בונקערס פלעגן אָפט טומלען און וויינען. פּאַאול לאַנגע, דער פאַרטרעטער פון לינדעמאַנען, האָט גאַנצע טעג אַמטירט אין „מעבל־לאַגער", אָנגענומען באַשטע־לונגען פון פאַרשידענע דייטשע אַמטן און צוגעהיט, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן די באַשטעלונגען אויספירן צו דער באַשטימטער צייט. ער, הגם אַ דייטש, האָט, ווייזט אויס, געוווסט פון די בונקערס און זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק. אַלע האָבן דאָס אַזוי פאַרשטאַנען און פאַר אים זיך ספּעציעל נישט געהיט. עס האָט אָבער געדראָט די געפאַר, אַז בעת „סעלעקציעס" קאָנען אַמאָל די זשאַנדאַרמען דערהערן אַ טומל, אָדער אַ געוויין און דעמלט וועלן אומקומען נישט בלויז די „בונקראָווצעס". עס איז דעריבער באַזאָרגט געוואָרן אין די בונקערס אַריין לומינאַל, וואָס פלעג דינען אויף איינצושלעפן די קינדער אין די טעג, ווען די סעלעקציעס זענען פאָרגעקומען. די אויפזיכט בעתן איינגעבן די קינדער דעם לומינאַל האָט געהאַט אַ געוועזענע קראַנקנשוועסטער פון יידישן שפּיטאָל, מאַניע אַלטמאַן (פון דער היים—מלכּה קאַלין). דאָך פלעגן זיך טרעפן פאַלן, ווען די מאָס איז איבערגעכאַפּט געוואָרן און די קינדער האָבן באַקומען גרעסערע דאָזעס לומינאַל ווי זייערע אָרגאַניזמען האָבן געקענט פאַרנעמען. אין אַ זעלכע פאַלן פלעגן די קינדער אָפּשלאָפן אַ גאַנצן מעת־לעת און צייטנווייז אפילו מער. געווען קינדער, וואָס נאָכן אויפכאַפּן זיך האָבן זיי געמאַכט דעם איינדרוק פון שיכּורע און נישט נאָרמאַלע. אויך אין די טעג, ווען קיין סעלעקציעס זענען נישט פאָרגעקומען, האָט מען געמוזט היטן, אַז די קינדער אין די בונקערס זאָלן נישט טומלען. אין אַזעלכע טעג פלעגן די געוועזענע לערערינס טעני וויינמאַן און יאַדזיאַ ברענער אויסגראָבן אין די קעלערן רעגן־ווערים און מיט זייערע באַוועגונגען די קינדער פאַרשפּילן. דער עיקר אָבער פלעגן די דערמאָנטע לערערינס די קינדער באַרויקן מיט מעשהלעך. דאָס דערציילן מעשהלעך האָט זיך טאָג טעגלעך געצויגן שעהן לאַנג, און ווען די צונג האָט זיך שוין געקלעפּט צום גימען און האָט נישט מער געקענט אַרויסברענגען קיין קלאַנג, איז גענוג געווען, אַז די דערציילערינס זאָלן בלויז באַוועגן מיט די ליפּן, וואָס האָט אין געוויסע מאָמענטן אויך געווירקט אויף די קינדער באַרויקנדיק. אויך נאָך די אויסזידלונגען זענען נאָך אַ געוויסע צייט די קינדער געהאַלטן געוואָרן אין די בונקערס פון „מעבל־לאַגער". דאַן זענען דאָרט געווען פאַלן פון דעזינטעריע אין דיפטעריט. אָבער אויך דאָס איז שנעל באַהערשט געוואָרן, אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון דער דערמאָנטער קראַנקנשוועסטער, ווען עס האָט מיטגעהאָלפן דער פּעדיאַטער, ד"ר זייף

פון קאַליש, וועלכן די אָקופּאַציע האָט פּאַריאָגט קיין טשענסטאָכאָווו. ד״ר זייף פלעג זיך אַרויסבאַקומען פון קליינעם געטאָ, כּדי צו העלפן די קראַנק געוואָ־רענע קינדער אין די בונקערס פון „מעבל־לאַגער״. ער איז געווען אויסגעשטעלט אויף געפאַרן בעתן אַרויסשמוגלען זיך פון געטאָ און אויך בעתן צוריק אַריינ־באַקומען זיך אַהין. די בונקערס אין „מעבל־לאַגער״ זענען טאַקע נישט אַנטדעקט געוואָרן, יעדע סעלעקציע אָבער, וואָס איז פאָרגעקומען, האָט פון דאָרטן אַרויסגעריסן אַ געוויסע צאָל יידן, וואָס זענען צוזאַמען מיט אַנדערע געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

אויך אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס, ווו יידן זענען געווען קאָשאַרירט, זענען דורכגעפירט געוואָרן סעלעקציעס, און אויך אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס, ווו ס'האָבן זיך געפונען בונקערס. פון די סעלעקציעס, וואָס די דייטשן פלעגן דורכפירן אויף פאַרשידענע פּלאַצוווקעס צווישן די יידן, וואָס זיי האָבן ערשט צוריק מיט אייניקע טעג איבערגעלאָזט, האָבן צוממערסטן געליטן די יידן פון דער פּלאַצוווקע „גאלגאטא״.

אויף דער דאָזיקער פּלאַצוווקע האָבן די דייטשן געמאַכט דעם גרעסטן חורבן. פון 750 יידן, וואָס זענען דאָ געווען קאָשאַרירט, האָבן זיי איבערגע־לאָזט אַן ערך פון 300 מאַן. אפילו די פּלאַצוווקע „אַלייע 14״ האָט דעגענהאַרט נישט געשוינט. פון זינט ס'איז געשאַפן געוואָרן דאָס גרויסע געטאָ האָבן די דייטשן אין הויז אַלייע נר. 14 איינגעאָרדנט די בעסטע פּאַכלייט פון צווישן די יידישע האַנטווערקער. דאָס דאָזיקע הויז האָט זיך געפונען אויפן גרענעץ־פּונקט צווישן געטאָ און דער אַרישער זייט. דאָס דאָזיקע הויז האָט צום געטאָ נישט געהערט. קיין אַנדערע יידן, אויסער די באַשטימטע דורך די דייטשן האַנטווער־קער, וואָס האָבן געאַרבעט בלויז דייטשע באַשטעלונגען, האָבן זיך דאָרט נישט געטאָרט געפונען. בעת דער גאַנצער אויסזידלונג־אַקציע זענען די איינוווינער פון דאָזיקן הויז נישט געריִרט געוואָרן. יידן האָבן געגלויבט, אַז די איינוווינער פון אַלייע 14 וועט קיין שלעכטס נישט געשען, ווייל די דייטשן דאַרפן דאָך די דאָזיקע פּאַכלייט פאַר זייערע פערזענלעכע נוצן. אויך די איינוווינער פון אַלייע 14 האָבן אַזוי געגלויבט. זיי האָבן דאַריבער איבערגעקויפט זשאַנדאַרמען, געשטאַפּאָווצעס און אויך אַנדערע דייטשן, אַוועקגעבנדיק זיי דאָס שענסטע און טייערסטע צירונג, וואָס עמעץ האָט פאַרמאָגט, כּדי אַריינצובאַקומען אַהין זייע־רע נאָענטסטע קרובים און פריינט. דייטשן האָבן זיך גערן געלאָזט איבערקויפן און דעגענהאַרט האָט אויך „גערן״ דערלאָזט, אַז די יידן פון אַלייע 14 זאָלן זיך טרייסטן מיט אַ האָפנונג. נאָך דעם, ווי אַלע סעלעקציעס זענען שוין געווען פאַרענדיקט, האָבן זיך ערשט די דייטשן גענומען צו די יידן פון אַלייע 14, דורכגעפירט דאָ אַ סעלעקציע לויט אַלע „כּללים״ און די אַרויסגענומענע גע־שיקט קיין טרעבלינקע.

* * *

פינף וואָכן האָט זיך געצויגן דער מערדערלעכער אַקציע־„טאַנץ״. הונגער און טויט האָבן אָן אויפהער געבושעוועט. די צאָל יידן, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, אָדער אומגעקומען אויפן אָרט, האָט דערגרייכט ביז

אַן ערך פון 41000. פון די אומגעקומענע אויפן אָרט זענען העכער 2.000 באַגראָבן געוואָרן אין די מאַסן-קברים אויף קאַוויע גאַס, אויף אַ גרויס פעלד, וואָס ליגט איבערן וועג אַנטקעגן הויז נר. 19. בלויז די עגלות, וואָס די שוץ-פּאָליציי האָט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון אַלטן חברה קדושה-מאַן, מיסקי, האָבן אַרויסגעפירט אַהין 1600 הרוגים[101]. מיסקין האָט דעגענהאַרט אָפּגעטיילט אַ באַזונדערע שטוב אין „מעטאַלורגיע". אַהער האָט דעגענהאַרט אַראָפּגעבערענגט מיסקיס נאָענטסטע פאַמיליע-מיטגלידער, איבערגעגעבן מיסקין די „מיסיע" פון זאַמלען די הרוגים און איבערפירן אויף קאַוויע גאַס. דערפאַר האָט דעגענהאַרט פאַרזיכערט מיסקין, אַז ער מיט זיין פאַמיליע וועלן נישט אַרויסגעשיקט ווערן. נאָך אַלע סעלעקציעס האָט דעגענהאַרט מיסקין מיט זיין פאַמיליע אויך אַרויסגעשיקט קיין טרעבלינקע. ווען מיסקי האָט דערמאָנט דעגענהאַרטן אין דעם צוזאָג זיינעם, האָט דעגענהאַרט געענטפערט, אַז לגבי יידן גילט נישט קיין ערן-וואָרט. לעגאַל זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אין טשענסטאָכאָווו 5185 יידן, העכער 1000 יידן זענען געבליבן אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע בונקערס. די לעגאַל לעבנגעלאָזטע זענען, בעת די אַקציעס און אַ געוויסע צייט נאָך די אַקציעס, קאָשאַרירט געווען אויף פאָלגנדיקע פּלאַצוווקעס: „מעטאַלורגיע", פירמע „בראַלאנד", פירמע „האָראָוויטש און שותפים", „האַסאַג-אַפּאַראַטענבוי", „האַסאַג-אייזנהוטע", „אָסט-באַן", „מעבל-לאַגער", „הערעסבאַו", „גאָלגאָטאַ", „מעטראָס", „אַלייע 14", מאַגאַזינען פון דער שוץ-פּאָליציי און אויף גאַריבאַלדי-גאַס נר. 18, וווּ עס זענען קאָשאַרירט געוואָרן די יידישע פּאָליציאַנטן און די יידישע דאָקטוירים מיט זייערע פרויען און קינדער.

דאָס געטאָ איז אויסגערוימט, עס הערשט אַ טויט-שטילקייט. ווו נישט ווו באַמערקט מען אויף אַ באַלקאָן גרויסע בילדער פון זיידעס און באָבעס. דורך די אויפגעפּראַלטע טירן און פענצטער טראָגט זיך די אומקלאַנגיקע, שרעקלעכע מעלאָדיע פון אומקום, פון טויט און אונטערגאַנג. עס וויינען די פאַריתומטע ווענט פון דער „טאָז"-שוויטעליצע, עס וויינט דאָס יתומים-הויז, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע חדשים אַרומגענומען 150 יתומימלעך און איצט איז עס אַליין פאַריתומט...

* * *

גרויזאַם איז געווען די לאַגע פון די לעבנגעלאָזטע. אַמשרעקלעכסטן איז געווען די לאַגע פון די 856 מענער און 73 פרויען[102], וועלכע זענען קאָשאַרירט געוואָרן אין דער אַמוניציע-פאַבריק „האַסאַג". הונדערטער מענטשן, מענער און פרויען, זענען דאָ אַלע ביינאַכט אַריינגעטריבן געוואָרן אין איין גרויסן פאַבריק-זאַל, ווו זיי זענען געהיטן געוואָרן פון באַוואָפנטע ווערקשוצן. אויף די דעכער פון די אַנטקעגנדיקע פאַבריק-בנינים זענען געווען אויסגעשטעלט מאַשינען-געווער מיט די לופעס צו דעם זאַל, ווו די יידן האָבן זיך געפונען. שלאָפן האָט מען געמוזט אויף דער הוילער צעמענטענער פּאָדלאָגע. אויף צו גיין דערליידיקן די נאַטירלעכע באַדערפעונישן האָט מען, ליגנדיק, געמוזט פריער בעטן אַ דערלויבעניש ביי די ווערקשוצן. פיין, הונגער און שמוץ איז דאָ געווען דאָס טאָג טעגלעכע ברויט. אָפּוואַשן אַביסל דאָס פנים האָט

געקאָנט בלויז דער, וואָס האָט געפונען ביי זיך גענוג כוח אָפּצושפּאָרן אויף דעם צוועק אַ ביסל קאַווע פון זיין טעגלעכער האַלב-ליטערדיקער פּאָרציע, וואָס ער האָט באַקומען צום טרינקען.

נישט פיל אַנדערש האָט אויסגעזען די לאַגע פון די קאָשאַרירטע אויף גאַריבאַלדי, אין די מאַגאַזינען פון דער שוץ-פּאָליציי. פאַר יעדן קליינעם „חטא" איז מען דאָ גלייך דערשאָסן געוואָרן. דער ערשטער קרבן איז דאָ געווען דער יונגער בחור, טשאַרנעליאַס, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביים רוי-כערן אַ פּאַפּיראָס. אַ לייכטערער רעזשים איז געווען דאָרט, ווו עס זענען געווען קאָשאַרירט די דאָקטוירים און פּאָליציאַנטן. אויך אין „מעבל-לאַגער", ווו, אַדאַנק מאַכל בירנצווייג און זיינע נאָענטסטע מיטהעלפער, וועלכע האָבן געשטעלט זייער לעבן אין געפאַר און איינגעאָרדנט בונקערס פאַר עלטערע פרויען און מאַמעס מיט קינדער, איז דער רעזשים נישט געווען אַזאַ שרעק-לעכער, ווי אויף אַנדערע פּלאַצווּוקעס. אָבער אויך דאָ האָט לינדערמאַן אי-בערגעשיקט צו דער שוץ-פּאָליציי זעקס מאַן צום דערשיסן. צווישן די דאָזיקע זעקס דערשאָסענע האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער קאָמוניסטישער טוער, דער שניידער פלאַמענבוים.

* * *

מיטן ליקווידירן די יידן אין טשענסטאָכאָוו האָט אָנגעפירט דער הויפּט-מאַן פון דער שוץ-פּאָליציי, דעגענהאַרט. דיריגירט מיט דער גאַנצער „אַקציע" האָט דער „עס-עס" און פּאָליציי-פירער פון גאַנצן ראַדאָמער דיסטריקט — גע-נעראַל דר. בעטכער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער יידן-אויסראָטונג אין גאַנצן ראַדאָמער ראַיאָן. דעם 1-טן נאָוועמבער האָט זיך די אויסזידלונג-אַקציע אין טשענסטאָכאָוו אָפּיציעל פאַרענדיקט און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אי-בערשיקן די קאָשאַרירטע לעבנגעלאָזטע יידן פון די פּלאַצווּוקעס אויף אַ באַ-שטימטן קליינעם שטח, וואָס האָט זיך געפונען אין דער אָרעמסטער, שמוציק-סטער און ענגסטער טייל פון געוועזענעם געטאָ. צום ערשט איז איבערגעשיקט געוואָרן די גרופּע, וואָס איז קאָשאַרירט געוואָרן אין „מעטאַלורגיע" און נאָכ-דעם, לויט אַ פון פריער-באַשטימטן פּלאַן, פון די איבעריקע פּלאַצווּוקעס. די לעצטע זענען איבערגעפירט געוואָרן די יידן, וואָס זענען קאָשאַרירט אין „הא-סאַג-אַפּאַראַטנבוי". די דאָזיקע גרופּע איז אין דעם ערגסטן און קלאָגעדיקסטן צושטאַנד ערשט דעם 23-טן דעצעמבער 1942 איבערגעפירט געוואָרן אין אַ ספּעציעל פאַר איר באשטימט הויז, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות, אָבער אויסערן באַשטימטן נייעם וווין-שטח, כדי די אַרבעטער פון דער אַמוניציע-פאַ-בריק זאָלן נישט קענען זיין אין קאָנטאַקט מיט די איבעריקע יידן. אין אַ גע-וויסער צייט אַרום ערשט איז אויך דאָס הויז פאַריניקט געוואָרן מיטן נייעם ארומגעצוימטן וווין-שטח, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן „קליינע געטאָ". דאָ האָ-בן זיך איצט געפונען אַלע לעבנגעלאָזטע יידן און צווישן זיי 35 לעגאַל-לעבנגעלאָזטע קינדער פון דאָקטוירים און פּאָליציאַנטן. יעדער האָט דאָ באַ-קומען זיין נומער. דעם נומער 1 האָט באַקומען דער יודענראַט-פאָרזיצער און דעם לעצטן נומער 5185 האָט באַקומען אַ געוויסע פרוי, פראַניע ניימאַן, וואָס


PLAN
DZIELNICY
MIESZKANIOWEJ
ŻYDOWSKIEJ
W CZĘSTOCHOWIE.
SKALA 1:2500.
CHŁOPICK.
KANIA
KRÓTKA
WILSONA
GARIBALDIEGO
RYNEK WARSZAWSKI
WARSZAWSKA
BERKA JOSELEWICZA
NADRZECZNA
PLAC
N. M. PANNY
DASZYŃSKIEGO
KATEDRALNA
PIŁSUDSKIEGO
PRZEMYSŁOWA
FABRYCZNA
STRAŻACKA
GARNCARSKA
TARGOWA
*Repr. Fot. L. KUSZNIR Cz-wa 49

Der SS- und Polizeiführer
im Distrikt Radom

Radom, den 21.9.1942

Tgb.Nr. 1568/42/Dr.Bö./Lg.

Verteiler IIIa
des Gouverneurs des Distrikts Radom
- Präsidialbüro - vom 21.Januar 1942.

Betr.: Beherbergung von geflüchteten Juden durch Polen.

Die Erfahrungen der letzten Wochen haben gezeigt, daß gerade aus den kleinen jüdischen Wohnbezirken des Flachlandes Juden, um sich der Evakuierung zu entziehen, flüchten.
Diese Juden müssen durch Polen aufgenommen worden sein.
Ich ersuche, baldmöglichst allen Bürgermeistern und Voigten aufzugeben, ihren Dorfangehörigen auf das Eindringlichste klar zu machen, daß jeder Pole, der einen Juden aufnimmt, sich schuldig macht nach der 3. Verordnung über Aufenthaltsbeschränkung im Generalgouvernement vom 15.10.41, VO.Bl.GG.Seite 595.
Ebenso sind als Gehilfen anzusehen die Polen, die den geflüchteten Juden wenn auch nicht Unterschlupf, so doch Beköstigung gewähren, oder ihnen Nahrungsmittel verkaufen.
In allen Fällen trifft diese Polen die Todesstrafe.
Weiter ersuche ich, in den Orten, in denen die Judenevakuierung bereits stattgefunden hat, den jüdischen Wohnbezirk auch offiziell aufzuheben, Ausnahmen bilden die Städte, in denen noch Restghettos verbleiben.

(gez.) Dr. B ö t t c h e r ,
SS-Standartenführer.

F.d.Richtigkeit:
[signature]
Oblt.n.u.Adjutant

איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַרבעט־גרופּע ביים סאַניטאַר־פּונקט אין קליי־
נעם געטאָ[103]. אַלע האָבן געגלויבט, אַז דאָ וועט מען זיי שענקען אַביסל
מנוחה און דאָ וועלן זיי קענען באַווײַנען זייערע טייערסטע און נאָענטסטע־
אָבער אויך דאָ אין דעם קליינעם געטאָ זענען די לעבנגעלאָזטע געווען
פאַרמשפּט צו ווייטערדיקער טויט־שרעק און צו ווייטערדיקע „סעלעקציעס“...

# דאָס קליינע געטאָ

אַלס וווין־שטח פאַר די העכער 5000 לעגאַל־לעבנגעלאָזטע יידן איז באַ־
שטימט געוואָרן די צפון־מזרחדיקע טייל פון געוועזענעם געטאָ. שוין אָנהויב
סעפּטעמבער 1942 האָבן די דייטשע גדולים אין טשענסטאָכאָוו אויף אַ געצייי־
כנטן פּלאַן פון געטאָ, וואָס זיי האָבן אַרויסגעפּאָדערט ביים יודענראַט, באַצייכנט
דעם שטח, ווו עס זאָלן זיך געפינען די לעבנגעלאָזטע יידן. דער דאָזיקער
שטח האָט אַרומגענומען עטלעכע הייזער פון דער מאָסטאָווע־גאַס, דאָס קליינע
קאָזשע־געסל, אַ העלפט גאַס נאַדזשעטשנאַ, אַ העלפט גאַס פון גאַרנצאַרסקאַ
און אַ פּאָר הייזער פון ספּאַדעק. די עטלעכע הייזער אויף מאָסטאָוואַ זענען
געווען דער סוף פון די הייזער אויף גאַרנצארסקאַ און קאָזשאַ, וואָס האָבן
געהערט צום נייעם געטאָ, נאָר האָבן זיך געגרענעצט מיט מאָסטאָוואַ און די
הייזער פון ספּאַדעק האָבן אויך געהערט צו די זעלבע גאַסן, נאָר האָבן זיך
געפונען אויף דעם אָרט, ווו די ספּאַדעק־גאַס שניידט דורך די קאָזשע־גאַס. פּאַקטיש
איז דאָס נייע געטאָ באַשטאַנען פון 3 ענגע, שמוציקע פּאַראַלעל־ליגנדיקע
געסלעך, וועלכע זענען אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט און באַוואַכט
געוואָרן פון אוקראַינישע פּאַשיסטן אונטער דער אָנפירונג פון דער שוץ־פּאָליציי.
דעם דאָזיקן שטח האָט מען אַ נאָמען געגעבן „דאָס קליינע געטאָ“. אַהער
האָבן די דייטשן סוף אָקטאָבער 1942 אָנגעהויבן איבערפירן די לעבנגעלאָזטע
יידן, וואָס זענען געווען קאָשאַרירט אויף פאַרשידענע „פּלאַצוווקעס“.

דאָס קליינע געטאָ האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ שרעקלעכן פּאָגראָם. טיר
און פענצטער אויפגעריסן. אַלע שטובן אויסגעלערט; בלויז אויף די הויפן האָבן
זיך געוואַלגערט צעבראָכענע שטיקער פון אַלט אָרעם מעבל, צעבראָכענע
קינדער־וועגעלעך, צעריסענע קישנס און איבערבעטן, צעבראָכן געפעס, איינצי־
קע שיך, פעדערן און גלאָט שמאַטעס. אויף יעדן הויף זעט מען ווי עס
בלאָנדזשען אַרום מענטשן־שאָטנס און זוכן עפּעס. ווער עס באַהאַלט אַ מעסער,
ווער אַ לעפל און ווער עפּעס אַן אַנדער חפץ. יעדן ווייזט זיך אויס, אַז ער
האָט געפונען אַ זכר פון זיין אייגענער היים און ער באַהאַלט עס ווי עפּעס
אַ הייליקייט. האַלט אַ פרוי אַ קינדער־שיכל און כליפּענדיק מורמלט זי, אַז
דאָס איז זיכער אַ שיכעלע פון איר קינד, שלעפּט אַ פרוי אַ קינדער־בענקעלע
און רעדט צו זיך אַליין: „מיין קינד, מיין אָרעם קינד, נעבעך...“ ווו נישט ווו
באַמערקט מען דורכשלייכן זיך עמעצן מיט אַ באַהאַלטענעם חפץ אונטערן
מאַנטל, אָדער טיכל. דאָס האָט אַ טאַטע, אָדער אַ מאַמע פול מיט פּחד גע־

טראָגן אַ געפֿונענע ליאַלקע, אָדער אַן אַנדער שפּיל־צייג פֿאַר זייערס אַ קינד, וואָס ליגט ערגעץ באַהאַלטן אין אַ בונקער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעבן פֿון די, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן פֿון די „פּלאַצוווקעס", פֿון „מעטאַ־לורגיע" און פֿון קוואַראַנטאַננע אין קליינעם געטאָ אַריין. ביסלעכווייז האָבן פֿון קעלערן און בוידעמער אָנגעהויבן ארויסקריכן די, וואָס האָבן פֿאַר די „אַקציעס" געוווינט אין די דאָזיקע גאַסן און בעת די „אַקציעס" האָבן זיי זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. מיט אַרבעט־גרופּן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אַריינשמוגלען אין קליינעם געטאָ אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט און האָבן שוין דאָרט ווייטער נישט געקענט פֿאַרבלייבן, ווי אויך אַ טייל פֿון די, וואָס האָבן אין קעלערס און אויף בוידעמער פֿון געוועזענעם געטאָ אויסגעמיטן דעם טויט און אויף ווייטער דאָרט נישט געקענט פֿאַרבלייבן. הונגער און אויסזיכטלאָזיקייט האָט זיי אַרויסגעיאָגט פֿון זייערע באַהעלטענישן און ווער פֿון זיי עס האָט געהאַט דאָס גליק אָנצוטרעפֿן אויף אַן אַרבעט־גרופּע האָט זיך אין איר אָנגעשלאָסן אומבאַמערקט און אויף אַזאַ אופֿן אריינגעשמוגלט אין געטאָ. אַ סך זענען טאַקע ביי אַזעלכע „וויפּראַוועס" אומגעקומען, עס האָבן זיך אָבער אויף אַזאַ אופֿן אויך אַ סך אָפּגעראַטעוועט, און סוף יאָר 1942 זענען שוין געווען אין געטאָ אַן ערך פֿון 6500 יידן, פֿון וועלכע העכער 3000 זענען געווען באַשעפֿטיקט אויף פֿאַרשידענע פּלאַצוווקעס, אַ טייל אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפֿירט דער פֿאַרקלענערט געוואָרענער יודענראַט און אַ טייל איז געווען אומלעגאַל און נישט רעגיסטרירט. זעקס און אַ האַלבער טויזנט אומעטיקע שאָטנס, וועלכע האָבן אַביסל לעבן געגנבעט ביים גורל, זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ שטיקנדיקער שטייג.

* * *

דאָס לעבן אין קליינעם געטאָ נעמט אָן נייע פֿאָרמען, קיין אייגענעווירטשאַפֿט איז דאָ נישט דערלויבט צו פֿירן. אַלע מוזן ארבעטן און ציען די נעבעכדיקע חיונה זייערע פֿון דער קיך פֿון יודענראַט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף נאַדזשעטשנע גאַס. דעם לוין פֿאַר דער אַרבעט, וואָס די פּלאַצוווקעס צאָלן פֿאַר יעדן שקלאַף, נעמט צו די שוץ־פּאָליציי, וואָס איז געוואָרן דער איינציקער באַלעבאָס איבער אונדז. די שוץ־פּאָליציי קערט אום דעם יודענראַט צו האַלבע קילאָ ברויט טעגלעך אויף אַן אַרבעטנדיקן, צו האַלבע ליטער קאַווע אויף פֿרישטיק און אָוונט־ברויט און צו האַלבע ליטער זופּ אויף מיטאָג. די, וואָס אַרבעטן נישט, קענען נישט זיין רעגיסטרירט און ממילא קענען זיי נישט געניסן פֿון דער דאָזיקער באַשפּייזונג.

שוין 5 אַזייגער אינדערפֿרי מוזן אַלע זיין אויף די פֿיס און פֿאַרטיעסווייז, אונטער באַוואַכונג, מאַרשירן צו די באַשטימטע פֿאַר זיי אַרבעט־פּלעצער, וועלכע געפֿונען זיך אויסערן געטאָ, ווו דער גרעסטער טייל איז אויסגעשטעלט אויף פֿיין און חוזק און שפּאָט. 9 אַזייגער אָוונט צעטראָגט זיך איבערן געטאָ די אומעטיקע מעלאָדיע פֿון טרומפּייט, וואָס פֿאָדערט אויף צום שלאָף. ביים אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט און ביים קומען צוריק ווערן אַלע פֿאַרטיעס געציילט און קאָנטראָלירט. פֿון צייט צו צייט הערט זיך ביים אַריינמאַרשירן

אין געטאָ אַ הילכיק געזאַנג פון אַרבעטער, וואָס איז נישט קיין אויסדרוק פון שיכּרות, אָדער פרייד. דאָס פּאַראַדילכן אַזוי די אַרבעטער-גרופּן די געוויינען פון לעבנגעבליבענע קינדער, וועלכע ווערן דורך זיי אריינגעשמוגלט אין גרויסע ברויט-טאָרבעס פון דרויסנדיקע בונקערס אין געטאָ אַריין, ווו עס זענען פאַר זיי שוין צוגעגרייט געוואָרן נייע בונקערס. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן זיך צוממערסטן אויסגעצייכנט די אַרבעטער פון דער פּלאַצוווקע „מעבל-לאַגער", וועלכע האָבן אין הויז אויף נאַדזשעטשנאַ 88 איינגעאָרדנט פיר גוט-פאַרקאָנ-ספּירירטע בונקערס. אָט איז אַ ביישפּיל פון אַזאַ סיטואַציע. אין אָנהויב נאָוועמבער 1942, ווען זיי האָבן אַריינגעשמוגלט אַ גרעסערע גרופּע קינדער. ביים טויער פון געטאָ „וויליאַט", אויף ראָג נאַדזשעטשנאַ און רינעק וואַרשאַווסקי, ווו עס האָט זיך געפונען די „וואַכע", האָט זיך דאַן געפונען אַ גרעסערע גרופּע פון דער שוץ-פּאָליציי מיט דעגענהאַרטן בראש. די אַרבעטער האָבן אָנגעלאָדן אַ פור מיט אַ סך פּעק מלבושים, וואָס האָבן כלומרשט געהערט צו זיי, און מאכל בירנצווייג, דער אָנפירער מיט דער דאָזיקער אַרבעטער-גרופּע, איז מיט דער פור געפאָרן פאָראויס... די דייטשן האָבן זיך גענומען צום קאָנטראָלירן די פּעק און די „זינגער" מיט די געהיימניספולע טאָרבעס האָבן זיך דערווייל אַריינגעשלייכט אין געטאָ און פאַרשווונדן. ענלעכע פאַלן זענען פאָרגעקומען בעתן אַריינשמוגלען שפּייז.

די צאָל אַרבעטנדיקע אויף פּלאַצוווקעס איז די ערשטע צייט נישט געווען קיין גענויע, ווייל עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צו קיין אַרבעט נישט געשטעלט. צווישן די, וואָס האָבן זיך צו קיין אַרבעט נישט געשטעלט זענען געווען: די מיטגלידער פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געפירט זייער טעטיקייט אין געטאָ גופא, ווי ביים גראָבן טונעלן פאַר דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע, זקנים און קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און סתם מענטשן, וואָס האָבן סאַבאָטירט דאָס אַרבעטן פאַר די דייטשן, הגם עס זענען פון צייט צו צייט געווען צוליב דעם קרבנות. דער ערשטער קרבן פאַר נישט גיין צו דער אַרבעט איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען, פלאַט, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אין געטאָ דורך אַ גראַנאַט-פּאָליציאַנט, סאַמעטקאָוווסקי; עס איז אויך געבליבן ביי יעדן אין זכרון דער מאָרד, וואָס די דייטשן זענען באַגאַנגען איבער אַ געוויסער פרוי צימערמאַן און איר 14 יעריק טעכטערל. די מאַמע איז נישט געגאַנגען צו קיין אַרבעט, ווייל זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע, און דאָס קינד האָט נישט געאַרבעט, ווייל עס האָט געהיטן די מאַמע, וועלכע האָט עטלעכע מאָל געמאַכט זעלבסטמאָרד-פּרווון. אַ שווערן איינדרוק האָט אויף אַלעמען געמאַכט די עקזעקוציע איבערן געוועזענעם סעקרעטאַר פון האַנדלסאָנגעשטעלטן-פאַריין, וואַלדעק בלומענפרוכט. וואַלדעק איז געווען שווער קראַנק און נישט געקענט אַרבעטן. דעם 11-טן מערץ 1943 האָט דעגענהאַרט באַפוילן אים צו שיסן. בעת די שוץ פּאָליציאַנטן זענען נאָך אים געקומען, האָט ער אַראָפּגעשלינגען ציאַנקאַלי. די מערדער האָבן דאָך באַוויזן אים אַרויסצופירן, געצווונגען, ער זאָל אַראָפּציען פון זיך די מלבושים און שיך און נאָכדעם ערשט דערשאָסן. סוף נאָוועמבער 1942 האָט דער עס-עס

און פּאָליציי־פירער פון ראַדאָמער דיסטריקט, בעטכער, דורכגעפירט אַן אינספּעקציע אין קליינעם געטאָ און עס דערקלערט פאַר אַן „אַרבעט־לאַגער“. פון דעמלט אָן האָט זיך דער רעזשים נאָך מער פאַרשטאַרקט, די קאָנטראָל איז געוואָרן אַ שטרענגערע און די צאָל אַרבעטנדיקע איז טאָג־טעגלעך גענויער פאַרצייכנט געוואָרן. די ערשטע גענויע רשימה פון די אַרבעטנדיקע אויף פּלאַצוווקעס אויסערן געטאָ איז געמאַכט געוואָרן דעם 5־טן דעצעמבער 1942. דעמלט האָבן אויף 27 פּלאַצוווקעס געאַרבעט 2832 יידן (2474 מענער און 358 פרויען)[104]. די איבעריקע זענען געווען באַשעפטיקט אין געטאָ גופא[105] און אַ קליינער טייל איז ווייטער געבליבן פאַרשטעקט אין בונקערס.

כמעט יעדן טאָג ביים אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט זענען ביים „וויליאַט“ געשטאַנען שוץ־פּאָליציאַנטן און אונטער דער אָנפירונג פון וואכמייסטער איבערשער, וועלכער איז געוואָרן לאַגערפירער, אַרויסגעכאַפּט פון די רייען מענטשן און אַריינגעוואָרפן אין אַ געוועזענעם יאַטקע־געוועלב פון הויז 7־8. איבערשער אַליין האָט מיטן איינגעבויגענעם הענטל פון זיין שטעקן געכאַפּט, ווי אַ הונטשלעגער, דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן ביים האַלדז און אַריינגעשלעפּט אין יאַטקע. אין אַזעלכע אַקציעס פלעג זיך אָפט אויך באַטייליקן דער דעמאָלטדיקער פּוילישער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, מייזנעראָוויטש, וועלכער האָט אויפן מוסטער פון איבערשערן אויך געאַרבעט מיטן שטעקן זיינעם. די אַריינגעוואָרפענע יידן אין דער „יאַטקע“ זענען נאָכדעם אין גרעסערע גרופּן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק און בליזשין, פון וואַנען זיי זענען שוין נישט צוריקגעקומען. אָפט האָט מען גאַנצע פּאַרטיעס אַראָפּגענומען פון די אַרבעט־פּלעצער און אַוועקגעשיקט. יעדע „וויסילקע“ איז באַגלייט געוואָרן מיט קרבנות: אייניקע זענען געפאַלן אויפן אָרט, אַנדערע זענען געפאַלן ביים שפּרינגען פון די אויטאָס, אָדער פון די פּאַרקראַטעוועטע וואַגאָנען.

מלבושים פון דערשאָסענע, וואָס האָבן נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין גרויסן ווערט, האָט די שוץ־פּאָליציי איבערגעשיקט צום יודענראַט. אַזאַ טראַנספּאָרט מלבושים איז איבערגעשיקט געוואָרן דעם 1־טן מערץ 1943, אין וועלכן עס האָבן זיך דאָ געפינען 80 שטיק מענער און דאַמען־זאַכן, 1 פּאָר שטיוול, 5 פּאָר פּאַנטאָפל אין 3 איינציקע שיך[106]. דער נומער פון דערשאָסענעם (יעדער ייד אין קליינעם געטאָ האָט געהאַט אַ נומער) פלעג איבערגעגעבן ווערן אין יידישן אַרבעט־איינזאַץ כדי דער דערשאָסענער זאָל ווערן אויסגעמעקט פון דער רשימה פון די, וואָס געפינען זיך אין געטאָ.

די ערשטע צייט איידער דאָס געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעט־לאַגער, האָט זיך די צאָל אַרבעטער אויף די פּלאַצוווקעס געהאַלטן אין פאַרגרעסערן. יעדער האָט געגלויבט, אַז אַרבעטנדיק אויף אַ פּלאַצוווקע, איז מען זיכערער. אָנהויב מערץ 1943, נאָך דעם ווי אַסך יידן זענען שוין געווען אַרויסגעשיקט אין די לאַגערן פון סקאַרזשיסק און בליזשין, זענען נאָך געווען 2304 מענער און 847 פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פּלאַצוווקעס אויסערן געטאָ[107]. די פּערמאַנענטע „אַקציעס“, וואָס די דייטשן פלעגן דורכפירן און דאָס אַנטלויפן פון געטאָ אויף אַרישע פּאַפּירן. האָט דערפירט דערצו,

אין „יאַטקע"

זיך בין נייגעריק צו איך וועל דערלעבן ביז מאָרגן – מיעטעק גאָלדשטיין

אין „יאַטקע"

מיין שטערן איז אויסגעלאָשן, עס איז מיר זייער שלעכט

אַז די צאָל יידן האָט זיך גענומען פאַרקלענערן. אָנהויב אַפּריל 1943, ווען כמעט אַלע בונקערס אין געטאָ גופא זענען שוין געווען ליקווידירט, האָבן זיך אין קליינעם געטאָ געפונען נישט מער ווי 4043 מאַן. (2662 מענער 1346 פרויען און 35 קינדער פון פּאָליציאַנטן און דאָקטוירים)[108].

זייער אָפּט פלעגן זיך פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן אַ טערמין פון פול-שטענדיקער ליקווידאַציע. איז איין טערמין איבערגעגאַנגען, האָט מען שוין אָנגע-הויבן רעדן פון אַ צווייטן. די נערוון האַלטן נישט אויס פון כסדרדיקער אומזיכערקייט און אומרו. דער דראַנג צום לעבן און צום איבערלעבן שטאַרקט זיך פונדעסטוועגן פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה. די שטרעבונג איינצושאַפן זיך אַביסל געלט און מיטלען, כדי צו האָבן מיט וואָס צו אַנט-לויפן און איבערלעבן די צייט אויסערן געטאָ, ווערט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. מען גנבעט זעק מיט זאַכן פון די פּאָליציי-מאַגאַזינען, ווו עס גע-פינט זיך דאָס אָנגערויבטע יידישע „האָב און גוטס" און מען פאַרקויפט צו פּאָליאַקן, מיט וועלכע מען טרעפט זיך אויף פּלאַצוווקעס. אין דעם פּרט צייכע-נען זיך אויס די יידן, וואָס אַרבעטן ביי דער שוץ-פּאָליציי ביים רוימען דאָס חרובע געוועזענע גרויסע געטאָ און ביים סאָרטירן דאָס אַלץ אין די מאַגאַ-זינען פון דער שוץ-פּאָליציי. פון דאַנען ווערן די אויסגעסאָרטירטע זאַכן אַוועק-געשיקט קיין דייטשלאַנד. טייל יידן זאַמלען טאַקע אָן גרויסע אוצרות און מען וויל פאַרטויבן דורך דעם דעם שרעקלעכן צער פון נעכטן און די ליידן פון היינט. ביי אָט די מענטשן ווערט דאָס לעבן הפקר... עס צעהוליעט זיך פרעס און זנות. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי די מענטשן וואָלטן געלעבט אין אַ געדיכטן פינצטערן דזשונגל. אין דער זעלבער צייט אָבער אַנטוויקלט זיך דאָ אַ צווייט לעבן — אַ לעבן אין בונקער'ס און אין קעלערן. דאָ זיצן די יענע יוגנטלעכע, די יענע מענער און פרויען, וועלכע ווילן נישט פאַרגעסן אין זייער געפיל פון נקמה און דראַנג צו קאָנטינואירן דעם קאַמף קעגן פינצטערן היט-לערישן פאַשיזם. יינגלעך און מיידלעך, כמעט נאָך קינדער, האָבן די דאָזיקע קע-לערן פאַרוואַנדלט אין אַ קוזשניע פון ווידערשטאַנדס-געדאַנק. טאָג און נאַכט ווערט דאָ אומדערמידלעך געאַרבעט. מען שאַפט איין געווער. מיט מסירת-נפש שמוגלט מען אַריין קוילן און דינאַמיט, וואָס ווערט אַרויסגעגנבעט פון די דייטשע אַמוניציע-פאַבריקן. אָן דערפאַרונג און מיט הוילע הענט ווערן אויסגעאַרבעט אייגנאַרטיקע גראַנאַטן. עס ווערן אויך צוגעגרייט גרויסע טונעלן מיט אַרויס-גענג אויסערן געטאָ, וועלכע וועלן דאַרפן דינען אויפן פאַל, ווען מען וועט זיך מוזן צוריקציען פון קאַמף-פעלד. מען באַשטייערט און מען זאַמלט איין געלט אויף געווער און מען „ענדיקט אויס" פאַרעטער. די קאַמף-גרופּן מערן זיך און ווערן אַ כוח, מיט וועלכן אַלע אין געטאָ מוזן זיך רעכענען. די שטימונג אין געטאָ ענדערט זיך ביסלעכוויז אונטערן איינדרוק פון דאָזיקן פאַקט, וואָס הייסט קאַמף-אָרגאַניזאַציע. די צאָל קעמפער ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער און זייער צוגרייטונגס-אַרבעט — אינטענסיווער.

אויפן געביט פון קולטור-טעטיקייט איז אין קליינעם געטאָ זייער ווייניק געטון געוואָרן. דאָס וואָס איז אָבער יאָ געטון געוואָרן איז כדאי צו דערמאָנען.

פון צייט צו צייט פלעגן זיך אין די אָוונטן צוזאַמענקומען אין פאַרשידענע ווינונגען אַ פאָר צענדליק מאַן, פאַרבעטן צו זיך איניקע לעבנגעבליבענע זינגער פון געוועזענעם „טאָז"־כאָר און דורכפירן אַ קאָנצערט. באַזונדערס האָבן זיך אויף דעם דאָזיקן געביט אויסגעצייכנט צווי ברידער יאַקובאָוויטש, וועלכע האָבן דעקלאַמירט און געזונגען אייגענע שאַפונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך אָפגעשפיגלט די גרויליקע איבערלעבענישן און געשעענישן. אייניקע לידער זייערע זענען געוואָרן אַזוי פאָפולער, אַז אַפילו דייטשן האָבן שוין נאָכגעזונגען. דאָס פאָפולערסטע ליד זייערס איז געווען: „ווּהין זאָל איך גיין?". אויך די רעליגיעזע יידן האָבן געפירט אַ געוויסע טעטיקייט. זיי פלעגן איינאָרדנען מנינים און בציבור פראַווען יום־טוב־טישן. דעם איינציקן פסח, וואָס עס איז אויסגעקומען איבערצולעבן אין קליינעם געטאָ, האָבן זיי נישט אַדורכגעלאָזט. זיי האָבן געבאַקן מצות און געפראַוועט די סדרים בציבור.

אַ באַזונדער קאַפיטל איז געווען דער באַשפייזונג־פונקט פאַר קינדער, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין הויז אויף מאָסטאָווע־גאַס נר. 9, ווו עס האָבן געווינט די דאָקטוירים. דאָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַשפייזונג־פונקט פאַר די 35 לעגאַל־לעבנגעבליבענע קינדער פון די דאָקטוירים און פאָליציאַנטן מיט דער ווירטשאַפט האָט זיך פאַרנומען די פרוי פון דאָקטאָר סטאָמאַטאָלאָג, קיאַק און מיט דער דערציונג – די פרעבליסטין העלטשע ווײַנרייך. ביסלעכווייז האָבן זיך די אומלעגאַלע, אויסגעהונגערטע און אָפגעצערטע קינדער אין די בונקערס אָנגעהויבן אַרויסשאַרן פון זייערע באַהעלטענישן און מעלדן אויף דעם דאָזיקן פונקט נאָך עפעס עסן. אָנהויב נאָוועמבער 1942 איז דער דאָזיקער פונקט שוין באַזוכט געוואָרן פון איבער 60 קינדער. די אָנפירונג מיטן דאָזיקן באַשפייזונג־פונקט האָט דער שרייבער פון די שורות. דער באַשפייזונג־פונקט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דריי־קלאַסיקער עלעמענטאַר־שול מיט אַ פאָר־שול, וואָס האָבן אַרומגענומען 120 קינדער. אויסער די שוין דערמאָנטע, האָבן אַלס לערערינס דאָרט אויך געאַרבעט מאַניע בערנשטיין און טעניע ווײַנמאַן (געוועזענע לעקטאָרינס אין דער יידישער גימנאַזיע) און די געוועזענע צוויי לערערינס פון עלעמענטאַר־שולן: קייזער און מ. זאָמבעק. די לעצטע איז אַ טאָכטער פון פאָפולערן אין טשענסטאָכאָוו דאָקטאָר קיאַק. דער אַרבעטער־טוער, דער בלעכער הערשל פריימאַן האָט אין זעלבן הויז איינגעאָרדנט אַ באָד־צימער פאַר די קינדער פון דער דאָזיקער שול. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, ביז עס האָט געטראָפן דער פאָלגנדיקער פאַל: אַ געוויסן פאַרמיטאָג פון דער ערשטער העלפט נאָוועמבער 1942 האָט זיך אין צימער פון דער פרעבל־שול באַוויזן דעגענהאַרט אין דער באַגלייטונג פון איבערשערן. ביידע האָבן זיך אָפגעשטעלט אויף דער שוועל, געקוקט אויף די קינדער און געשוויגן. דעגענהאַרט האָט לסוף אויסגעשטאַמלט (ער איז געווען אַ ביסל אַ שטאַמלער): „וואַס מאַכן זי דען היר?". אַלע האָבן געשוויגן און געווען זיכער, אַז עס וועט געשען אַן אומגליק. עמעץ פון די דאָקטוירים האָט מודיע געווען וועגן דעם קאַפינסקין, וועלכער איז תיכף געקומען און אָנגעהויבן אויפקלערן דעגענהאַרטן, אַז דאָ ווערן באַשפייזט די לעגאַל־לעבנגעבליבענע קינדער.

דעגענהאַרט האָט מיט זיין ציניש־געמאַכטן ערנסט געפרעגט קאַפינסקין פאַרוואָס די קינדער זענען אויס אַזוי בלאַס. איבערשער האָט דאַן זיך אָפּגערופן, אַז דאָס זענען זיכער קינדער פון בונקערס, וועלכע האָבן דאָרט געהונגערט און אַ לענגערע צייט נישט געזען קיין ליכט פאַר די אויגן. נאָך אַ קורצער, אָבער שווערער פאַרלעגנהייט פון אַלעמען, האָט דעגענהאַרט, צו יעדערנס שטוינונג, פאַראָרדנט צו קאָכן פאַר די דאָזיקע קינדער ספּעציעלע מיטאָגן און צוגעזאָגט וועכנטלעכע שפּייז־צוטיילונגען פאַר אַלע קינדער, אַפילו פאַר די, וואָס קומען נישט אויפן באַשפּייזונגס־פּונקט. אַלע קינדער האָבן טאַקע פון דעמלט אָן באַקומען צוטיילונגען פון מעל, אייער, פּוטער, צוקער און האָניק, וואָס איז אין מאַגאַזין פון יודענראַט ארויסגעגעבן געוואָרן איין מאָל אַ וואָך און צו אַ גלאָז מילך אַ קינד יעדן טאָג. די אויפזיכט איבער דער שול און פרעבל־שול איז דורכן יודענראַט איבערגעגעבן געוואָרן דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע, דעם דאָקטאָר אַניספעלד, אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ נעץ. דער דאָזיקער „גן־עדן" פאַר די קינדער האָט געדויערט ביז אָנהויב יאַנואַר 1943. דעם 4־טן יאַנואַר 1943 אינדערפרי האָט מען באַמערקט, ווי דאָס געטאָ אינדרויסן איז באַשטעלט מיט באַוואָפנטע דייטשן. די לערער האָבן באַשלאָסן אָפּצושיקן די קינדער צו זייערע אַפּוטרופּסים, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז יעדע מאַמע, אָדער טאַטע וועלן זיכער בעסער קענען אויסבאַהאַלטן זייערע קינדער. אַזוי איז טאַקי געשען די קינדער האָבן באַוויזן אַהיים צוקומען און זיך באַהאַלטן אין בונקערס. די גרעסטע טייל פון זיי איז אָבער מיט דער הילף פון אייניקע יידישע פּאָליציאַנטן אויסגעפונען געוואָרן דורך די דייטשן. צוזאַמען מיט זייערע מאַמעס האָט מען זיי אַוועקגעשיקט קיין ראַדאָמסק; פונדאַנען זענען זיי אַוועק קיין טרעבלינקע. די שול איז ליקווידירט געוואָרן. די לערער האָבן שוין מער נישט געהאָלט זיין די, וואָס גרייטן צו אַ „פּעטערן" רויב פאַר די דייטשע ווילדע חיות. אויך אַניספעלד האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אויפזיכט איבער די קינדער. פון די 35 לעגאַל לעבנגעבליבענע קינדער זענען אויפן באַשפּייזונגס־פּונקט געקומען בלויז 18. דאָס זענען געווען קינדער פון די דאָקטוירים, וואָס האָבן געוווינט אין זעלבן הויז, ווו די שול האָט זיך געפונען. אויך די דאָזיקע קינדער זענען שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן. דאָס איז געווען דעם 20־טן מערץ 1943, ווען עס איז ליקווידירט געוואָרן די יידישע אינטעליגענץ אין טשענסטאָכאָוו.

די אינטענסיווע צוגרייטונג־אַרבעט פון די קאַמף־גרופּן און דאָס אָרעמע ביסל קולטור־אַרבעט האָט זיך ווייטער געפירט און דאָס זענען נאָך געווען די איינציקע ליכטיקע שטראַלן, וואָס האָבן געשיינט אינעם פאַראומערטן אַרבעט־לאַגער.

די שוץ־פּאָליציי, וועמען דער עס־עס און פּאָליציי־פירער אין ראַדאָם האָט איבערגעגעבן דאָס אויסשליסלעכע רעכט איבער די יידן אין אַרבעט־לאַגער פון טשענסטאָכאָוו, האָט געהאַלטן אין „באַשענקען" די אַסורים מיט איין גזירה נאָך דער צווייטער. שוין אין דער צווייטער העלפט פון חודש דעצעמבער 1942 האָט דעגענהאַרט געמאָלדן דעם יודענראַט, אַז אַלע חתונות, וואָס

זענען פאָרגעקומען פון זינט דער אויסזידלונג פון גרויסן ־געטאָ, אַנולירט ער, און ווער פון די דאָזיקע פּאָרלעך עס וויל ווייטער לעבן צוזאַמען, מוז זיך ווענן דעם ספּעציעל ווענדן, כּדי אויפסניי דורכצופירן אַ חופּה־צערעמאָניע אין זיין אָנוועזנהייט. פון דעמלט אָן האָט יעדעס פּאָרל, וואָס האָט געוואָלט לעבן צוזאַמען און דורכפירן אַ לעגאַלע חתונה, זיך געמוזט ווענדן מיט אַ שריפט־לעכער ביטע וועגן דעם צו דעגענהאַרטן דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם יודענ־ראַט. די, וואָס האָבן באַקומען אַזאַ דערלויבעניש, האָבן די חופּה־צערעמאָניע געמוזט דורכפירן אין דעם טאָג, ווען דעגענהאַרט האָט באַשטימט. דעגענהאַרט פלעג באַשטימען אויף דעם זעלבן טאָג און אין דער זעלבער שעה עטלעכע חופּות, אַליין ביייזיין און געבן זיין „ברכה״. אין דער זעלבער צייט, ווען דעגענהאַרט האָט ארויסגעגעבן די דאָזיקע פאַראָרדענונג, האָט ער אויך פאַר־אָרדנט, אַז נישט פאַרהייראַטע פרויען און מענער טאָרן נישט וווינען אויף איין און דער זעלבער גאַס. די קאָזשע־גאַס איז באַשטימט געוואָרן פאַר פרויען די נאַדזשעטשנע־גאַס — פאַר מענער, און די גאַרנצאַרסקע־גאַס, וואָס האָט זיך געפונען צווישן קאָזשאַ און נאַדזשעטשנאַ, איז באַשטימט געוואָרן פאַר פאַ־מיליע־מענטשן. דעגענהאַרט האָט זיך גענומען דאָס פאַרגעניגן צו געבן זיין „ברכה״ אַפילו אַזעלכע, וואָס זענען שוין פון לאַנג געווען מאַן און ווייב, נאָר האָבן נישט געהאַט קיין חתונה־דאָקומענטן.

די שוץ־פּאָליציי האָט אין קליינעם געטאָ געפירט אַ סיסטעמאַטישע פאַר־ניכטונגס־אַרבעט. יעדער טאָג ברענגט זיין צאָל קרבנות. עס ווערן צעשאָסן די, וואָס גייען נישט אַרויס צו קיין אַרבעט, עס ווערן געבּרענגט אין געטאָ די, וואָס מען כאַפּט אויף דער „אַרישער״ זייט, כּדי זיי דאָ צו דערשיסן, און אַלע יידן זאָלן פון דעם וויסן. עס ווערן געשאָסן מאַמעס, וואָס זענען פון זינען אַראָפּ. עס ווערן געשאָסן יונגע קינדער, וואָס היטן זייערע וואַנזיניקע מאַמעס פון באַגיין זעלבסטמאָרד. עס ווערן געשאָסן מענער, וואָס מען כאַפּט אויף דער „פרויען״־גאַס. עס ווערן געשאָסן אַרבעטער פון מאַרשירנדיקע גרופּן צו די פּלאַצוווקעס, ווייל אַ ווערקשוץ, אָדער אַ זשאַנדאַרם, וואָס באַוואַכט די דאָזיקע גרופּע אויפן וועג צו דער פּלאַצוווקע, האָט אויף זיי געוואָרפן עפּעס אַ חשד. עס ווערן צעשאָסן די, אויף וועמענס באַקן עס בליט דער טובערקו־לאָז־פיבער. עס ווערן צעשאָסן אַנדערע שווער קראַנקע א. א. וו. די דאָזיקע אַלע „קליינע אקציעס״ האָבן אַריינגעבּרענגט חורבן אין דעם אַזוי אויך חרובן לאַגער־לעבן. דעם גרעסטן חורבן האָבן מיט זיך געבראַכט די גרעסערע „אַקציעס״, וועלכע פלעגן ווערן צוגעגרייט מיט דער אמתער דייטשער פּינקט־לעכקייט. אַזאַ אַקציע איז פאָרגעקומען אָנהויב יאַנואַר 1943.

4־טער יאַנואַר 1943, צען אַזייגער פרי. דאָס געטאָ אין דרויסן איז גע־דיכט באַשטעלט מיט זשאַנדאַרמען און אוקראַינער אין פולער באַוואָפנונג. דאָס געטאָ ווערט אויפגעטרייסלט. עס רוישט, ווי אין אַ בינענשטאָק. מען לויפט פון אָרט צו אָרט. מיט אויגן פול פחד קוקט אײנער אויפן צווייטן. מען אײלט זיך אומרויִק און עס מאַכט דעם איינדרוק ווי יעדער וויל, אַז די שומרים פון דרויסן זאָלן עס נישט באַמערקן. עס פאַלן פראַגן: „וואָס וועט שוין ווייטער

פּאַרקומען?״ וואָס ווילן זיי שוין ווייטער מיט אונדז מאַכן?״ אין דער זעלבער צייט שפּאַצירן זיך זשאַנדאַרמען אין העלמען אויף די קעפּ רויק, האַרט ביי די דראָטן, און קוקן מיט גלייכגילטיקייט אויף דעם, וואָס קומט איצט פאָר אין געטאָ. פּלוצלינג ווערט דאָס געטאָ פול מיט אוקראַינישע פאַשיסטן, שוץ־פּאָליציי און גראַנאַט־פּאָליציאַנטן, זיי טיילן זיך איין אין גרופּן און לאָזן זיך אין באַגלייטונג פון יידישע פּאָליציאַנטן איבערן געטאָ. שרעקלעכע קולות און גוואַלדן טראָגן זיך פון איין עק געטאָ צום צווייטן. עלטערע מענטשן, מאַמעס מיט קינדער און קינדער אַליין ווערן אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, פון די קעלערן און בוידעמער, אייניקע לאָזן זיך גלייכגילטיק פירן, אַנדערע — וואַרפן זיך אויף דער ערד און ווערן זיך מיט ציין און נעגל. איינער פון די בונקערס אויף נאַדזשעטשנע 88 ווערט אַנטדעקט, מיט דער הילף פון יידישן פּאָליציאַנט לעסלער, און די קינדער מיט זייערע מאַמעס און באָבעס ווערן פון דאָרט אַרויסגעפירט. שרעקלעכע קולות פון פאַרצווייפלונג טראָגן זיך כמעט פון יעדן הויז. דער גרויסער געיאָמער און געליאַרעם ווערט באַגלייט מיט געקנאַלן פון רעוואָלווערן. אַלע פון געטאָ, וואָס אַרבעטן נישט אויף קיין פּלאַצוווקעס אויסערן געטאָ, ווערן אַרויסגעטריבן אויפן „רינעטשעק וואַרשאַווסקי״, ווו עס ווערט דורכגעפירט אַ „סעלעקציע״. די קעמפער געבן אָפּ זייער ערשטן עקזאַמען. מענדל פישלעוויטש, וועלכער איז אַנטלאָפן פון טרעבלינקע און, קומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו, זיך געשטעלט אין רשות פון דער קאַמף־גרופּע „נאַד־זשעטשנאַ 66״, שיסט צו די זשאַנדאַרמען. עס טרעט אויך אַרויס זיין נאָענטסטער חבר יצחק פיינער.ביידע פאַלן. עס ווערן אַרויסגעשלעפּט נאָך 26 יידן פון די רייען. 25 ווערן דערשאָסן און איינעם, מ. גאלסטער, אַ מיטגליד פון יודענראַט, באַפרייט מען. אים האָט אויסגעבעטן דער פאָרזיצער פון יודענראַט. מיטאָג־צייט איז די „אַקציע״ איבערגעריסן געוואָרן און נאָכדעם אויפסניי זיך אָנגעהויבן מיט אַ נאָך שטאַרקערער אַכזריות. דער לייטער פון דער יידישער פּאָליציי, דער פּוילישער גראַנאַט־פּאָליציאַנט, מייזנעראָוויטש, באַווייזט מיט גרויס אייפער, אַז ער קאָן די „מלאכה״ נישט ערגער פון זיינע דייטשע לערער. אַלע, וואָס ווערן געיאָגט צום „סעלעקציע״־פּלאַץ, ראַנגלען זיך מיט די לעצטע כוחות. בלויז רבקה פריימאַן, וועלכע איז אין איר יוגנט געווען אַקטיוו אין די בונדישע באָיוווקעס און נאָך אין 1906־טן יאָר פאַרוווּנדעט געוואָרן און פאַר־לוירן אַ ברוסט, האָט איצט פון פאַרצווייפלונג, ווייל איר מאַן האָט זיך גע־פונען צווישן די 25 דערשאָסענע, מיטן אייניקל אויף די הענט זיך אַליין צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט אַוועקגעשיקט צו ווערן. אויסער די אומגעקו־מענע אויפן אָרט זענען העכער 300 מענער, פרויען, קינדער און אויך יוגנט־

לעכע קעמפּער, געשיקט געוואָרן אונטער שטרענגער באַוואַכונג קיין ראַדאָמסק און פון דאָרטן קיין טרעבלינקע. תּיכף נאָך דער דאָזיקער שחיטה מעלדעט איבערשער דעם פּאָרזיצער פון יודענראַט, אַז נאָך היינט וועט ער מיט זיינע קאַמעראַדן זיין ביי אים אויף אַ וויזיט לכּבוד זיין, קאַפּינסקיס, זילבערנער חתונה. אָנהויב אָוונט האָבן זיך זשאַנדאַרמען מיט איבערשער אין דער שפּיץ באַוויזן ביי קאַפּינסקין אין שטוב און געפּאָדערט די שוין פון לאַנג צוגעזאָגטע סעודה. אויסער אַניספּעלדן, וואָס האָט דערקלערט, אַז ער איז קראַנק און וועט זיך נישט באַטייליקן, האָבן זיך אין דער דאָזיקער אויפנאַמע באַטייליקט אַלע מיטגלידער פון יודענראַט. אַזוי האָבן די דייטשע הענקער און די טעלער-לעקער פון יודענראַט פאַרענדיקט די בלוטיקע שפּיל אין קליינעם געטאָ דעם 4 יאַנואַר 1943.

דאָס געטאָ באַקומט אַן אַנדער געשטאַלט. אַ סך גרייטן זיך צו אַנטלויפן אין די פון פריער נאָך צוגעגרייטע בונקערס. גרויע פרויען און מענער באַקומען איבער נאַכט פּעך שוואַרצע האָר — זיי מאַכן זיך יונג; יונגע שוואַרץ-חנעוודיקע מיידלעך און יונגלעך ווערן מיטאַמאָל בלאָנד — זיי מאַכן זיך „אַריש". מענער לאָזן דורכפירן איבער זיך „קאָסמעטישע אָפּעראַציעס", פאַרווישן פון זיך די „שפּורן" פון ייד, וואָס זיי האָבן באַקומען אויפן אַכטן טאָג פון זייער געבוירן, כּדי זיך קאָנען אַלס „אַריער" שמוגלען קיין דייטשלאַנד, אָדער אַריינדרייען זיך אין אַ טראַנספּאָרט מיט פּאָליאַקן, וואָס ווערט געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. מען אַנטלויפט מיט פאַלשע דאָקומענטן אויף דער פּוילישער זייט. קינדער ווערן אַרויסגעגעבן צו פּאָליאַקן, אונטערגעוואָרפן אין קלויסטער-אינטערנאַטן און אויך באַהאַלטן אין בונקערס אויסערן געטאָ. נישט ווייניק פון די, וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס געטאָ, ווערן אויסגעגעבן, צופעליק דערקענט און קומען אום. דער דראַנג צום אַנטלויפן ווערט דאָך נישט קלענער.

פעברואַר 1943. פון אויער צו אויער ווערט איבערגעגעבן, אַז יידן, וואָס האָבן קרובים אין פּאַלעסטינע, וועלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וואָס געפינען זיך אין ענגלאַנד. קיינער ווייסט נישט, פון וואַנען עס נעמען זיך די קלאַנגען און קיינער גיט זיך נישט די מי צו קאָנטראָלירן וויפל אמת עס איז אין דעם פאַראַן. ווי אַ טרינקענדיקער אין אַ שטרוי, כאַפּט מען זיך אָן אין דער שטראַל פון האָפנונג. נאָך מער האָבן זיך די האָפנונגען פאַרשטאַרקט, ווען דער יודענראַט האָט טאַקע אָנגעהויבן רעגיסטרירן די אַלע, וואָס האָבן קרובים אין ארץ-ישראל. אין רייען אין מען געשטאַנען אין די פרייע שעהן פון אַרבעט און זיך פאַרשריבן, אָנגעבנדיק אַדרעסן פון די קרובים אין פּאַלעסטינע. די, וואָס האָבן דאָרט נישט געהאַט קיין קרובים, האָבן זיך אזעלכע „אויסגע-

באָרגט” ביי באַקאַנטע און זיך אויך פאַרשריבן. צוויי וואָכן האָט געדויערט די רעגיסטראַציע און איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן. הונדערטער שקלאַפן האָבן איבערגעלעבט אַ נייע אַנטוישונג. עס קומען ווייטער אָן טעג פון קליינע „סעלעקציעס”. דעגענהאַרט מיט זיינע מחבלים נישטערן אויפסניי דורך דאָס געטאָ און פאַרקלענערן די צאָל אַרבעט־מענטשן, אַרויסשיקנדיק די נישט „וויכטיקע” קיין סקאַרזשיסק. צווישן די אַרויסגעשיקטע פאַלן אַריין ביידע ברידער באָטשאַן (די זין פון ארויסגעבער פון דער „טשענסטאָכאָווער ציישונג” — בערל באָטשאַן) און אַדוואָקאַט לייב פאָגעל מיט זיין ברודער אברהם, ביידע זין פון דעם אגודה־טוער מענדל פאָגעל. (לייב פאָגעל איז בעת דעם גרויסן גירוש אַנטלאָפן פון טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע, זיך אויפגעהאַלטן אין וואַרשע אַ געוויסע צייט און דאָרט געווען טעטיק אין פּ. פּ. ס. אין קליינעם געטאָ איז ער אָנגעקומען פון וואַרשע אין חודש יאַנואַר 1943). אברהם פאָגעל איז אויך געווען הן אין גרויסן געטאָ, הן אין קליינעם געטאָ אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. ער איז אויך געווען איינער פון די דריי, וואָס האָבן גענומען אויף זיך צו פאַרשרייבן יעדע געשעעניש — יידישע מקורבים פון דעגענהאַרטן האָבן פּרובירט אויסבעטן ביי אים די ברידער פאָגעל און די ברידער באָטשאַן; עס האָט געבעטן העלענקאַ טענענבוים, די „אסתּר המלכּה” פון קליינעם געטאָ. קיין שום אינטערווענצן האָבן נישט געהאָלפן. דעגענהאַרט האָט געהאַלטן, אַז זייערע דיפּלאָמען זענען אַ גענוגנדיקער חטא און זיי האָבן נישט וואָס צו טאָן מער אין טשענסטאָכאָוו. אין סקאַרזשיסק איז די ווייט גרעסטע טייל פון די אַרויסגעשיקטע אומגעקומען. עס זענען אויך אומגעקומען די ברידער באָטשאַן (איינער פון טיפוס און דער צווייטער ביי אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן). עס איז אויך געפאַלן פון אַ קויל אברהם פאָגעל. לייב פאָגעל איז אומגעקומען, ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן און מיט הוילע פויסטן זיך געוואָרפן אויף די פייניקער. אַ שרעקלעך צעממיתטער דורך אַ מייסטער, שוין ליגנדיק אויף דער ערד, האָט ער נאָך מיט די לעצטע כּוחות געמאַכט קעגן די מערדער אויסרופן און לסוף דערשאָסן געוואָרן דורכן דאָרטיקן דייטשן לאַגער־פירער, באַטענשלאַגער, וועלכער איז שפּעטער, סוף יאָר 1944 געוואָרן לאַגער־פירער פון די טשענסטאָכאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגערן: „האַסאַג־פּעלצערע” און „האַסאַג וואַרטאַ”.

די ידיעה וועגן אומקום פון די דאָזיקע פיר יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אַלטע איינגעזעסענע באַקאַנטע יידישע פאַמיליעס, איז אָנגעקומען אין געטאָ און געמאַכט נאָך שווערער די אַזוי אויך געדריקטע שטימונג, וואָס האָט אָן אויפהער געהערשט אין קליינעם געטאָ.

17־טער מערץ 1943. געשטאַפּאָ אַרעסטירט אַ יידיש יינגל (אַ זון פון דער פאַמיליע קאָנגרעצקי), וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט זיין מוטער און קליין שוועסטערל אויסבאַהאַלטן אין די בונקערס פון „מעבל־לאַגער" אויף ווילסאָן־גאַס 34. די בונקערס ווערן אַנטדעקט. זעקס יידישע קעמפער, וואָס האָבן דאָרט געהאַט זייער אויפהאַלט־פּונקט, ווערן אומגעריכט באַפאַלן און אַוועקגעפירט. דעם 19־טן מערץ ווערן זיי דערשאָסן אין געראַנגל מיטן באַוואָפנטן שונא, אויפן יידישן בית־עלמין. די פרוי קאָנגרעצקי מיט איר קליין טעכטערל ווערן דעם זעלבן טאָג נאָך דערשאָסן אין זייער בונקער און דאָס אַרעסטירטע יונגל מיט אַ פעטער, יחזקאל קאָנגרעצקי, ווערן אומגעברענגט אין די קעלערן פון געשטאַפּאָ.

20־טער מערץ 1943, פּורים — אַ זוניקער, שיינער טאָג. עס פילט זיך דאָס אָנקומען פון פרילינג. עס נאָגט עפּעס אַזאַ בענקעניש און עס ווערט שטאַרקער דער דראַנג צו לעבן. עולם, וואָס אַרבעט אין געטאָ, באַווייזט זיך אָפּטער אינדרויסן און וואַרפט קנאה־בליקן איבער די דראָטן אין דער ריכטונג פון וואַרשעווער גאַס, ווו עס געפינט זיך שוין איצט די „אַרישע" זייט. אין די קעלערן פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז אָבער די שטימונג אַ שווערע. אַזויפיל שיינע ראַפּאָרטן כסדר אָפּגענומען פון זייערע זעקס קאַמף־חברים, וואָס האָבן געהאַט זייער באַזע אויף ווילסאָן־גאַס 34 און איצט זענען זיי שוין דערמאָרדעט. די משפחות פון די זעקס דערמאָרדעטע ווייסן נאָך נישט פון זייער אומגליק, וויינען, לויפן אַרום, זוכן רעטונג פאַר זייערע קינדער און מענטשן פּרוּוון זיי טרייסטן, אַז עס קאָן נאָך געשען אַ נס. די דאָקטוירים־משפחה וויל זייערע קינדער ברענגען אַביסל יום־טובדיקייט און פייערן היינט דעם געבורטס־טאָג פון איינעם פון די שענסטע קינדער אין געטאָ — פון דער קליינער לילי ווינער. די קינדער שפּילן זיך, זינגען און טאַנצן. באַזונדערס פרייט זיך די קליינע לילי. דאָס שוואַרצע סאַמעטענע קליידעלע, די ווייסע, לאַנגע סקאַרפּעטלעך אויף אירע שלאַנקע פיסלעך און דער גרויסער, שניי־ווייסער באַנד אין די געדיכטע, בלאָנדע הערעלעך אויפן קעפּל געבן איר צו אַ ספּעציעלן חן. לילי שיינט איצט אינגאַנצן, היינט איז דאָך איר יום־טוב, היינט פייערט מען דאָך איר זיבן־יאָריקן געבורטס־טאָג. די געסט קענען נישט אָפּרייסן זייערע בליקן פון דעם צאַרטן און פרעכטיק־געבויטן קינד. די קינדער שפּילן זיך אָן אויפהער און ווערן גאָרנישט מיד, זיי לאָדן איצט אויס זייער ביז איצט דערשטיקטע קינדערישע ענערגיע. די געסט — די דאָקטוירים פאַרזאַמלען זיך אין אַ צווייטער שטוב און שמועסן וועגן גורל פון די יידן. כמעט יעדער איינער פון זיי שילדערט אַלץ אין שוואַרצערע פאַרבן, וואַרטנדיק, אַז אַ צווייטער זאָל

אַוועקמאַכן מיט דער האַנט זיינע אויספירן, כדי עס זאָל כאָטש אויף אַזאַ אופן אַביסל לייכטער ווערן אויף דער נשמה. אויך ביי די קינדער האָט זיך דאָס שפּילן געענדערט. זיי שטייען איצט אין אַ ראָד און שפּילן זיך אין „אַמאָל איז געווען אַ שרהלע, אַ שרהלע אַ קליין...“ די קינדער אַלע זינגען און לילי מיטן ברודערל בלאָנדזשען אין וואַלד און זוכן די מאַמע זייערע. די קינדער זינגען, וואָס ווייטער אַלץ שטילער און שטילער: „...פינצטער איז אין וועלדע־לע, ס׳הערט זיך אַ געוויין...“

פּלוצים צעטראָגט זיך איבערן געטאָ אַ נייער באַפעל פון דעגענהאַרטן: אַלע מיטגלידער פון יודענראַט, אַלע דאָקטוירים, אינזשינירן, אַדוואָקאַטן און בכלל דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ דאַרפן זיך תיכף צושטעלן מיט זייערע משפחות אויף דעם אַזוי שוין טרויעריק באַרימטן „רינעטשעק וואַרשאַווסקי“, ווייל זיי דאַרפן נאָך היינט אַרויספאָרן קיין פּאַלעסטינע. דאָס געטאָ איז אויפסניי שרעק־לעך אויפגערודערט. מען גלויבט נישט און עס גנבעט זיך דאָך אַריין אַ גע־דאַנק — און אפשר?... די מיטגלידער פון יודענראַט, דאָקטוירים און אינזשי־ניערן מיט זייערע פרויען און קינדער איילן זיך פול מיט אומרו אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ. אויך לילי מיט אירע עלטערן און קליינעם ברודערל איילן זיך. ליליס טאַטע איז דאָך אויך פאַררעכנט צו דער אינטעליגענץ. ער איז דאָך אַ באַקאַנטער דאָקטאָר... אויפן פּלאַץ פון „רינעטשעק וואַרשאַווסקי“ דרייען זיך אומרויִק אַרום הונדערטער מענער, פרויען און קינדער. זיי זוכן מיט די בליקן אין אַלע ווינקעלעך אַ רעטונג. פון ווייטן אויף דער וואַרשעווער גאַס שטייען גרויסע לאַסט־אויטאָס. די אויטאָס זענען נישט באַוואַכט און דאָך האָבן אַלע אָנגעהויבן פילן די דראָענדיקע געפאַר. אייניקע פּרוּוון אויף פאַרשידענע אופנים זיך אַרויסדרייען פון דער טויט־נעץ, אין וועלכער זיי זענען אַריינגע־פאַלן. עס פּרוּווט גליק דער דאָקטאָר פאַלק. עס פּרוּווט זיין גליק אויך דער דאָקטאָר לעווין. זיי פּרובירן זיך באַהאַלטן אין טויער, ווו די דייטשן פלעגן דורכפירן עקזעקוציעס איבער יידן, כדי פון דאָרטן מיט די פעלדער זיך אַרויס־צובאַקומען פון שטאָט. עס גיט זיך זיי נישט איין. זיי ווערן באַמערקט און צו־ריקגעפירט. עס פּרוּוון אויסנוצן זייער קאַנטשאַפט מיט די זשאַנדאַרמען מיטגלי־דער פון יודענראַט, אָבער אָן דערפאָלג. איין מיטגליד פון יודענראַט, זעליג ראָטבאַרד, לויפט פון איין באַקאַנטן זשאַנדאַרם צום צווייטן און בעט מען זאָל כאָטש זיין טאָכטער, די 20 יאָריקע פעלאַ, צוריקלאָזן אין געטאָ. ער ווערט אָבער באַליידיקט און אויסגעלאַכט. אַלע מוזן איינשטייגן אין די אויטאָס. פון פאַרשידענע באַהעלטענישן באַווייזן זיך באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען. עס קומען אונטער נאָך אויטאָס מיט באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען און הילף־פּאָליציי. די אוי־

טאָס רירן פון אָרט און באַוועגן זיך מיט אַ שטאַרקער געשווינדקייט אין דער ריכטונג פון יידישן בית-עלמין. די קרבנות זעצן באַשיינפערלעך דעם טויט פאַר די אויגן. דער צוואָנציקיאָריקער וואָלאַדעק קאַפּינסקי שפּרינגט דער ערשטער פון לויפנדיקן אויטאָ. נאָך אים שפּרינגען אַראָפּ אויך פיל אַנדערע, אָבער בלויז זעקס מאַן גיט זיך איין צו אַנטלויפן פון טויט. צווישן די אַנטלויפנדיקע האָט זיך חוץ וואָלאַדעקן געפונען דער אָנפירער פון יידישן אַרבעט-איינזאַץ אין קליינעם געטאָ — בערנאַרד קורלאַנד. די רעשט 127 מאַן — דאָס קליינע רעשטל פון דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ — איז געבראַכט געוואָרן אויפן יידישן בית-עולם. דאָס גאַנצע בית-עולם איז באַשטעלט מיט ווערקשוצן און אוקראַאינישער הילף-פּאָליציי. אַלע קרבנות ווערן אַריינגעטריבן אין טהרה-שטיבל. דאָ ווערן זיי געצוווּנגען אַראָפּצוציען פון זיך די מלבושים. די ערשטע ווערט אַרויסגעפירט די צוואָנציקיאָריקע פעלאַ. זי שטייט פאַרן גרויסן קבר פנים-אל-פנים מיט צוויי זשאַנדאַרמען. די זשאַנדאַרמען וואַגן עפּעס נישט. אַ קורצע פאַרלעגנהייט... די פאַרלעגנהייט ווערט שנעל איבערגעריסן דורך אַ ווערקשוץ. אַ קנאַל פון אַ ביקס און פעלאַ ליגט שוין אין גסיסה קראַמפן מיט פנים צו דער ערד. ביידע זשאַנדאַרמען קוקן זיך איבער, דרייען איבער דעם אין די לעצטע אַנגסטן נאָך צאַפּלענדיקן קערפּער, באַטראַכטן אים אַ ווײַלע, קוקן זיך איבער און לאָזן זיך צו זייער ווייטערדיקער „הייליקער עבודה". די איבעריקע ווערן פון טהרה-שטיבל אַרויסגעפירט צו צווייוויַיז. פריער ווערן „אויסגעזעגנדיקט" די עלטערע. מיט די קינדער האָבן די דייטשע הענקער נאָך צייט. מיט קינדער גלוסט זיך אַביסל צו שפּילן. עס זענען דאָך פּאַרט קינדער און זיי אַליין, די זשאַנדאַרמען, זענען דאָך אויך טאַטעס... פאַר די הענטלעך, פאַר די פיסלעך, אָדער פאַר די הערעלעך ווערן קינדער אויפגעהויבן אין דער הויך מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער — צילט מען אין די הערצלעך זייערע, אָדער אין די קעפּלעך. עס שאַדט נישט, וואָס אַלע קינדער הויכן נישט אויס תיכף זייערע נשמהלעך. נישקשה, די מאַמע-ערד דעקט צו אויך די, וואָס קאָנען נאָך אויסשרייען זייער לעצטן מאַ...

די קליינע לילי איז די לעצטע. אַלץ איז פון איר אַראָפּגעצויגן. בלויז דעם גרויסן ווייסן באַנד אויף איר קעפּל — אַ זכר פון איר יום-טוב—האָט מען איר איבערגעלאָזט. לילי שטייט פאַרן קבר, אירע גרויסע הימל-בלויע אויגן בלאָנדזשען פון איין מערדער אויפן צווייטן. שווער צו באַצייכענען, וואָס עס שפּיגלט זיך אָפּ אין די אויגן פון דעם קליינעם צאַרטן קינד. די זשאַנדאַרמען, שוין איבערגעזעטיקט מיט בלוט, וואַגן עפּעס נישט אויפצוהויבן די הענט צום שיסן יעדער פון זיי וואַרט, אַז אַ צווייטער זאָל פאַרענדיקן די היינטיקע בלוטיקע

שפּיל. אַ גרעסערע פּויזע... דער הויכער ברייט־ביייניקער לאַגערפירער איבערשער שפּרייזט שנעל צו און רייסט איבער די פאַרלעגענהייט פון זיינע קאַמעראַדן. מיטן אויסרוף: „פאַרן פירער און פאָטערלאַנד!“ צילט ער מיט זיין רעוואָלווער אין ברוסטל פון דער קליינער לילי. אַ קנאַל פון רעוואָלווער און לילי שליסט די קייט פון 127 קרבנות אין 7־טן יאָר־טאָג פון איר געבוירן.

127 מאַן האָבן אויסגעפּילט אַ נייעם מאַסן־קבר, ווו שפּעטער אַביסל האָט אַן אומבאַקאַנטע האַנט אַוועקגעלייגט אַן אָפּגעבראָכענעם שטיין פון אַ געשענ־דעטער מצבה, אויף וועלכן ער האָט אויסגעקריצט: „טשענסטאָכאָווער יידישע אינטעליגענץ, פּורים, דעם צוואַנציקסטן מערץ 1943“.

דאָס געטאָ איז דערדריקט, מען זעט נישט קיינעם זיך באַווייזן אין גאַס. בלויז זשאַנדאַרמען לויפן ווילד און רויבן אין די שטובן פון די נאָר וואָס אומגעבראַכטע. יעדער פון זיי איילט זיך וואָס מער פון די דאָזיקע ווינונגען אַרויסצונעמען, נאָך איידער דעגענהאַרט וועט קומען זיי פאַרחתמענען.

אין אייניקע טעג אַרום פאַלט די געשטאַפּאָ אויף די שפּורן פון די אַנטלאָ־פענע. 5 מאַן ווערן געכאַפּט אין זייערע באַהעלטענישן. בערנאַרד קורלאַנד ווערט דורך דעגענהאַרטן אַמנעסטירט און געברענגט אין געטאָ, ער זאָל דאָרט ווייטער אָנפירן מיטן אַרבעט־איינזאַץ און די איבעריקע פיר, שוין געשלאָסענע אין קייטן, האָבן זיך געראַנגלט מיט די געשטאַפּאָ מערדער און זענען אומגעקו־מען ביים קבר פון די 127.

נאָך דעם ווי בערנאַרד קורלאַנד איז געברענגט געוואָרן אין געטאָ, האָט זיך צו אים געווענדעט איבערשער ער זאָל אים שטעלן אַן אָוונט־ברויט פאַרן „חסד“, וואָס מען האָט אים געלאָזט לעבן. דער פאַרלאַנג זיינער איז דערפילט געוואָרן. איבערשער שיכורט און רימט זיך מיט זיין „מענטשלעכקייט“. ער האָט געזען ווי מען שפּרינגט פון די אויטאָס, דערציילט ער, און מען אַנטלויפט. אַנדערע זשאַנדאַרמען האָבן נאָכגעשאָסן. עס זענען אויפן אָרט געפאַלן דער־וואַקסענע, עס זענען געפאַלן קינדער, ער האָט אָבער נישט געשאָסן. ער האָט געזען קורלאַנדן שפּרינגען פון אויטאָ און אויך נישט נאָכגעשאָסן. ער האָט דאַן זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אויך אַ פאַמיליע, אַז ער איז אויך אַ טאַטע פון קינדער און האָט נישט געקענט אויפהויבן די האַנט צום שיסן. ער שיכורט ווייטער און דערציילט וועגן דער עקזעקוציע פון די 127, וואָס איז נאָכדעם פאָרגעקומען אויפן בית־עולם, וועגן דער „שפּיל“ מיט די קינדער און וועגן אומקום פון דער קליינער לילי ווינער. עס טוט אים „ווײ“ דאָס, האַרץ, זאָגט ער, אָבער וואָס האָט ער געקענט טאָן, אַז עס איז קריג און אַלץ ווערט געטאָן פאַרן פירער און פאָטערלאַנד. איבערשער שיכורט ווייטער און דערציילט, אַז

אויפן באַפעל פון דאָקטאָר בעטכער פון ראַדאָם זענען ענלעכע „אַקציעס" איבער דער יידישער אינטעליגענץ פאָרגעקומען דעם זעלבן טאָג אויך אין ראַדאָם, פּיאָטרקאָוו און טאָמאַשאָוו-מאַזאָוויעצק.

23-טער אַפּריל. די יונגסטע קאַמף-גרופּע „נאַדזשעטשנאַ 66" שיקט אַרויס עטלעכע יוגנטלעכע דורכצופירן דיווערסיע-אַקציעס. זיי גייען אַרויס פון געטאָ מיט די אַרבעטער פון דער „אָסט-באַן", ווערן פאַרהאַלטן אויפן וועג און 3 פון זיי קומען אום אויפן אָרט. עס קומט געשטאַפּאָ און שוץ-פּאָליציי, זיי נעמען אַרויס יעדן צווייטן אַרבעטער פון דער דאָזיקער „פּלאַצוווקע" און דערשיסן.

ערשטער מאַי 1943, 6 אַ זייגער פרי. עס זאַמלען זיך די גרופּן לויט די פּלאַצוווקעס, שטעלן זיך ווי שטענדיק אויס אין רייען און מאַרשירן צום טויער פון געטאָ. קיינער ווערט נישט אַרויסגעלאָזט. די רייען טוען זיך אַ וואַקל, ציען זיך צוריק און בלייבן דאָך שטיין, וואַרטנדיק אויף אַ באַפעל. צווישן עולם פילט זיך אָפּ אַ שטאַרקע דענערוווירטקייט. אין אַ שעה אַרום קומט די אָפּיציע-לע מעלדונג, אַז אַלע בלייבן אין געטאָ און וואַרטן אויף ווייטערדיקע פאַראָרדע-נונגען. אַלע פּלאַצוווקעס בלייבן אָן יידישע אַרבעטער. אפילו די אַרבעטער פון די אַמוניציע-פאַבריקן בלייבן אין געטאָ. די פּלאַצוווקעס, אויף וועלכע עס זענען באַשעפטיקט בלויז יידישע אַרבעטער זענען אינגאַנצן נישט טעטיק. דאָס „יידן-פּראָבלעם" איז איבער אַלעם. די דאָזיקע געשעעניש ווערט פאַרשידן קאָמענטירט. אייניקע האַלטן, אַז דאָס איז אַן אַריינפיר צו דער פולקאָמער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַנדערע מאַכן אַוועק מיט דער האַנט און טרייסטן זיך, אַז דאָס איז נישט מער, ווי אַ מיטל צו פאַרהיטן, אַז דעם 1-טן און 3-טן מאַי זאָלן זיך אויף די אַרבעט-פּלעצער קיין יידן מיט פּאָליאַקן נישט צוזאַמענטרעפן. דאָס ערשטע מאָל ווערן אַלע קאַמף-גרופּן געשטעלט אויף די פיס און אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן פונאַנדערגעשטעלט אויף די באַשטימטע פונקטן זייערע. די אומרויקייט שטייגט פון שעה צו שעה. מען קען נישט איינזיצן אין די שטובן. קיין עסן ווערט נישט אַריינגעשמוגלט און מען איז אויסגעשטעלט בלויז אויף דעם, וואָס די קיך פון יודענראַט גיט אַרויס. מיט דעם אָבער נעמט זיך קיינער נישט איבער, ווייל יעדער פילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ סכנה. דאָקטאָר וואַלבערג, וואָס געפינט זיך אויסערן געטאָ, גיט צו וויסן, אַז ער האָט גענויע ידיעות, אַז דאָס מאָל וועט גאָרנישט געשען. וועגן זעלבן גיט אויך שריפטלעך צו וויסן מעכל בירנצווייג, וואָס געפינט זיך אויסערן געטאָ. די געמיטער באַרויקן זיך דאָך נישט און איינציקע מענטשן שמוגלען זיך אַרויס אין מיסט-קאַסטנס, וואָס ווערן אַרויסגעפירט פון געטאָ. אין די זעלבע קאַסטנס הויבט מען אויך אָן אַריינשמוגלען ביסלעך קאַרטאָפל און ברויט. דעם 4-טן

מאַי פאַרטאָג דערהערט זיך אויפסנייַ דער טרומפּייט, וואָס רופט צו דער אַרבעט. די געמיטער באַרויקן זיך אַביסל, און עס הייבן זיך ווייטער אָן אַזוי שלעפּן די טעג מיט זייער „נאָרמאַלן", און טראַגישן לעבנס-גאַנג.

דער רעזשים אין געטאָ ווערט שטרענגער. פאַר לאַגערפירער זענען באַ-שטימט געוואָרן די ממונים איבער פּאָליטישע ענינים ביי דער שוץ-פּאָליציי, קעסט-נער און לאַשינסקי. ביידע האָבן געקענט גוט פּויליש און האָבן אַזויאַרום גע-האַט בעסערע מעגלעכקייטן צו הערן און אָריענטירן זיך, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, מען האָט געוווּסט, אַז זייער אויפגאַבע איז אויסצוגעפינען אַלע פעדעם פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע. די קאַמף-אָרגאַניזאַציע האָט פאַרשטאַרקט די וואַכזאַמקייט, דורכגעפירט אָפּטערע אַפּעלן פון די גרופּן און אָבסערווירט די האַלטונג פון די יידן, וועלכע האָבן זיך געטראָפן מיט די דאָזיקע צוויי לאַ-גערפירער. דער מצב פון די יידן אויף דער אַרישער זייט איז אויך געוואָרן שווערער. דאָס געיעג אויף יידן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויף דער „אַרישער" זייט און זיך געהאַלטן אויפן אויבערפלאַך, ווי אויך אויף יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס אויסערן געטאָ, האָט זיך פילפאַכיק פאַרשטאַרקט. אַסך פון אַזעלכע געכאַפּטע יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אוי-סערן געטאָ, אָדער געבערענגט געוואָרן אויפן באַרימטן „רינעטשעק" און דאָ דערהרגעט געוואָרן. עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען אַזעלכע יידן זענען אַריינגעלאָזט געוואָרן אין געטאָ אָן שום שטראָף. אַזעלכע פאַלן זענען אָבער געשען אין די לעצטע וואָכן פאַר דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ. יידן פון די בונקערס און פון דער „אַרישער" זייט האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינשמוג-לען אין געטאָ מיט מאַרשירנדיקע אַרבעטער פון די פּלאַצוווקעס. עס האָט זיי געבערענט דער באָדן אונטער די פיס און זיי האָבן נישט געוואָלט אומקומען איינזאַם. די צאָל יידן אין געטאָ האָט זיך אַזוי אַרום אָנגעהויבן פאַרגרעסערן אין אַ נישט באַדייטנדיקער מאָס, אָבער אויך די טויט-געפאַרן אין געטאָ האָבן זיך פאַרגרעסערט.

אַכטער יוני 1943. אַן איבערפאַל פון שוץ-פּאָליציי אויף די יידישע אַרבע-טער אין „מעבל-לאַגער". מיט דער דאָזיקער אַקציע פירט אָן דעגענהאַרט אַליין. מעכל בירנצווייג דערפילט די געפאַר באַזונדערס פאַר אים פערזענלעך און פאַרשווינדט אין דער לעצטער מינוט. אַ שוץ-פּאָליציאַנט געפינט זיין מו-טער,ביילע בירנצווייג, אויפן צווייטן הויף נעבן קלאָזעט און דערשיסט זי אויפן אָרט. עס ווערט אויך דערשאָסן דער סטאָלער-אַרבעטער פערשטער און נאָך אַן אַרבעטער פון טישלער-וואַרשטאַט, וועמען מיר האָבן שפּעטער געפונען מיט אַ צעשמעטערטן שאַרבן צווישן אָנגעוואָרפענע ברעטער אויפן ערשטן

הויף פון „מעבל־לאַגער". די „קונסט" פון טרעפן אין ציל מיט איין שאָס באַוויזט צומבעסטן דער לאַגער־פירער לאַשינסקי. אויפן צווייטן הויף פון „מעבל־לאַגער" דערקענט אַ שוץ־פּאָליציאַנט מעכלס פרוי, האַניע בירנצווייג (די טאָכטער פון ציוניסטישן עסקן, אַברהם־לאָזער שיינפעלד), און פאַרהאַלט זי. אין טישלער־וואַרשטאַט ווערט געפינען אַ פאַלשע „קענקאַרטע". לויט דער פאָטאָגראַפיע ווערט אויסגעפינען אַ יונג מיידל, סאַבע ראָזענזאַפט, צו וועמען די „קענקאַרטע" געהערט. אויך זי ווערט אַוועקגעשטעלט באַזונדער. מיר שטייען אַלע אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי און טרייסלען אויס אַלץ פון די טאַשן אין קוישן אַריין, וועלכע די שוץ־פּאָליציי האָט פאַר אונדז אַוועקגעשטעלט. די רעוויזיעס זענען פאַרענדיקט. מיר שטייען נאָך אַלץ אין אַ לאַנגער ריי אין אומרויקער אָפּוואַרטונג אויף ווייטערדיקע געשעענישן. דורך דער גאַנצער ריי פאָרט דורך די פור, אויף וועלכער עס זיצן האַניע און סאַבע אַרומגערינגלט מיט שוץ־פּאָליציאַנטן. מעכל איז באַהאַלטן אין אַ בונקער פון „מעבל־לאַגער" און בלויז אַ פּאָר נאָענטע חברים זיינע וויסן, וווּ ער געפינט זיך. זיי ראַטן אים ער זאָל פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו, ווייל ער איז נאָך אַ געוויסער „קאָסמעטישער" אָפּעראַציע און צו דעם האָט ער נאָך „אַרישע" פּאַפּירן. אויסער טשענסטאָכאָוו וועט ער דעריבער קענען אָנגיין פאַר אַ פּאָליאַק. מעכל וויל טשענסטאָכאָוו נישט פאַרלאָזן, ביז ער וועט נישט אַרויסראַטעווען זיין פרוי פון די מערדערישע הענט. האַניע און סאַבע זענען געהאַלטן געוואָרן צוויי מעת־לעת אין תפיסה און נאָכדעם דערשאָסן געוואָרן. אויך מעכל איז שפּעטער אומגעקומען. אין אייניקע טעג אַרום קומט אַ צווייט אומגליק, עס ווערט אַנטדעקט אַ בונקער מיט יידן אין דער פאַבריק פון „האָראָוויטש און שותפים". איין גרופּע פון זיי קומט אום און אַ צווייטע גרופּע ווערט איבערגעפירט אין געטאָ.

דעם 9־טן יוני אויפצומאָרגנס נאָך די געשעענישן אין „מעבל־לאַגער", האָט זיך דער שטאָט־הויפּטמאַן, פראַנקע, געווענדעט מיט אַ פאַרטרויליכן בריוו צום גוווערנער פון ראַדאָמער דיסטריקט, קונדט, מיט דער ביטע אויסצוזידלען פון טשענסטאָכאָוו דאָס רעשט ביסל יידן. אין דאָזיקן בריוו ווייזט אָן פראַנקע, אַז נאָך דעם 4־טן און 5־טן יוני האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די אָנוועזנהייט פון עטלעכע טויזנט יידן אין טשענסטאָכאָוו איז, לויט דער מיינונג פון אַלע באַפעלקערונג־קרייזן, נישט געווונטשן. פראַנקע פאַררופט זיך אין דאָזיקן בריוו אויף צוויי באַגרינדונגען, צוליב וועלכע די אָנוועזנהייט פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו אויף ווייטער איז אוממעגלעך: 1. „די יידן זענען אַן עלעמענט, וואָס פאַרשפּרייט אין יעדער הינזיכט אומצופרידנקייט צווישן

9. Juni 1943.

Herrn
Gouverneur Kündt

Amt für Innere Verwaltung
Sei/Schl.

Radom

Einschreiben!
Vertraulich!

Sehr verehrter Herr Guverneur!

Wie ich Ihnen bereits anlässlich Ihres Besuches am 4. und 5. d. M. dargetan habe, wird die Anwesenheit von mehreren Tausend Juden in Tschenstochau von allen Bevölkerungskreisen als äusserst abträglich angesehen. Ich bitte darum, dass die Insassen des jüdischen Wohbezirks raschest aus Tschenstochau ausgesiedelt werden. Die besonderen Gründe für meine Bitte sind ausser den sonstigen allgemeinen ungünstigen Wahrnehmungen noch zwei Dinge, die die Anwesenheit der Juden in Tschenstochau, auf die weitere Dauer für unmöglich erscheinen lassen:

1.) Die Juden sind hier das Element, das die Unzufriedenheit an den gegenwärtigen Verhältnissen in jeder Hinsicht an die nichtdeutsche Bevölkerung heranzutragen versucht. Wenngleich die Absonderung der Juden den Vorschriften entsprechend durchgeführt wird, kann doch nicht vermieden werden, dass hier und da immer noch Berührungsmöglichkeiten mit der nichtdeutschen Bevölkerung gegeben sind.

2.) Ich habe den dringenden Verdacht, dass die Juden zu einem wesentlichen Teil an den unruhigen Verhältnissen der letzten Zeit in Tschenstochau ein überaus grosses Mass Sschuld tragen. Diese Wahrnehmung ist mir von vielen Seiten der deutschen und polnischen Bevölkerung mitgeteilt worden. Es ist so, dass sowohl durch propagandistische Hetz- und auch durch aktive Tätigkeit die Juden die öffentliche Ruhe zu zerstören versuchen. Darüberhinaus versuchen sie durch Greuelpropaganda die Belange der Feindmächte in diesem Raume in jeder Weise zu fördern.

2.) Der Einwand, dass die Juden in der Kriegswirtschaft bzw. Krieksfertigung ein nicht zu verachtender Faktor sind, möchte ich dahingehend richtigstellen, dass der Arbeitseffekt der jüdischen Arbeiter von allen einschlägigen Kreisen als äusserst minimal bezeichnet wird. Durchschnittlich beträgt die tägliche Arbeitsleistung eines Juden nur etwa ein Drittel der Leistung eines normalen polnischen Arbeiters. Natürlich ist den Betriebsführern das Vorhandensein von wenig brauchbaren Kräften immer noch lieber als gar keine. Ich glaube jedoch, dass das Arbeitsamt bei entsprechender Weisung in der Lage ist, in sehr kurzer Zeit den Personalausfall durch Zuweisung nichtdetscher Arbeitskräfte wettzumachen.

Heil Hitler!
Der Stadthauptmann
m. d. F. d. G. b.:
Stadtrat

דער נישט דייטשער באַפעלקערונג. אפילו ווען מען וועט איזאָלירן די יידן לויט אַלע פאָרשריפטן, וועט מען דאָך נישט קענען פאַרמיידן די יידן זאָלן קומען אין באַריר מיט דער נישט דייטשער באַפעלקערונג". לסוף פון דער דאָזיקער באַגרינדונג שטרייכט פראַנקע אונטער, אַז ער האָט אַ שטאַרקן פאַרדאַכט, דאָס די יידן טראָגן אַ גרויסע שולד אין די אומרויקע פאַרהעלטענישן, וואָס הערשן די לעצטע צייט אין טשענסטאָכאָוו. „דורך העצן און דורך אַקטיווער טעטיקייט ווילן די יידן צעשטערן די עפנטלעכע רו". אַזוי פאַרענדיקט פראַנקע זיין ערשטע באַגרינדונג. 2. „וואָס שייך דער מיינונג, אַז די יידן זענען נויטיק אַלס אַרבעטער אין דער קריג-ווירטשאַפט — שרייבט דער שטאָט-הויפטמאַן — שטעל איך פעסט, אַז די אַרבעט-קראַפט פון די יידן איז אַ מינימאַלע, ווייל דורכשניטלעך מאַכט אויס די יידישע אַרבעט-קראַפט איין דריטל פון דעם, וואָס עס גיט נאָרמאַל אַרויס אַ פוילישער אַרבעטער. נאַטירלעך — שרייבט ווייטער אין זיין צווייטער באַגרינדונג דער שטאַט-הויפטמאַן—אַז פאַר די באַטריבס לייטער איז די יידישע אַרבעט-קראַפט בעסער ווי גאָרנישט, אָבער איך גלויב, אַז אונדזער אַרבעט-אַמט וועט זיי אין אַ קורצער צייט צושטעלן אַנדערע נישט-דייטשע קרעפטן"[109]. דער גורל פון דעם רעשטל יידן אין קליינעם געטאָ האָט זיך געוואַקלט אויף דער וואָג-שאָל. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע, אָבער פאַרביסענע רייסעניש צווישן דעם שטאַט-הויפטמאַן, וואָס האָט זינט דעם גרויסן גירוש אָנגעווירן די מאַכט איבער די יידן, און דעריבער געוואָלט עס זאָל דורכאויס דורכגעפירט ווערן די פולקאָמע ליקווידאַציע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו, כדי „זיין" שטאָט זאָל זיין „יודענריין", מיט די באַטריבס-לייטער און שופּאָ-פּאָליציי, וועלכע זענען געווען פאַרינטערעסירט דאָס ביסל יידן יאָ איינצוהאַלטן דאָ, כדי זיי זאָלן קענען אויפווייזן, אַז זיי אַליין זענען נויטיק אין טשענסטאָכאָוו, זיך אויף אַזאַ אופן „דעקן" און נישט גיין אויפן פראָנט. (אין סעפטעמבער 1942 בעת דער אויסזידלונג-אַקציע זענען מיר געווען עדות ביי אַ מחלוקה צווישן אַ פאַרטרעטער פון דער שטאָט-הויפטמאַנשאַפט, לינדעמאַן, מיט דעגענהאַרטן, וועלכער האָט טריומפירט, אַז איצט האָט ער די אויסשליסלעכע רעכט צו שאַפן מיט די יידן. איצט ווידער איז אַלעמען געווען באַקאַנט, אַז דער שטאָט-הויפטמאַן האָט געוואָלט מאַכן טשענסטאָכאָוו „יודענריין" און דער לייטער פון דער אַמוניציע-פאַבריק „האַסאַג-פעלצערע", ליהט, האָט אינטערווענירט אין ראַדאָם מען זאָל אים איבערלאָזן די יידן, ווייל די יידישע אַרבעט-קראַפט איז דאָ נויטיק פאַר דער קריג-ווירטשאַפט). דערווייל איז פאָרגעקומען דאָס פערמאַנענטע אומברענגען פון די יידן.

דעם 18־טן יוני אַנטדעקט די געשטאַפּאָ דעם בונקער פון דער פאַמיליע סויקע. די געפינענע אין בונקער קומען אום. עס קומט אויך דאָ אום די טאָכ־טער פון שניידער ברוך באַום, די יונגע גוטע, וועלכע האָט אַקטיוו מיטגעאַר־בעט אויפן קולטור־געביט פון „טאָז" אין גרויסן געטאָ. אין דער זעלבער צייט ווערט פאַרשלעפּט און דערמאָרדעט דער טיכטיקער אַדאַם וואַלבערג. עס ווערן אַרעסטירט און דערמאָרדעט קנאַפּע צוויי צענדליק אַרבעטער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין די מאַגאַזינען פון דער שוץ־פּאָליציי. דער דאָקטאָר וואַלבערג איז אַרויסגערופן געוואָרן פון סאַניטאַר־פּונקט אין געטאָ, כלומרשט צו געבן שנעלע מעדיצינישע הילף אַ קראַנק געוואָרענעם יידישן אַרבעטער אין די פּאָליציי־מאַגאַזינען. אויפן וועג אַהין איז ער דערשאָסן געוואָרן. די גרופּע אַרבעטער איז דערשאָסן געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי „באַגנבענען" די פּאָליציי־מאַגאַזינען. צוזאַמען מיטן דר. וואַלבערג זענען זיי באַגראָבן געוואָרן אין אַ מאַסן־קבר אויפן יידישן בית־עולם.

טאָג און נאַכט שוועבט דער טויט איבערן קליינעם רעשטל יידן אין געטאָ. דאָך שמוגלען זיך אַריין יידן פון דער „אַרישער" זייט צוריק אין געטאָ. טאַטעס און מאַמעס ברענגען אויך צוריק אַראָפּ זייערע קינדער פון דער אַרישער זייט און פון בונקערס אויסערן געטאָ. די עלטערן פילן דאָס דערנענטערן זיך פון אומקום און האַלטן פאַר נישט רעכט איבערצולאָזן זייערע קינדער ווי יתומים אין אַן אומבאַקאַנטער סביבה פאַר די קינדער. די קאַטאָרזשניקעס אין אַרבעט־לאַגער פאַרשטייען און פילן, אַז עס קומט אָן פאַר זיי דער לעצטער עטאַפּ.

דעם 25־טן יוני 1943 פאַרנאַכט ווערט דאָס קליינע געטאָ אַרומגערינגלט. די בונקערס פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויף נאַדזשעטשנאַ־גאַס 86 און 88 ווערן באַשאָטן מיט גראַנאַטן. כמעט אַלע קעמפער, וועלכע געפינען זיך דאַן דאָרטן, קומען אום. די אַרבעטער פון די פּלאַצוווקעס, וואָס קומען אָן פון דער אַרבעט, ווערן פאַרהאַלטן אויפן „רינעטשעק". שוץ־פּאָליציאַנטן, געש־טאַפּאָווצעס, ווי אויך דייטשן און אוקראַינער פון אַנדערע פּאָליציי־פאָרמאַציעס מאָרדן יעדן איינעם, וואָס זיי טרעפן אין גאַס און יעדן איינעם, וואָס זיי טרעפן אין די הייזער, ווו עס געפונען זיך די בונקערס. מענטשן שפּרינגען דורך פענצטער פון הויכע שטאָקן, פון באַלקאָנען און פאַלן, ווי געשאָסענע פייגל אין פלי. די דייטשן שלעפּן אַרויס פון די בונקערס: לאַנג און קורץ געווער, גראַנאַטן, פאַרשידענע מכשירים און אויך דייטשע מונדירן. עס קומט אָן די נאַכט, די פאַרהאַלטענע יידן אויפן „רינעטשעק" ווערן שוין אַריינגע־לאָזט אין געטאָ. די אַרבעטער פון די אַמוניציע־פאַבריקן זענען דאָרט פאַרהאַלטן געוואָרן און מען האָט זיי דערקלערט, אַז מער אין געטאָ וועלן זיי שוין נישט

# BEKANNTMACHUNG

Betrifft:

**Beherbergung von geflüchteten Juden.**

Es besteht Anlass zu folgendem Hinweis: Gemäss der 3. Verordnung über Aufenthaltsbeschränkungen im Generalgouvernement vom 15. 10. 1941 (VO. Bl. GG. S. 595) unterliegen Juden, die den jüdischen Wohnbezirk unbefugt verlassen, der Todesstrafe.

Gemäss der gleichen Vorschrift unterliegen Personen, die solchen Juden wissentlich Unterschlupf gewähren, Beköstigung verabfolgen oder Nahrungsmittel verkaufen, ebenfalls der Todesstrafe.

Die nichtjüdische Bevölkerung wird daher dringend gewarnt:

1.) Juden Unterschlupf zu gewähren,

2.) Juden Beköstigung zu verabfolgen,

3.) Juden Nahrungsmittel zu verkaufen.

Tschenstochau, den 24. 9. 42.

# OGŁOSZENIE

Dotyczy:

**przetrzymywania ukrywających się żydów.**

Zachodzi potrzeba przypomnienia, że stosownie do § 3 Rozporządzenia o ograniczeniach pobytu w Gen. Gub. z dnia 15. X. 1941 roku (Dz. Rozp. dla GG. str. 595) żydzi, opuszczający dzielnicę żydowską bez zezwolenia, podlegają karze śmierci.

Według tego rozporządzenia, osobom, które takim żydom świadomie udzielają przytułku, dostarczają im jedzenia lub sprzedają artykuły żywnościowe, grozi również kara śmierci.

Niniejszym ostrzega się stanowczo ludność nieżydowską przed:

1.) udzielaniem żydom przytułku,

2.) dostarczaniem im jedzenia,

3.) sprzedawaniem im artykułów żywnościowych.

Częstochowa, dnia 24. 9. 42.

**Der Stadthauptmann**
**Dr. Franke**

Rok VI.

## Z Sądu Specjalnego

**Kara śmierci za przechowywanie żydów**

Przed Sądem Specjalnym w Częstochowie toczyła się rozprawa przeciwko małżonkom Tadeuszowi i Czesławie Bednarskim, zamieszkałym w Częstochowie, przy Alei Wolności.

Bednarscy w okresie od lutego 1943 r. do czerwca przechowywali żydów, Sołkę wraz z dwojgiem dzieci.

Oskarżeni pobrali od Sołki jako wynagrodzenie 12 tysięcy złotych.

W czerwcu 1943 roku, władze wykryły żydów u Bednarskich, po czym żydzi zostali skazani przez Sąd Specjalny na karę śmierci.

M[illegible] Bednarscy [illegible] zaś, [illegible] odpowiadali przed Sądem Specjalnym, również zostali skazani na śmierć za świadome udzielenie żydom schronienia.

Galapagos

קומען. ווערקשויך פון די דאָזיקע פאַבריקן קומען נעמען נייע גרופּן פון געטאָ אויף נאַכט-שיכט אין "האַסאַג". מענטשן רייסן זיך פרייוויליק צו גיין אויף דער דאָזיקער אַרבעט. איינינקע, ווייל זייערע נאָענטע זענען דאָרט געבליבן, אַנדערע, ווייל זיי זענען שוין די שרעקלעכע געפאַר, וואָס איז אָנגעקומען און זוכן אַ מיטל צו בלייבן לעבן. מיט דער דאָזיקער „אַקציע" פירן אָן, אונטער דער אויפזיכט פון דעגענהאַרטן, די צוויי לעצטנס-נאָמינירטע לאַגערפירער, לאַשינסקי און קעסטנער. זיי קענען יעדעס ווינקעלע אין געטאָ, זיי וויסן פון יעדן באַהעלטעניש און פון יעדן בונקער. זיי קענען די איינגענג און די אויסגענג פון יעדן טונעל און פון יעדן בונקער, וואָס די קאַמף-אָרגאַניזאַציע אונדזערע האָט אויפגעבויט. פאַר דעם, אַז זיי זאָלן דאָס וויסן, האָט שוין „געזאָרגט" זייער קאָנפידענט, דער יידישער פּאָליציאַנט יאַקוב ראָזענבערג. דער דאָזיקער מנובל און פאַרעטער האָט נישט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין גרויסן געטאָ, האָט מען שוין געזען, אַז זיין ראָל איז אַ פאַרדעכטיקע. אָנהויב האָט ער געשפּילט די ראָל פון אַ טויב-שטומען און געטראָגן אַ ספּעציעלע געלע אָפּצייכענונג אויפן אָרעם. שפּעטער האָט ער געטראָגן אַ באַנד ווי אַ „נוצלעכער יודע" און געהאַט רעכט זיך צו באַוועגן אויסערן געטאָ אָן אַ מגן-דוד-אָפּצייכענונג. פאַרן גרויסן גירוש ווידער איז ער געוואָרן אַ פּאָליציאַנט. אין קליינעם געטאָ האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אומשולדיק מענטשל און גלייכצייטיק געדינט אין דער פּאָלי-ציי און געווען דער אינפאָרמאַטאָר פון לאַשינסקין און קעסטנערן. אונדזער קאַמף-אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעטראָגן אויף אים אַ טויט-אורטייל, דעם אורטייל אויסגעפירט, אָבער שוין צו שפּעט. די דייטשע פּאָליציי האָט שוין דאַן געהאַט אַלע פעדעם פון דער קאַמף אָרגאַניזאַציע אין אירע הענט.

זעקס און צוואַנציקסטער יוני 1943, צען אַזייגער פרי. אַלע מענער ווערן אַרויסגעטריבן אויפן „רינעטשעק". דער גאַנצער פּלאַץ איז אַרומגערינגלט מיט „שופּאָוועס", געשטאַפּאָוועס, גראַנאַט-פּאָליציאַנטן, לופט-שוץ-זעלנער, אוקראַי-נישע פאַשיסטן און ווערקשוצן פון די אַמוניציע-פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו. די דייטשן מיט די העלמען אויף די קעפּ שטייען אין פולער באַוואָפענונג. אַלע איבעריקע פאָרמאַציעס שטייען אַרום „רינעטשעק" און האַלטן די ביקסן מיט די לופעס געווענדעט צו די אַרומגערינגלטע יידן. אויפן פּלאַץ פאָרן אַרויף וועגענער פול מיט הרוגים, וועלכע זענען טיילווייז פאַרדעקט מיט זעק. פון די רייען ווערן אַרויסגעשלעפּט זקנים און טאַטעס מיט קינדער, וועלכע ווערן אָוועקגעשטעלט באַזונדער אונטער אַ ספּעציעלער וואַך פון שוץ-פּאָליציי. די טאַטעס שטייען שטום, געבראָכן, און די קינדער וויינען. פון די וויינענדיקע

קינדער-שטימעלעך הערט זיך דאָס שטימעלע פון אשר שמוליעוויטש, אַן 8 יאָריק יינגעלע, ראפאלעק: „גיי נישט מיט מיר, דו קענסט דאָך בלייבן, פאַרוואָס זאָלסטו אויך אומקומען?" מען שלעפּט ארויס פון די רייען אַסך פון די, וואָס האָבן געוווינט אין די הייזער אויף נאַדזשעטשנאַ 86 און 88, ווו עס האָבן זיך געפונען די בונקערס פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע. אונטער קלעפּ פון קאָלבעס ווערן זיי פאַרטיעסוויז געלאָדנט אויף לאַסט-אויטאָס. פון די אויטאָס טראָגן זיך געבעטן, געוויינען, קללות, דראָונגען, און עס באַווייזן זיך אויך פויסטן אויפגעהויבענע אין דער הויך. שוין אויף די אויטאָס „אַרבעטן" די דייטשן מיט די קאָלבעס. דער שוידערלעכער געליאַרעם, וואָס טראָגט זיך פון די אויטאָס מישט זיך אויס מיטן געיאָמער פון די מחנות פרויען, וועלכע שטייען נאָך אין געטאָ ביי די דראָטן. די געפּאַקטע אויטאָס פאָרן אָפּ אין דער ריכטונג פון יידישן בית-עולם, און באַשפּריצטע מיט בלוט קומען זיי צוריק נאָך נייע פּאַרטיעס.

די דייטשן פאָדערן דערוויַיל אויף אַלעמען, אונטער דראָונג פון דער-שיסן, אָפּצוגעבן אַלץ, וואָס עמעץ האָט ביי זיך. געלט, צירונג, גאָלד און זייגערס ווערן געטרעטן מיט די פיס און אויך אַריינגעוואָרפן אין די קוישן, וואָס די שוץ-פּאָליציי האָט דאָ ספּעציעל אוועקגעשטעלט.

די „אַקציע" אויף די מענער ווערט פאַרענדיקט. עס וואַקלט זיך נאָך דאָס לעבן פון אַ גרופּע יונגלעך אין עלטער פון 12–15 יאָר, וועלכע דעגענ-האַרט וויל שיקן אויף אומקום. אויף דער ווענדונג פון בערנאַרד קורלאַנד דערקלערט דער דירעקטאָר פון דער אַמוניציע-פאַבריק, ליהט, אַז אַזעלכע יונגלעך קענען אים שוין צונוץ קומען. דעגענהאַרט דערפילט ליהטס פאַרלאַנג און גיט איבער די יונגלעך אין זיין רשות.

די נאָך לעבנגעלאָזטע מענער ווערן איבערגעשיקט אין די אַמוניציע-פאַבריקן: „האַסאַג-אַפּאַראַטענבוי" און „האַסאַג-אייזענהוטע". איצט קומט אָן די ריי אויף די פרויען. זקנות און מאַמעס מיט קינדער ווערן, אונטערן געיאָמער פון אַלע פרויען, וואָס שטייען אויסגעשטעלט אויפן „רינעטשעק" געלאָדנט אין די זעלבע פאַרבלוטיקטע אויטאָס און אַוועקגעפירט אויף אומקום. מאַמעס פאַרלירן זייערע קינדער, קינדער לויפן אַרום אויפן פּלאַץ און פאַרגייענדיק זיך אין גע-וויין, רופן זיי די מאַמעס זייערע, וועלכע זענען שוין פון פריער אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אומקום און דאָ געלאָזט זייערע קינדער, קלערנדיק, אַז כאָטש זיי אַליין קומען אום, קאָן דאָך אין דער לעצטער מינוט מיטן קינד געשען עפּעס אַ נס... ביז די אויטאָס קומען צוריק ווערן דערוויַיל פרויען אַריינגעשלעפּט אין „יאַטקע", ווו זיי קריצן אויס אויף די ווענט, פּונקט ווי פריער די מענער,

וואָס זענען דאָרט געווען פאַרשפּאַרט, זייערע לעצטע געדאַנקען: „איך בין נייגעריק צו איך וועל דערלעבן דעם מאָרגנדיקן טאָג" — מיעטעק גאָלדשטיין, אָדער „מיין שטערן איז אויסגעלאָשן, עס איז מיר זייער שלעכט", אָדער: „בונקראָווצעס דרייסטע, עס וועט קומען אַ צייט פון אָפּרעכנונג". אויך קינדער ווערן אהין אריינגעוואָרפן. אין מיטן פּלאַץ פון „רינעטשעק" ליגט אַ קינד אויף דער ערד, וואַרפט מיט די הענטלעך און פיסלעך, פאַרגייט זיך אין געוויין און רופט אָן אויפהער די שוין אַוועקגעפירטע מאַמע. צום וויינענ־דיקן קינד דערנענטערט זיך אַ הויכע שלאַנקע פרוי, די אַלעמען גוט באַקאַנטע דאָקטאָרין האָראָוויטש, וועלכע האַלט איר אייגן יונגעלע ביי אַ הענטל. זי הויבט אויף דאָס וויינענדיקע קינד פון דער ערד, באַרויקט עס און, פירנדיק ביידע קינדער שוין ביי די הענטלעך, באַוועגט זי זיך מיט רויקע שריט און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אין דער ריכטונג פון די פאַרבלוטיקטע אויטאָס. דעגענהאַרט פאַרהאַלט זי, ראַט איר אָפּצוגעבן די קינדער און זי אַליין זאָל גיין אויף „האַסאַג". די דאָקטאָרין—איצט די מאַמע פון צוויי קינדער—רעאגירט לגמרי נישט אויף זיין „חסד", לאָזט די קינדער נישט אָפּ און גייט ווייטער. די מערדער לייגן שוין מער נישט קיין אַכט אויף איר האַנדלונג. בלויז די מחנה יידישע פרויען אויפן „אַקציע"־פּלאַץ באַגלייטן מיט יללה די הויכע שטאָלצע פרוי מיט די צוויי קליינע קינדער, וועלכע שפּאַנען אויף דעם לעצטן וועג זייערן... די „אַקציע" איבער די פרויען איז פאַרענדיקט. אַלע נאָך לעבנ־געלאָזטע פרויען ווערן, ווי די מענער פריער, אַוועקגעפירט אין די אמוניציע־פאַבריקן פון „האַסאַג־אַפּאַראַטענבוי" און „האַסאַג־אייזענהוטע".

נאָך די „אַקציעס" האָבן זיך די דייטשן גענומען צו דער ליקווידאַציע פון די קראַנקע אין די שפּיטעלער, וואָס זענען געווען טעטיק אין קליינעם געטאָ. אויסער קראַנקע זענען אין די שפּיטעלער אויך געווען באַהאַלטן קינדער. די דאָקטאָרין ווייסבערג און דער דאָקטאָר שפּערלינג האָבן דאָרט אויסבאַהאַלטן אַביסל קינדער. ליידער האָט זיי אויך דאָרט דער טויט נישט געמיטן. שוץ־פּאָליציאַנטן האָבן אַרומגערינגלט דאָס שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיק־קראַנקע און צוויי זענען אַריין אינעווייניק. מיט קלעפּ פון קאָלבעס און שפּיצרוטן האָבן זיי „איינגעשטילט" די געבעטן און געוויינען פון די קראַנקע פרויען און אין אונטערוועש זיי אַרויסגעטריבן אויפן הויף. אַ סעריע שאָסן פון מאַשינען־געווער האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פון די אומגליקלעכע פרויען. די מענער זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן איינציקווייז. ווי נאָר אַ קראַנקער מאַן איז איבערגע־טרעטן די שוועל פון שפּיטאָל האָט זיך דערהערט אַ קנאַל פון אַ רעוואָלווער, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן. דער לעצטער איז געווען אַ הויכער

יונגער בחור, וועלכער האָט שטאָלץ אויסגעשריגן צו די מערדער: „אונדזער אומשולדיק בלוט וועט אייך קיין רו נישט געבן און תמיד פאָדערן נקמה! מיט שאַנד וועט איר אַליין אויך אומקומען!" אין שפּיטאָל פאַר אינטערניסטיק האָבן די שוץ־פּאָליציאַנטן שוין אַלע קראַנקע נישט געטראָפן. דער געהילף־לייטער פון די ווערקשוצן אין דער אַמוניציע פאַבריק „האַסאַג־אייזענהוטע", מילהאָף, וועלכער האָט אויף זיין דינסט־פּלאַץ די גאַנצע צייט ארויסגעוויזן מענטשלעכע באַציונג צו די געפּייניקטע דאָרט יידישע אַרבעטער, האָט זיך געפּעדערט און אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרט אַ געוויסע צאָל קראַנקע.

אויף מאָרגן דערקלערט דעגענהאַרט אַן „אַמנעסטיע" פאַר די אַלע, וואָס ליגן נאָך באַהאַלטן אין געטאָ, אויב זיי וועלן אַליין אַרויס פון די בונקערס. איבער דעם אָפּגעטויטן געטאָ צעטראָגן יידישע פּאָליציאַנטן די „בשורה" פון אַמנעסטיע. 84 מאַמעס, 60 טאַטעס און אַן ערך הונדערט קינדער קריכן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און שטעלן זיך צו. זיי ווערן אַריינגעלאָזט אין אויס־געראַמטן בנין פון שפּיטאָל. דאָ ווערן זיי געהיטן. גאַנצע צוויי מעת־לעת לאָזט מען זיי זיך טרייסטן מיטן גלויבן אין דער „אַמנעסטיע". אויפן דריטן טאָג און די „אַמנעסטירטע" ווערן אומגעבראַכט. אַזוי האָט מען ווידעראַמאָל אָפּגע־שווינדלט די יידן.

הויז נאָך הויז איז מיט דינאַמיט אויפגעריסן געוואָרן. הונדערטער באַהאַל־טענע קומען אום אונטער די חורבות. צענדליקער, וואָס באַקומען זיך איצט אַרויס פון די חורבות ווערן דערשאָסן אויפן אָרט און פאַרברענט. דער זעלבער גורל טרעפט אויך די יידן וואָס זענען נאָך דעם 26־טן געשפּרונגען פון די לויפנדיקע אויטאָס און דאַן נישט געפאַלן פון די נאָכגעשאָסענע קוילן. די דאָזיקע אָפּגעראַטעוועטע האָבן נישט געוווּסט וועגן גורל פון די געבליבענע יידן אין געטאָ. אַרומבלאָנקענדיק עטלעכע טעג, האָבן זיי נישט געפונען קיין אַנדערן אויסוועג, ווי זיך אַריינצובאַקומען צוריק אין געטאָ און דאָרט זיין מיט די לעבנגעלאָזטע יידן. אַרויסגעריסענע פון טויט, האָבן זיי זיך אַריינגע־גנבעט אין געטאָ און דאָ דעם טויט געפינען אויפן שייטער־הויפן צוזאַמען מיט אַלע געכאַפּטע נאָך דער „אַמנעסטיע".

דאָס שרעקלעכע לעבן אין קליינעם געטאָ האָט זיך פאַרענדיקט און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויזאַמע לעבן אין די לאַגערן פון די אַמוניציע־פאַבריקן פון „האסאג".



דאָס קליינע געטאָ נאָך דער ליקווידאַציע



קעסטנער—דער ליקווידאַטאָר פון קליינעם געטאָ פאַרן פוילישן פאָלקס-געריכט
עס זאָגט עדות זיינוול וועקשטיין

# ווידערשטאנד־באַוועגונג אין קליינעם געטאָ

שוין אין חודש אָקטאָבער 1942, ווען די גרויסע אויסזידלונג־אַקציע איז נאָך געווען אין גאַנג, האָבן פיר קאָמוניסטישע טוער: העניעק טענצער, דאַניעל וואַרשאַווסקי, וויליק צעלניק און סומעק אַבראַמאָוויטש אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ קאַמף גרופּע. די דאָזיקע גרופּע איז אַנטשטאַנען אין „מעבל־לאַגער" און צו איר זענען צוגעשטאַנען אַקטיווע טוער פון אַנדערע פּאַרטייען און אויך אומ־פּאַרטייאישע. אונטער דער פירמע „דאַר נאַראָדאָווי" האָט די דאָזיקע גרופּע נאָך פריער, נאָך אין גרויסן געטאָ, געזאַמלט געלט אויף געווער. בראש פון דע־ אויפסנייע אָרגאַניזירטער קאַמף־גרופּע איז געשטאַנען העניעק טענצער, וועלכער איז געווען באַקאַנט ווי אַן אַקטיווער קאָמוניסט נאָך מיט יאָרן פאַר דער מלחמה. העניעק איז געווען אַן איינִיקל פון באַקאַנטן טשענסטאָכאָווער תושב זיסער. אין לערניאָר 1930/29 איז ער צוזאַמען מיט נאָך 11 גימנאַזיע תלמידים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען מיעטעק פּרץ (זון פון באַקאַנטן דענטיסט אהרן פּרץ) און נאָך צוויי חברים זייערע: אַלעק בעהם און פּרושיצקי, אַרעסטירט געוואָרן פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט צווישן דער שול־ יוגנט. נאָך דעם, ווי ער איז אַרויס פון תפיסה, איז ער ווייטער געווען טעטיק אין די קאָמוניסטישע רייען ביז ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין בערעזע. פון אָנפאַנג פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער זיך געשטעלט אין רשות פון דער אַנטיפאַשיסטישער אונטערערדישער באַוועגונג. ווי נאָר מען האָט אָנגעהויבן איבערפירן די פּלאַצוווקעס די יידן אין קליינעם געטאָ אַריין, איז העניעק טענצער באַשטימט געוואָרן אַלס הויז־וועכטער אויף נאַדזשעטשנאַ 88, וווּ עס האָבן געדאַרפט וווינען די אַרבעטער פון „מעבל־לאַגער" און וווּ די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אויפגעבויט בונקערס פאַר די מאַמעס, קינדער און זקנים, וואָס זענען בעת די „אַקציעס" אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. העניעקן איז דורך די אַרבעטער אין „מעבל־לאַגער" איבערגעגעבן געוואָרן דאָס הויז־וועכטעריי צוליב צוויי טעמים: 1. מען זאָל האָבן אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכן מענטשן אין אַ הויז, וווּ עס זענען איינגעאָרדנט בונקערס, און 2. כדי ער זאָל נישט דאַרפן אַרויסגיין פון געטאָ צו קיין אַרבעט אויף פּלאַצוווקעס און זאָל זיך מער אָפּגעבן מיט זיין אונטערערדישער טעטיקייט. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז דאָס הויז־וועכטעריי אויף נאַדזשעטשנע 88 איבערגעגעבן געוואָרן דעם שרייבער פון די שורות און העניעק מיט זיין פרוי זענען אַריבער אין אַ בונקער אויף ווילסאָן־גאַס 34. פון דאָרט זענען זיי אַרויס אויף דער „אַרישער" זייט, וווּ זיי זענען ווייטער געווען טעטיק. לסוף זענען זיי

אומגעקומען און יעדער שפור פון זיי איז פאַרשוווּנדן. העניעק טענצער איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס פּיאָנער פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָכן גרויסן ליקווידאַציע-חורבן.

אָנהויב נאָוועמבער 1942 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן איבערפירן די גרוי-פעס קאָשאַרירטע יידן פון די פּלאַצוווקעס אין קליינעם געטאָ אַריין. דאָ האָט זיך ערשט יעדער לעבנגעבליבענער אָפּגעגעבן אַ דין-וחשבון פון דעם גרויזאַ-מען, וואָס איז פאָרגעקומען אין משך פון דעם לעצטן פינף-וואָכיקן "אַקציע"-פּעריאָד. עס זענען בײַ אַ סך צערינען די לעצטע האָפנונגען, אַז זיי וועלן זיך נאָך טרעפן מיט אַ נאָענטן, וואָס האָט זיך אפשר אָפּגעראַטעוועט אויף אַ צווייטער פּלאַצוווקע. אויך די געציילטע לעבנגעבליבענע אונטערערדישע טוער פון גרויסן געטאָ האָבן זיך אַרומגעזען, אַז פון זייערע רייען האָט די שרעק-לעכע „מגפה" אַרויסגעריסן דעם ווייט-גרעסטן טייל פון די איבערגעבליבענע אַקטיוויסטן. קיינער האָט אָבער נישט געגוי געוווּסט, וואָס עס איז פּאַקטיש געשען מיט די פיר צענדליק טויזנט יידן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אין געטאָ זענען שוין געלייענט געוואָרן בריוו פון הערש מענדל ווילינגער און פון לובלינג, וואָס זיי האָבן איבערגעשיקט פון טרעבלינקע מיט אַ פּוילישן באַן-קאָנדוקטאָר, וועגן זעלבסטמאָרד פון זייער חבר און מיטאַרבעטער שימשל יאַקובאָוויטש און וועגן פּאַקטישן גורל פון אַלע יידן, וואָס ווערן געשיקט קיין טרעבלינקע. זיי האָבן געפאָדערט, מען זאָל אַלץ טאָן, די וועלט זאָל געוויער ווערן, וואָס אַזוינס קומט דאָרט פאָר מיט די יידן. דאָס וואָרט „טרעבלינקע", וואָס איז אין טשענסטאָכאָווע ערשט דאַן באַקאַנט געוואָרן, האָט צונישט גע-מאַכט אַלע האָפנונגען פון די, וואָס האָבן די גאַנצע צייט זיך גענאַרט און נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם שרעקלעכן אמת...

שווער צו באַצייכענען די שטימונג, וואָס האָט פון דעמלט אָן אָנגעהויבן הערשן אין געטאָ. עס האָט אויסגעזען, ווי יעדער וואָלט באַהערשט געוואָרן פון אַן אַפּאַטיע און עס איז אים שוין אַלצאיינס, וואָס עס וועט ווייטער געשען. דאָך האָט זיך די ווידערשטאַנד-באַוועגונג אָנגעהויבן צעמענטירן. סוף נאָוועמ-בער אויף גאַרנצאַרסקע-גאַס 56 אין דער וועשערײַ, מיט וועלכער עס האָט אָנ-געפירט ראַזינע, איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: ד"ר אַדאַם וואַלבערג, ישראל שימאָנאָוויטש, יאַקוב ראַזינע, ווילֿיק צעלניק און דער שרייבער פון די שורות. אויף דער באַראַטונג איז באַ-שלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן זאַמלען געווער און פאַרשידענע מכשירים, מיט וועלכע מען זאָל זיך קענען אַנטקעגנשטעלן די דייטשן אין פאַל פון עפּעס אַן „אַקציע". עס איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן די חברים פרײַמאַן און יאַ-

כימעק, זיי זאָלן אַלס פּאַכמענער צוגרייטן שערן און צווענגלעך, מיט וועלכע מען זאָל קאָנען דורכהאַקן די דראָט-פאַרצוימונגען. אויסער דעם איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצושמוגלען בענזין און פונאַנדערשטעלן אין אַלע ווינקעלעך פון געטאָ, כדי אין פאַל פון פאַרשפּילטן קאַמף זאָל דאָס געטאָ אונטערגעצינדן ווערן פון אַלע זייטן. די מיליטערישע אָנפירונג האָט גענומען אויף זיך ד״ר וואַלבערג. צו אָט דער גרופּע האָבן געהערט קאָמוניסטן, בונדיסטן און אומפּאַרטייאישע.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויף נאַדזשעטשנאַ 66 איינגעאָרדנט אַ קאָלעקטיוו זעקס יונגע מיידלעך: רישאַ גוטגאָלד, סאַבאַ ריפּשטיין, פּאָליאַ שטשעקאַטש, דאַשאַ שטשעקאַטש, שרה גוטגאָלד און לוסיאַ גוטגאָלד. די דאָזיקע זעקס יונגע מיידלעך האָבן באַשלאָסן אַריינצוציען אין זייער קאָלעקטיוו וואָס מער יוגנטלעכע, מיט וועלכע איינקע פון זיי האָבן אין גרויסן געטאָ מיטגעאַרבעט אין די „טאָז"-שוויעטליצעס, אין די הויף-קאָמיטעטן און אויך ביים פאַרשפּרייטן ליטעראַטור. אינגיכן האָט זיך טאַקע דער קאָלעקטיוו פאַרגרעסערט מיט פאָלגנדיקע חברים זייערע: קובאַ ריפּשטיין, מיעטעק פּערלעגער, מענדל פישלעוויטש, יצחק ווינדמאַן („לאלא"). שפּעטער זענען צוגעקומען: לאָלעק פראַנקענבערג („פראַנצעק"), מיעטעק וויינטרויב („מארדוק"), היפּעק היימאַן, אביב ראזינע, מאַרישאַ ראָזענצווייג, פּאָליאַ הירש, יאַדזשאַ מאסס, לוניאַ וווידיסלאַווסקאַ, און נאָך שפּעטער זענען אַריין אין דער דאָזיקער גרופּע: איזידאָר פיינער („פאיא"), וולאַדעק קאפּינסקי, האַררי גערשאָנאָוויטש און לסוף – פעליאַ זבאָראָווסקאַ און פינעק סאַמסאָנאָוויטש. אַלע 23 יוגנטלעכע זענען געווען אין עלטער פון 17 – 20 יאָר, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז געווען קאָמוניסטיש געשטימט. זיי האָבן זיך גלייך גענומען גרייטן צו ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט עסן בלויז טרוקן ברויט און אָפּגעשפּאָרט און געזאַמלט געלט אויף געווער. נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט, איז מיעטעק פּערלעגער, מיט דער הילף פון שולמאַן, אַוועק אין קעלצער געגנט און איינגעקויפט צוויי רעוואָלווערן. זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר אַ קאַמף-גרופּע, איינגעטיילט זיך אין „פינפטלעך" און באַשטימט מיעטעקן פאַרן קאָמענדאַנט פון דער גאַנצער גרופּע. דאָס איז געווען די צווייטע און יונגסטע קאַמף-גרופּע, וואָס איז אָנהויב דעצעמבער אַנטשטאַנען אין קליינעם געטאָ און זיך גערופן: „נאַדזשעטשנאַ 66".

די דריטע גרופּע איז אַנטשטאַנען שפּעטער אויף נאַדזשעטשנאַ-גאַס נר. 70 אונטערן נאָמען „קיבוץ", דאָס איז געווען אַ חלוצישע גרופּע, מיט וועלכער עס האָבן די ערשטע צייט אָנגעפירט: רבקה גלאַנץ, יהודה גליקשטיין און דער שומר אברהם זילבערשטיין.

עס איז געווען נאָך איין קאָמוניסטישע קאַמף-גרופּע אין באַשטאַנד: שטיינבערכער, שוויערטשעווסקי, רייך, שטראסבערג, יאַנעק, יאַנקל בעסערמאַן און בזשאָסקי.

כוף דעצעמבער 1942 איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון אַלע קאַמף-גרופּן. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אַן אַטמאָספער פון פול-שטענדיקער פאַרשטענדיקונג. עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „זשאָב". עס איז אויסגעווײלט געוואָרן אַ קאָמענדאַטור, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל: אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַלגעמיינער „אונטערערד" אין טשענסטאָכאָוו גופא און אויך אויסער טשענסטאָכאָוו, שאַפן געווער און געלט מיטלען אויף דעם צוועק. אַלע צוגעהעריקע צו די גרופּן זענען איינגעטיילט געוואָרן אין פינפטלעך. אַלס קאָמענדאַנט פון די „פינפטלעך" איז באַשטימט געוואָרן מרדכי זילבערבערג — אַ יונגער בחור, וועלכער האָט זיך נאָך פון פריער אויסגעצייכנט מיט ענערגיע און געוויסע פאַך קענטענישן און וואָס האָט נאָך בעתן קאָשאַרירט זיין אין „האַסאַג" אָנגעהויבן אַן אונטערערדישע טעטיקייט (זיין פּסעווד. „מויטעק"). פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט איז געווען סימעק אַבראַמאָוויטש. פאַרבינדונג-מאַן צווישן אַלע גרופּן איז באַשטימט געוואָרן דער חלוץ העניעק פייסאַק. די ערשטע צייט האָבן זיך די יידן אין געטאָ באַצויגן צו די קאַמף-גרופּן מיט אַ געוויסן סקעפּטיציזם, אייניקע — מיט חוזק און אַנדערע — אפילו מיט שנאה. דער געפיל פון שנאה האָט זיך אַרויסגעפילט ביי די יידן, וואָס האָבן נאָך אַלץ געגלויבט איבערצולעבן און מורא געהאַט, אַז די „משוגעים" וועלן דערנענטערן דעם סוף... ביסלעכווייז האָט די טעטיקייט פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע אַזוי אָנגעהויבן ווירקן, אַז עס האָט אַרויסגערופן ביי אַלע יידן אַ געפיל פון דרך-ארץ און אויך — מורא. די קאַמף-אָרגאַניזאַציע איז אויסגעוואַקסן צו אַזאַ כוח, מיט וועלכן אַלע אין געטאָ האָבן זיך געמוזט רעכענען. אַלע קאַמף-גרופּן, וואָס האָבן ביז דער פאַרייניקונג געציילט אַן ערך 70 מאַן, זענען נאָך דער פאַרייניקונג אויסגעוואָקסן צו אַ צאָל פון 300, פון וועלכע 120 האָבן זיך געפונען כסדר ביי אַקטיווער אַרבעט. געלט אויף געווער איז געשאַפן געוואָרן פון באַשטייערונגען און „גנבות". באַשטייערט זענען געוואָרן די בעסער-סיטואירטע יידן, וועלכע האָבן געמוזט ביז אַ באַשטימטן טערמין איינצאָלן די אַרויפגעלייגטע אויף זיי סומעס. די יידן, וואָס האָבן נישט אויסגעפירט די פאָדערונגען זענען אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי באַפרייט ערשט דאַן, ווען זייערע קרובים האָבן איינגעצאָלט די געפאָדערטע סומע. „גנבות" זענען דורכגעפירט געוואָרן פּערמאַנענט אין די אָנגעזולטע מאַגאַזינען פון דער שוץ-פּאָליציי אויף גאַריבאַלדי-גאַס. צוויי מאָל זענען אויף „באַגנבעט"

געוואָרן די מאַגאַזינען פון יודענראַט און איין מאָל — די אַפּטייק ביים יודענ־ראַט, ווו עס האָבן זיך צווישן די מעדיקאַמענטן געפונען כעמישע שטאָפן, וואָס האָבן געניצט צו די גראַנאַטן. די „גנבות" אין די מאַגאַזינען פון יודענראַט און אין דער אַפּטייק האָבן אויסגעפירט: אַבראַמעק טשאַרנע („טשאַרע"), העניעק ווערניק („יאַצעק"), בנימין ערענפריד, פינעק סאַמסאָנאָוויטש און לאָלעק פראַנ־קענבערג („פראַנצעק"). דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די חדשים מערץ און אַפּריל 1943. מיטן איינקאַסירן די באַשטייערוגגען האָבן זיך פאַרנומען: האַררי פּאַטאַשעוויטש, אַבראַמעק קאַפּלאַן, הילל פרידריך („כילעק"), מלאָדאַ־נאָוו און אַנדערע פון די קאַמף־גרופן, וועמען זיי אַליין האָבן זיך גענומען צו הילף. מיט אַרויסגנבענען ביי דער שוץ־פּאָליציי מונדירן און אַנדערע נויטיקע זאַכן האָט זיך פאַרנומען הערשל פּראַזער ביי דער מיטהילף פון משה־שמואל לאַנדסבערג, לעאָן פוקס און אַ געוויסן גוטערמאַן. מיטן גראָבן אונטערערדישע טונעלן האָבן אָנגעפירט „יאַצעק" און יאָסעק קאַנטאָר. מיטן גראַנאַט וואַרשטאַט האָבן אָנגעפירט „יאַצעק" און „באַסטעק". מיטן צוגרייטן דעם אויפרייס מאַטע־ריאַל פאַר די גראַנאַטן האָט זיך פאַרנומען דער כעמיקער קויפמאַן („מיקרוס"). מיטן צוזאַמענשטעלן, פאַרריכטן און רייניקן דאָס געווער האָט זיך פאַרנומען מיכאל ווייסקאָפּ. פאַר פאַרבינדונג־מענער מיטן „זשאָב" אין וואַרשע זענען באַ־שטימט געוואָרן: רבקה, היפּעק און „פראַנצעק".

* * *

דאָס איינקויפן געווער איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן און קרבנות. שוין אין דעצעמבער 1942 איז מיטעק פערלעגער, גייענדיק אויף יאַכנאָגורסקע־גאַס צום אָפּגערעדטן פונקט נאָך געווער, פאַר האַלטן געוואָרן דורך אַ „באַן־שוץ". נאָך אַ קורצן געראַנגל האָט ער דעם דייטש אומגעוואָרפן און אַנטלאָפן. ער איז אָבער לסוף געכאַפּט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. אַ גאַנצן מעת־לעת האָבן זיי אים געפּייניקט און נאָכדעם דערשאָסן. דער דאָ־זיקער דורכפאַל האָט אויף אַלעמען שרעקלעך געווירקט און אַ באַזונדער שווע־רער קלאַפּ איז דאָס געווען פאַר דער גרופּע „נאַדזשעטשנאַ 66", וועלכע האָט אָנגעוווירן אַ נאָענטן חבר און טיכטיקן און דרייסטן קאָמענדאַנט. עס האָט אָבער דאָך נישט אָפּגענומען ביי קיינעם דעם מוט און די אַרבעט אויף איינ־שאַפן געווער איז לגמרי נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

אַן ענלעכער פאַל איז פיל שפּעטער פאָרגעקומען מיט דער קוריערין „זאָשע", וועלכע האָט געפירט געווער פאַרן טשענסטאָכאָווער „זשאָב". שוין אין טשענסטאָכאָוו זייענדיק, האָט זי זיך געוואָרפן אויף אַ שפּיאָן, וואָס האָט זי פאַרפאָלגט פון וואַרשע אָן, און אין נישט גלייכן קאַמף מיט די דייטשן

וואָס האָבן זי אַרומגערינגלט, איז זי געפאַלן. דער דריטער פאַל פון קרבנות ביים איינקויפן געווער איז געווען אויף „קאַמיאָנקאַ“, 5.4 קילאָמעטער הינטער טשענסטאָכאָוו. זילבערבערג, קאַנטאָר און רעני לענטשנער זענען אַהין געשיקט געוואָרן אָפּצונעמען אַ טראַנספּאָרט קורץ געווער, וואָס איז דאָרט באַשטעלט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ געווער-מעקלער, פאַר 250 טויזנט זלאָ־טעס. וואַרשיינלעך איז דער מעקלער געווען אַן אַגענט פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון דעם באַשטימטן אָרט מיטן אָפּ־געמומענעם געווער, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך זשאַנדאַרן און געשטאַפּאָווצעס, וועלכע האָבן גלייך געעפנט אויף זיי אַ שיסעריי. בעת דער קעגנזייטיקער שיסעריי זענען עטלעכע דייטשן פאַרווונדעט געוואָרן. עס זענען צו אונדז דערגאַנגען נישט קאָנטראָלירטע ידיעות, אַז צוויי זשאַנדאַרן זענען געפאַלן טויט. זילבערבערגן און קאַנטאָרן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוקריגן פון דער דייטשער אַרומרינגלונג און צוריק אָנקומען אין געטאָ אַריין. רעניע איז אַ שווער פאַרווונדעטע גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט ערשט דעמלט, ווען זי האָט שוין געהאַט אויסגעשאָסן אַלע קוילן פון אירע צוויי רעוואָלווערן. אַ גוססדיקע איז זי נאָך געפייניקט געוואָרן אין די קעלערן פון געשטאַפּאָ און איר הייליקן סוד נישט אויסגעגעבן. אַלע דורכפאַלן האָבן אויפגערו־דערט דאָס גאַנצע געטאָ. פאַר די קאַמף-גרופּן ווידער איז יעדער דורכפאַל געווען אַ שווערער קלאַפּ, די העלדישע האַלטונג אָבער פון די אומגעקומענע חברים האָט אַלעמען אָנגעפילט מיט שטאָלץ און געוועקט צו נייע מעשים.

* * *

דער ערשטער באַוואָפנטער אָבער שוואַך אָרגאַניזירטער אַרויסטריט פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען דעם 4-טן יאַנואר 1943. אויפן באַפעל פון דעגענהאַרטן האָבן דאַן אַלע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פּלאַצוווקעס אין געטאָ גופא, זיך געמוזט צושטעלן אויפן „רינעטשעק“. פון דער קאָמענדאַ־טור פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע איז אין געטאָ געווען בלויז מענדל פישלע־וויטש פון דער קאַמף-גרופּע „נאַדזשעטשנאַ 66“, אין וועמענס נאָמען ער איז געווען פאַרטרעטן אין דער אַלגעמיינער קאָמענדאַטור. פון די קאַמף-גרופּן ווידער זענען אין געטאָ געווען דער גרעסטער טייל פון דער גרופּע „נאַדזשע־טשנאַ 66“ און אייניקע מיטגלידער פון די אַלגעמיינע קאַמף-גרופּן. נאָך אַ לענגערן ישוב-הדעת האָבן די קעמפער מיט אַ מערהייט שטימען באַשלאָסן אויך אַרויסצוגיין אויפן „רינעטשעק“. קיין געווער האָבן זיי נישט געהאַט. די גע־ציילטע רעוואָלווערן, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט שוין דעמלט יאָ געהאַט, זענען געווען פאַרטיילט צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמענדאַטור, וואָס



דענקמאָל אויפן מאַסן־קבר פון די אומגעקומענע בעתן ערשטן באַוואָפנטן אַרויסטריט. געשטעלט דורך די לעבנגעבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו



באַראַקן אין לאַגער „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי"

האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ מיט ספּעציעלע אויפגאַבן. איין רעוואָלווער האָט בלויז געהאַט פּישלעוויטש. דעם דאָזיקן רעוואָלווער האָט ער טאַקע מיטגענומען מיט זיך, און זיין נאָענטסטער חבר, איזידאָר (יצחק) פיינער האָט מיטגענומען בלויז אַ מעסער. אָט מיט דעם דאָזיקן געווער זענען די יונגע קעמפער אַרויס אויפן „רינעטשעק". אויף דער וואך אין געטאָ איז בלויז געבליבן פּאָליאַ שטשעקאַטש.

אַלע יידן פון געטאָ זענען שוין לאַנג געווען צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ. די „אַקציע", מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער לויטענאַנט ראהן, איז שוין געווען אין גאַנג. צענדליקער זקנים, מאַמעס און קינדער זענען שוין געווען באַזונדער אָפּגעשלאָסן אויף דער וואַכע פון די אוקראַינישע פּאַשיסטן. אויפן באַפעל פון ראהנען איז די גאַנצע גרופּע יוגנטלעכע גלייך ארומגערינגלט געוואָרן און אַלס שטראָף, וואָס זי איז אָנגעקומען שפּעטער ווי אַלע יידן, איז זי איבערגעפירט געוואָרן צו דער גרופּע יידן, וואָס איז שוין געווען פאַרשפּארט. דאָ האָט די דאָזיקע גרופּע קעמפער אויפן אָרט באַשלאָסן אומצוקומען מיט כבוד. ווי נאָר מען האָט זיי אַרויסגעפירט אויפן פּלאַץ און אָנגעהויבן אויסצו־שטעלן אין אַ ריי אויף אַוועקצופירן, האָט פּישלעוויטש זיך געוואָרפן מיטן רעוואָלווער אויף ראהנען און פיינער—מיטן מעסער אויפן לויטענאַנט סאַפּארט. ראהן איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין האַנט און סאַפּארט האָט זיך אַ צעשטאָכע־נער, מיט אַ צעשניטענעם מונדיר און צעשניטענע שטיוול, צוריקגעצויגן פון פּלאַץ. דער רעוואָלווער ביי פּישלעוויטשן האָט זיך פאַרהאַקט, ווייל די גילזע פון דער אויסגעשאָסענער קויל איז געבליבן שטעקן אין דער לופע. פּישלעוויטש האָט אָנגעהויבן קעמפן מיט ציין און נעגל און איז געפאַלן אַ דורכגעלעכערטער פון אַ סעריע קוילן, וואָס די דייטשן האָבן אויף אים אַרויסגעלאָזט פון אויטאָ־מאַטיש געווער. אויך פיינער איז געפאַלן אַ שווער פאַרוואונדעטער.

דערמיט האָבן די מערדער זייער בלוטיקע לעקציע נאָך נישט פאַרענדיקט. נאָך 25 מאַן האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון דער ריי, איינגעטיילט זיי אין צוויי גרופּעס און דערשאָסן פאַר אַלעמען אין די אויגן. 27 יונגע לעבנס זענען ווייטער פאַרשניטן געוואָרן און צווישן זיי: די צוויי יונגע קעמפער פּישלעוויטש און פיינער, הערשל פרידמאַן — דער באַקאַנטער באָיאָוועץ פון זינט 1905, אַדוואָקאַט נאַטאַן ראָזענשטיין, ווערניק, ראדאל, שעלצער, טרעמבאַצקי, האַפּטקע שטאל, וויגאָדזקי, זילבערשאַץ, עקשטיין, גאָלדבערג, ראדאָשיצקי און נאָך 9 מאַן, וועלכע זענען נישט אַלעמען געווען באַקאַנט. נישט אַלע פון די געפאַלענע זענען פון די קוילן תיכף אומגעקומען. אייניקע פון זיי, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען פיינער, האָבן זיך שעהן־לאַנג געמאַטערט אין טויט־קאָנוואולסיעס.

ערשט נאָך דעם, ווי אַלע האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות, זענען די רעשט פאַרזאַמלטע יידן צוריק אַריינגעלאָזט געוואָרן אין געטאָ. די אָפּגעשלאָסענע מחנה יידן פון אַן ערך 300 מאַן איז אַוועקגעפירט געוואָרן אויף פילסודסקי־גאַס 21, וווּ עס האָט זיך געפונען דער קאָמיסאַריאַט פון דער פוילישער פּאָליצײ. צווישן די 300 מאַן האָט זיך אויך געפונען אַ גרופּע קעמפער, וואָס האָט בעתן טראַגישן גערעַנגל נישט באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען פון דער אַרומגערינגלטער מחנה יידן, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן אַוועקגעפירט צו ווערן. פון קאָמיסאַריאַט האָט זיך שפּעטער בלויז אַרויסבאַקומען די יונגע קעמפערין דאשאַ שטשעקאטש.

די קאָמענדאַטור פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט נישט גערוט. זי האָט אַריינגעשיקט צו זייערע חברים און חברטעס מכשירים אויף דורכצוזעגן די קראַטן. אויף מאָרגן זענען אַלע פאַרהאַלטענע, אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג פון זשאַנדאַרן, איבערגעפירט געוואָרן קיין ראַדאָמסק, ווו עס איז דעמלט פאָרגעקומען דער גירוש פון די לעצטע דאָרט צונויפגעזאַמלטע יידן. די קעמפער האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון וועג. די ערשטע איז אַנטלאָפן שרה גוטגאָלד. די צווייטע האָט געזאָלט זיין יאַדזיאַ מאַסס, וועלכע האָט זיך בעתן לויפן אויסגעגליטשט און געפאַלן. זי איז באַלד צוריק געכאַפּט געוואָרן און די וואַך אַרום דעם טראַנספּאָרט איז פילפאַכיק פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער דאָזיקער פאַל האָט שוין צונישט געמאַכט דעם ווייטערדיקן פרווו פון אַנטלויפן.

די קאָמענדאַטור האָט אָבער אַלץ נישט גערוט און אַרויסגעשיקט צוויי שליחים, יצחק ווינדמאַן און צבי לוסטיגער, קיין ראַדאָמסק, כדי אויפן אָרט אָנצווענדן אַלע כוחות אויף אַרויסצובאַקומען זייערע חברים און חברטעס. קיין ראַדאָמסק זענען די שליחים אָנגעקומען אין סאַמע ברען פון דער „אַקציע“ און עס איז זיי געווען אוממעגלעך עפּעס אויפצוטאָן. די אוקראַינער, וועלכע זענען יאָ איבערגעקויפט געוואָרן, האָבן דאָס געלט צוגענומען און נאָכדעם זיי גע־דראָט מיט דערשיסן, אויב עמעץ וועט פּרובירן פון דאָרט אַנטלויפן. די קעמ־פערינס האָבן דאַן באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד און נישט גיין אין די וואַגאָנען. די ערשטע האָט זיך אויפגעהאָנגען יאַדזיאַ מאַסס, די צווייטע האָט געזאָלט זיין מאַרישאַ ראָזנצווייג. די רעשט יידן, וועלכע זענען געווען צוזאַמען מיט זיי, האָט זיך מיט כוח אַנטקעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט צו קיין ווייטערדיקע זעלבסטמאָרדן. די קעמפערינס האָבן דעריבער באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיטן לעצטן מיטל—שפּרינגען פון לויפנדיקן צוג. מיט די מכשירים, וואָס די קאָמענדאַטור האָט זיי נאָך אַריינגעשיקט אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי זיך אַלע אַריינבאַקומען אין איין וואַגאָן. אויפן וועג האָבן זיי דורכגעפיילט די

פאַרקראַטעוועטע פענצטער-לעכער פון די פערד-וואַגאָנען און איינציקווייז אָנגעהויבן אַרויסשפּרינגען. פון דער דאָזיקער מעגלעכקייט האָבן אויך אַנדערע געניצט. בלויז געציילטע פרויען, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען די אַקטיווע קעמפערין צעשיאַ באָרקאָווסקאַ, זענען אָנגעקומען צוריק קיין טשענסטאָכאָוו. דער גרעסטער טייל, איז דערשאָסן געוואָרן בעתן שפּרינגען פון די וואַגאָנען און די רעשט איז אומגעקומען בעתן וואַנדערן צוריק קיין טשענסטאָכאָוו.

* * *

נאָך די דאָזיקע טראַגישע געשעענישן האָט די קאָמענדאַטור באַשלאָסן אָנצוהויבן מיט מער ענערגיע איינצושאַפן געווער. אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ גענויעם דין-וחשבון פון די געפאַרן, וואָס לויערןביים איינקויפן געווער דורך דער פאַרמיטלונג פון נישט זיכערע מעקלער, וואָס נוצן אויס די ספּעציפישע לאַגע פון די קעמפער אין געטאָ און פאָדערן לעגענדאַרע פרייזן פאַר יעדן שטיקל אַלט געווער. עס איז שוין אויך קלאָר געוואָרן, אַז איינציקע מעקלער זענען נישט מער ווי אונטערגעשטעלטע דייטשע שפּיאָנען. כדי צו זיין וואָס ווייניקער אָפּהענגיק פון מעקלער און ממילא אויסמיידן סיורפּריזן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו קאָנצענטרירן די גרעסטע ענערגיע אויף אויסצואַרבעטן גראַנאַטן מיט אייגענע כוחות.

אין די שפּעטע נאַכט-שעהן, ווען די אסורים פון געטאָ זענען, נאָכן טאָג פּיין, באַליידיקונג און שווערער אַרבעט, געשלאָפן מיט אַ האַרטן, אָבער אומרויקן שלאָף, האָבן זיך פון אַלע געטאָ-ווינקעלעך אָנגעהויבן אַרויסרוקן שאָטנס, וואָס האָבן זיך שנעל און מיט פאָרזיכט באַוועגט אין דער ריכטונג פון אַ פאַרלאָזט חרוב הייזל. דאָ איז דער וואַרשטאַט, דאָ שטייט די קוזשניע, ווו עס ווערן אויסגעגאָסן די פאָרעמס צו גראַנאַטן. דער רויך פרעסט טאַקע די אויגן, אָבער אין יעדנס פּנים שפּיגלט זיך אָפּ פאַרביסנקייט, מענלעכע ערנסטקייט, ענערגיע און ברען צו מעשים.

פעברואַר 1943 — די ערשטע גראַנאַטן זענען פאַרטיק. עס ציטערן פון פרייד די שוין כמעט גרויע קעמפער. עס גלאַנצן די אויגן ביי די יונגע און גאָר יונגינקע קעמפער-מעכאַניקער. עס הויבט אָבער אָן נאָגן אַ צווייפל: און אפשר? אפשר איז די גאַנצע אַרבעט גאָר אַן אַרויסגעוואָרפענע? די גראַנאַטן זענען דאָך אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן מיט הוילע הענט און אָן דער מינדעסטער דערפאַרונג! „מיר מוזן די גראַנאַטן אויספּרובירן!" — פאַלט אַ באַפעל. מיטגלידער פון דער גראַנאַטן-גרופּע שמוגלען זיך אַרויס קיין מירוו, הינטער טשענסטאָכאָוו, פּרוּוון אויס די אויפרייס-קראַפט פון די גראַנאַטן און אויפצו-

מאָרגנס ברענגען זיי אַ דערפרייענדיקן גרוס... דער „גרוס" דערמונטערט אַלע־
מען. מען הויבט זיך אָן פילן זיכערער און שטאַרקער. ביז איצט האָט מען זיך
געפילט ווי מען וואָלט געהאָנגען איבער אַ שרעקלעכן תהום, און איצט האָט
מען דערפילט אַ פעסטן אָנשפּאַר. מען הויבט אָן שפּינען די שיינע חלומות
פון אָפענעם קאַמף מיט די הונטן פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט. „איצט וועלן
מיר שוין נישט גיין אין די וואַגאָנען, ווי געהאָרכזאַמע שעפּסלעך צו דער
שחיטה! מיר וועלן שוין נישט וואַרטן, ביז די מערדער וועלן קומען צו אונדז,
מיר וועלן גיין צו זיי און זיי פּאַרטיליקן: אויפרייסן בריקן, צעשרויפן שינעס,
אויפרייסן צוגן מיט מיליטער און אַמוניציע, טויטן די דייטשע פאַרברעכער
און אַליין אומקומען מיט געווער אין האַנט!" — דאָס זענען איצט געוואָרן די
שענסטע טרוימען פון די יידישע קעמפער אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ.
מען נעמט זיך איצט מיט פיל מער ברען צו דער אַרבעט. עס ווערט אויסגע־
בילדעט אַ פלוטאָן קעמפער פאַר ספּעציעלע אויפגאַבן. לייבל צוקערמאַן,ביידע
ברידער נאָסעק, אַבראַמעק, טשאַרנע, ביידע ברידער שמולעוויטש, „באסטעק"
האַררי פּאטאשעוויטש, „מיקרוס", יאַצעק" אָ. א. רוען נישט. זיי גנבענען אין
די אמוניציע פאַבריקן און אויף אַנדערע פּלאַצוווקעס: אַלומיניום, בלײַ, קאַרביט,
קוועקזילבער, דינאַמיט און אַנדערע כעמיקאַליעס, וואָס זענען נויטיק צו גראַ־
נאַטן. דאָס אַלץ ווערט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ אין פעסלעך, מיט וועלכע מען
פאָרט נעמען די מיטאָגן אין דער געטאָ־קיך פאַר די אַרבעטער אויף די פּלאַצוווקעס.

יעדע נאַכט ווערט די אַרבעט געפירט אויפן זעלבן אופן. אייניקע גיסן
אויס די פאָרעמס, וועלכע וואַנדערן איבער צו די מעכאַניקער און פון זיי
צו די, וואָס אַרבעטן אין דער כעמישער אָפּטיילונג און פון דאַנען — צו די,
וואָס ענדיקן אויס די גראַנאַטן און פאַסן אַפילו צו די הענטלעך, וואָס ווערן
אויסגעאַרבעט אין דער טאָקעריי פון „מעבל־לאַגער" און אין די סטאָליער־
וואַרשטאַטן אין געטאָ גופא. עס אַרבעטן דאָ יינגלעך און מיידלעך, כמעט נאָך
קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָ דערהויבן צו דער הויך פון די געגומענע אויף
זיך הייליקע אויפגאַבן. נאַכט ביי נאַכט גייט אָן די אַרבעט. די אויסגעפּאַר־
טיקטע גראַנאַטן ווערן אַפילו געלאַקירט און נאָכדעם וואַנדערן זיי איבער אין
דעם הויפּט־אַרסענאַל פון דעם, מיט שווערער מי, אויסגעבויטן טונעל נומער 1.
קאַיאָר ווערן די וואַרשטאַטן דעמאָנטירט און אויפגערוימט, כדי, מיטן אָנקומען
פון דער טיפער נאַכט, אויפסניי זיי צו מאָנטירן און אויפסניי צו גיסן גראַנאַטן,
מיט וועלכע עס זענען פאַרבונדן אַזעלכע שיינע האָפנונגען...

אין דער זעלבער צייט, ווען איין טייל קעמפער איז געווען פאַרנומען מיטן
אויסאַרבעטן גראַנאַטן, איז אַ צווייטער געווען פאַרנומען מיטן בויען אונטער־

ערדישע טונעלן. דער ערשטער און וויכטיקסטער טונעל האָט זיך אָנגעהויבן אויף גאַרנצאַרסקע-גאַס נר. 42 און געהאַט זיין אַרויסגאַנג אויסערן געטאָ אויפן אַלטן מאַרק נר. 17. דער צווייטער טונעל האָט זיך אָנגעהויבן אויף נאַדזשעטש-נאַ 82/80 און געהאַט דעם אַרויסגאַנג אויף אַ פוסט פעלד אויסערן געטאָ אויפן ראָג יאסקראווסקע-גאַס. די טונעלן האָבן אויך געהאַט אריינגענג אין די הייזער אויף גאַרנצאַרסקאַ 40, אויף נאַדזשעטשנאַ 86, 88 און 90. הן די אַריינגענג, הן די אַרויסגענג זענען געווען גוט פאַרקאָנספירירט און עס האָט נישט גע-דראָט קיין געפאַר, אַז אַ „בייז-אויג" זאָל דאָס קאָנען באַמערקן. טאָג און נאַכט איז געגאַנגען די אַרבעט ביים בויען די טונעלן. עס איז געאַרבעט געוואָרן אויף צוויי שיכטן צו הונדערט מאַן אין אַ שיכט. דאָ האָבן אויך געאַרבעט יוגנטלעכע, וואָס זענען נאָך נישט געווען אַריינגעצויגן אין די רייען פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע און דאָך געווען גרייט אויף יעדן רוף פון דער קאָמענ-דאַטור.

* * *

די קאָמענדאַטור האָט אויך אַרויסגעגעבן ביולעטינען און אויפרופן. איין אויפרוף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום ערשטן מאַי און אַ צווייטער — צו דער פוילישער אַרבעטערשאַפט וועגן הילף פאַר דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע. די ביולע-טינען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן סמך פון ראדיא-ידיעות. דער ראדיאָ איז געווען אינסטאלירט אין „מעבל-לאגער". די ידיעות זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן דורך פאראנטוואָרטלעכע אונטערערדישע טוער. וויכטיקע ידיעות פלעגן באַזונדער איבערגעגעבן ווערן אויף די ספעציעל געדרופענע אַפעלן פון די קאַמף-גרופן. צווישן די וויכטיקע ידיעות, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אויף די אַפעלן זענען געווען: די ידיעה, וואָס דער פוילישער אונטערערדישער ראדיאָ האָט איבערגעגעבן אין דער צווייטער העלפט פון חודש אַפריל 1943 אַז בעתן גירוש פון די יידן אין האָלאַנד האָבן האָלענדישע פרויען אַרויסגע-כאַפּט יידישע קינדער פון די רייען און מיט זיי אַנטלאָפן, וועגן גאַנג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און באַזונדער וועגן אומקום פון מיכאל קלעפּפיש. דעם זעלבן אָוונט נאָך האָט די טשענסטאָכאָווער קאַמף-אָרגאַניזאַציע באַערט דעם אָנדענק פון די געפאַלענע וואַרשעווער געטאָ-אויפשטענדלער.

* * *

סוף פעברואר 1943 זענען ארויסגעשיקט געוואָרן די ערשטע אויסשפּירער, „פראנצעק", „מארדוק" און שולמאַן, וועלכע האָבן געדאַרפט אויספאָרשן די מעגלעכקייטן פון ארויסשיקן גרופן אין די וועלדער פון אָלשטין און „זלאָטי פאָטאָק", נאָך צוויי מעת-לעת זענען זיי צוריקגעקומען מיט דער איינשטעלונג,

אַז עס איז נאָך פריצייטיק ארויסצושיקן גרופן אין די וועלדער. ווייטערדיקע אויסשפירער זענען שוין מער נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן, ווייל שולמאַן, וואָס האָט זיך אָריענטירט אין דער גאַנצער קעלצער געגנט איז געכאַפּט געוואָרן דורך שוץ־פּאָליציי און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די סקאַרזשיסקער לאַגערן און עס איז פאַרשוווּנדן פון אים יעדער שפור. אָנהויב מערץ איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די וועלדער אַן אויסשפירער „פּינפּטל״. דאָס „פּינפּטל״ איז באַשטאַנען פון די יונגע קעמפער: מאָניעק פלאַמענבוים, אָלעק הערשענבערג, יאַנעק קרויזע, העניעק ריכטער, דער זון פון באַקאַנטן קאָמוניסטישן טוער דוד ריכטער און יעזשיק ראָזענבלאַט. שפּעטער איז צו דער דאָזיקער גרופּע צוגעקומען שליאַמעק שיין, וועלכער איז שוין לאַנג געזוכט געוואָרן פון געשטאַפּאָ. די ערשטע צייט האָבן זיי אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט גרופּן פון גווארדיא ליודאָוואַ. שפּעטער האָט זיי אָנגעהויבן ברענען דער באָדן אונטער די פיס, ווייל זיי זענען פאַרפאָלגט געוואָרן פון רעאַקציאָנערע א.ק.־גרופּן (ארמיא קראַיאָוואַ). זיי האָבן זיך אומגעקערט פון וואַלד און זיך באַפעסטיקט אין אַ בונקער אינעם הויז אויף ווילסאָן־גאַס נר. 34, ווו עס האָבן זיך געפונען סקלאַדעס פון אַלט, אָנגערויבט יידיש מעבל; די דאָזיקע סקלאַדעס האָבן איצט געהערט צום „מעבל־לאַגער״. פון דאַנען פלעגן זיי פון צייט צו צייט מאַכן זייערע „ארויספאַלן״. אין זעלבן הויז האָבן זיך אויך געפונען בונקערס, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע יידישע פאמיליעס מיט זייערע אַלטע לייט און קינדער. צווישן אַנדערע האָט זיך דאָרט אויך געפונען די פרוי פון דוד קאָנגרעצקי מיט אירע צוויי קינדער. צוליב אַן אומפאָרזיכטיקייט פון קאָנגרעצקיס עלטער קינד, האָט די געשטאַפּאָ אַנטדעקט דעם בונקער פון די 6 יונגע קעמפער דעם 17־טן מערץ 1943. זיי זענען באַפאַלן געוואָרן פלוצלינג און נישט באַוויזן צו מאַכן קיין געברויך פון זייער געווער. דעם 19־טן מערץ זענען זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם.

אָנהויב אַפּריל 1943 האָבן זיך אומגעקערט פון וואַרשע מיט ליטעראַטור און אינסטרוקציעס, רבקה גלאַנץ, היפּעק היימאַן און יצחק ווינדמאַן. רבקה מיט יצחקן האָבן זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ און היפּעק, וואָס האָט געזאָלט אַריינבאַקומען זיך אין געטאָ מיט די אַרבעטער פון דער פלאַצוווקע „ענרא״ איז פאַרהאַלטן געוואָרן פאַרן „ווילאָט״ (געטאָ־טויער). מען האָט ביי אים געפונען ליטעראַטור און אַ קענקאַרטע. ער איז גלייך איבערגעפירט געוואָרן אין אַרעסט־הויז ביי דער יידישער פּאָליציי אויף קאָזשע־גאַס און איבערגעגעבן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון יידישע און פוילישע פּאָליציאַנטן. דאָ האָט ער געדאַרפט געהאַלטן ווערן איבער נאַכט, כדי אויף מאָרגן איבערגעגעבן צו

ווערן צו דער דיספּאָזיציע פון דעגענהאַרטן. די גרופּע „נאַדזשעטשנאַ 66", צו וועלכער היפּעק האָט געהערט, האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אים פון דאָרט ארויסצובאַקומען. די דאָזיקע מיסיע האָבן גענומען אויף זיך: האררי גער־שאָנאָוויטש, לאָלעק פּראַנקענבערג, אַביב ראַזינע, מיעטעק ווײַנטרויב און קובאַ ריפּשטיין. די 5 יונגע קעמפער האָבן זייער אויפגאַבע אויסגעפירט בשלימות און היפּעק איז נאָך די זעלבע נאַכט אַוועק קיין וואַרשע. מיט וואָכן שפּעטער איז ער מיט יצחק ווינדמאַן, גייענדיק נאָך אַ באַשטעלטן טראַנספּאָרט געווער, פאַר־האַלטן געוואָרן דורך „שמאַלצאָווניקעס", ווינדמאַנען האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרשווינדן און היפּעקן האָבן די „שמאַלצאָווניקעס" איבערגעגעבן אין די הענט פון געשטאַפּאָ, וועלכע האָט אים ארויסגעשיקט אין לאַגער קיין טראַווניק, וווּ ער איז אומגעקומען.

* * *

דער פּאַל מיטן באַפרייען היפּעקן האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע געטאָ. דער פּרעסטיזש פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט זיך שטאַרק געהויבן, מען האָט זיך געפילט שטאָלץ און גלייכצייטיק זיך געשראָקן פאַר רעפּרעסיעס. קיין רעפּרעסיעס זענען פונדעסטוועגן נישט געקומען, ווייל לאַשינסקי און קעסטנער — ביידע לאַגער־פירער, וועלכע זענען נאָך די געשעענישן פון 4־טן יאַנואַר באַשטימט געוואָרן איבערן געטאָ אַלס אויפזעער מיט ספּעציעלע פול־מאַכטן, ווי אויך מאָרדער, דער דייטשער קאָמענדאַנט פון די אוקראַאינישע וועכטער איבערן געטאָ, האָבן דעם ענין מיטן באַפרייען היפּעקן פאַרטושט, מורא האָבנדיק פאַר קאָנסעקווענצן פאַר זייער אייגענעם „לייכטזין". זיי האָבן אָבער אָנגעהויבן אויסשפּרייטן אַ געדיכטע נעץ כּדי אויסצוגעפינען אלע פּע־דעם פון דער קאַמף־אָרגאַנזאַציע. זיי האָבן טאָג־ביי־טאָג און נאַכט־ביי־נאַכט אַליין באַזוכט דאָס געטאָ און גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך. גלייכצייטיק האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינציען און דער שפּיאָניר־אַרבעט זייערע באַקאַנטע יידן, פון וועלכע זיי וועלן קענען אַרויסבאַקומען די וויכטיקסטע סודות. די אָרגאַניזאַציע האָט דעריבער באַשלאָסן אָנצונעמען מיטלען קעגן פאַרעטער.

צום ערשט האָט מען צוויי מאָל געוואָרנט די באַנדע, וועלכע האָט טע־ראָריזירט די יידן אין געטאָ און אויסגעפּרעסט ביי זיי געלט, באַנוצנדיק זיך אויף אַן אומדערהערטן אופן מיטן נאָמען פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אין שפּיץ פון דער באַנדע האָבן זיך געפונען די צוויי ברידער שווימער (די זין פון אַ געוועזענעם דינער אין דער מקווה). וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר „שטאַרקע", זיך נישט גערעכנט מיט די וואָרנונגען און ווייטער געפירט זייער טעראָר־אַרבעט. עס איז ארויסגעטראָגן געוואָרן אויף זיי אַ טויט־אורטייל, וואָס

איז טאַקע אויכגעפּירט געוואָרן. שפּעטער איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ צווייטער טויט-אורטייל אויף דעם בעקער מאָטל הערמאַן „קוליבייקי", וועלכן מען האָט שוין פון לאַנג חושד געווען, אַז ער שטייט אין קאָנטאַקט מיט געשטאַפּאָ און וועמענס אַ בריוו צו דער געשטאַפּאָ עס האָט איבערגעכאַפּט מעכל בירנצווייג. אויך דער אורטייל איז אויסגעפּירט געוואָרן. צו יעדן פּאַרעטער אין קבר האָט מען אַריינגעלייגט אַ פּאַרקאָרקעוועט פלעשל מיט אַ פּאַפּיר, אויף וועלכן עס זענען געווען אויפגעשריבן די מאָטיוון פון ארויסגעטראָגענעם אורטייל.

וואָס ווייטער איז די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע געוואָרן שווערער און געפערלעכער. עס האָט אָבער דאָך ביי קיינעם דעם מוט נישט אָפּגענומען, און יעדער איז גרייט געווען אויסצופירן אַלץ, וואָס אויף אים איז ארויפגעלייגט געוואָרן.

* * *

אין דער ערשטער העלפט אַפּריל 1943 האָבן די חברים אַבראַמעק טשאַרנע (קאָמוניסט) און מאַניע שלעזינגער (קאָמוניסטין) באַקומען דעם אויפטראָג אויס צוזאַרבעטן שליסלען, וואָס זאָלן דינען אויף צעשרויפן באַן-שינעס. אין דער אַמוניציע-פאַבריק „האַסאַג אַפּאַראַטנבוי" („פעלצערע"), ווו זיי האָבן געאַרבעט, האָבן זיי די מכשירים אויסגעאַרבעט און אַליין אַריבערגעשמוגלט אין געטאָ אַריין. דעם 22-טן אַפּריל זענען אַרויס 5 דיווערסאַנטן מיט די אַריינגעשמוגלטע מכשירים, כדי צעשרויפן די שינעס ביי „בלעשנא" הינטער טשענסטאָכאָוו, דורך וואַנען עס פלעגן דורכגיין פיל טראַנספּאָרטן מיליטער און אַמוניציע. די דיווערסאַנטן זענען געווען: אַביב ראַזינע, צבי לוסטיגער, לאָלעק פראַנקענבערג, האַררי גערשאָנאָוויטש און דוד אַלטמאַן. זיי זענען ארויס פון געטאָ מיט די אַרבעטער פון דער פלאַצוווקע „אָסט-באַן", איינציקווייז האָבן זיי זיך באַדאַרפט „אָפּרייסן" און זיך שפּעטער צוזאַמענטרעפן אין „בלעשנא". דאָ דאַרפן זיי צעשרויפן די שינעס און דאָ דאַרפן זיי אָפּוואַרטן אויף די רעזולטאַטן פון זייער דורכגעפירטן שטיקל אַרבעט, פון דאַנען דאַרפן זיי ברענגען אַ דערפרייענדיקן ראַפּאָרט.

דער ערשטער האָט זיך „אָפּגעריסן" לאָלעק און עס איז אַדורך בשלום. דוד אַלטמאַן האָט געדאַרפט זיין דער צווייטער. ער איז אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם „באַן-שוץ" קאַרנאַ, אַ פּאָלקס דייטש פון וויטשערפּ הינטער טשענסטאָכאָוו). צו ערשט האָט מען קאַרנען פרובירט איבערקויפן, עס האָט זיך אָבער באַלד צוגעטשעפּעט אַ צווייטער דייטש פון דער „באַן-שוץ". קאַרנא האָט זיך צוריקגעצויגן פון נעמען אויסקויף-געלט, און ביידע האָבן אָנגעהויבן פירן דודן אויף דער „וואַכע".

כדי צו באַפרייען דודן, האָט האַררי געעפנט אַ שיסעריי אויף די צוויי „באַן-שוצן". איינער פון זיי איז גלייך געפאַלן אַ שווער פאַרוווּנדעטער און דוד איז אַנטלאָפן. האַררי, אביב און צבי האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, ווייל זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ מחנה דייטשן, וועלכע האָבן זיי באַשאָסן פון אַלע זייטן. האַררי און אביב זענען געפאַלן אויפן אָרט, צבי האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אַ פויערישן שייער און אַזוי לאַנג זיך פאַרטיידיקט, ביז ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן פון די גראַנאַטן, וואָס זענען אַהין אַריינגעוואָרפן געוואָרן. לעבערדיקערהייט, אָבער אַ שווער פאַרוווּנדעטן, האָט אים די געשטאַפּאָ געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין אירע קעלערן, ווו מען האָט אים פריער געפייניקט, ער זאָל אויסגעבן זיינע חברים. צבי האָט זיך נישט איינגעבראָכן און איז דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית-עולם.

אַלס שטראָף האָט די געשטאַפּאָ און שוץ פּאָליציי דעם זעלבן טאָג דער-שאָסן נאָך 25 מאַן, דאָס הייסט – יעדן צווייטן ייד, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער פלאַצוווקע, מיט וועלכער די דיווערסאַנטן זענען אַרויס פון געטאָ. צווישן די 25 דערשאָסענע האָבן זיך געפונען: יעקב משה געלבער-ליטווין, נחמן ענזעל, בערל זעליגמאַן, סטעפאַן מאָנטאַג, גאָלדבערג (וואַרשאוויאַק), רוסין (אַ געוועזענער תלמיד פון דער י. ל. פרץ שול אין טשענסטאָכאָוו), און דודעק לעווקאָוויטש. אין דער זעלבע צייט איז געשטאַפּאָ אַרויף אויף די שפּורן פון וולאַדעק קאַפּינסקי, אים אַרעסטירט און אויך דערשאָסן אויפן יידישן בית-עלמין. ווי געשטאַפּאָווצעס אַליין האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, האָט זיך וולאַדעק מיט זיי געראַנגלט בעתן אַרעסט און אַפילו דעמלט, ווען ער איז שוין אַ געשלאָסענער אין קייטן געשטאַנען פאַר זיין אייגענעם קבר.

שווער זענען געוועזן די קלעפּ, וואָס זענען כסדר געפאַלן אויף די קעפּ פון די קעמפער. יעדער איז אָבער געווען פול מיט שטאָלץ און אויך מיט קנאה, וואָס זיינע חברים קומען אום אויף דעם אופן, ווי אַלע פון זיי טרוי-מען – אין קאַמף מיט געווער אין האַנט.

* * *

צוליב די טראַגישע פאַלן זענען פאַרגעקומען ענדערונגען אויף די אַמטן פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע. סומעק (קאָמוניסט) האָט זיך אָפּט געפונען אויף דער „אַרישער" זייט און זיך באַמיט אָנצוקניפּן וואָס מער קאָנטאַקטן מיט פוילישע ג"ל-גרופּן, כדי וואָס מער יידישע קעמפער זאָלן קענען ארויסגעשיקט ווערן אין וואַלד אַריין. יהודה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דערפער אַרום קאָ-ניעצפּאָל, כדי דאָרט אויסצוגעפונען בונקער'ס פאַר ארויסגעשיקטע גרופּן. „פראַנצעק", סטאַשעק האוזע און העניעק ווידיסלאַווסקי זענען באַשטימט גע-

וואָרן פאַר פאַרבינדונג־מענער צווישן וואַרשע און טשענסטאָכאָוו. משה ראָ־זענבערג („צוקונפטיסט" פון ראַדאָמסק) און פייגענבלאַט (ציוניסט) זענען באַ־שטימט געוואָרן פאַר קאָמענדאַנטן פון דריי „פינפטלעך", וועלכע זענען אַרויס־געשיקט געוואָרן אין די וועלדער פון אלשטין און „זלאטי־פאטאק". לויט אַ שפּעטערדיקע ידיעה, וואָס עס האָט געבראַכט אַ שליח פון אַ פּוילישער ג"ל פּאַרטיזאַנער־גרופּע זענען אַלע 15 מאַן אומגעקומען אין קאַמף מיט די רעאַקציאָנערע פּאַרטיזאַנער פון א. ק. פאַר, בעת און נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ זענען אַרויס אין די וועלדער העכער 50 מאַן, וועלכע זענען געווען איינגעטיילט און 10 גרופּן. דער ווייט גרעסטער טייל פון זיי איז אומגעקומען אין קאַמף מיט דייטשן און מיט רעאַקציאָנערע א. ק.־גרופּן. אייניקע פון זיי זענען געווען אין דער באַקאַנטער לינקער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיי־לונג פון „האניס" און גענומען אַנטייל אין פאַרשידענע אַקציעס קעגן דייטשן.

* * *

דעם 1 טן מאַי 1943 איז דאָס געטאָ אָפּגעשלאָסן געוואָרן און קיינער איז נ־שט אַרויסגעלאָזט געוואָרן צו דער אַרבעט. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט, פונקט ווי די מערהייט יידן אין געטאָ, געהאַלטן, אַז די דייטשן ווע‏לן איצט ליקווי־די־ן דאָס געטאָ און זיך געגרייט אויפצונעמען דעם קאַמף. עס איז פונאַנדער־געטיילט געוואָרן דאָס געווער צווישן אַלע קאַמף־גרופּן, וועלכע זענען פונאַנ־דערגעשטעלט געוואָרן אויף די באַשטימטע פונקטן: ביי די דראָטן אויף ספּא־דעק גאַס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער ריכטונג פון וואַרשעווער־גאַס,ביים קאָמיסאַריאַט פון דער יידישער פּאָליציי אויף קאָזשע־גאַס, אויף מאָסטאָווע, אויף דער גאַנצער מזרחדיקער לענג פון געטאָ ביי דער „וואַרטאַ" און אויף אַלע וויכטיקע פונקטן אין געטאָ, וואָס האָבן געקאָנט האָבן אַ סטראַטעגישע באַדייטונג. אויפצומאָרגנס, דעם 2־טן מאַי פאַרנאַכט, זענען דערהאַלטן געוואָרן צוויי בריוועלעך: איינס פון ד"ר וואלבערג און דאָס צווייטע — פון מאַכלען (ביידע האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ), אַז זיי האָבן גענויע ידיעות, דאָס די איצטיקע ד־יטשע בלאָקאַדע איז פאַרבונדן בלויז מיטן ציל נישט צו דערלאָזן, אַז אין די טעג פון 1־טן און 3־טן מאַי זאָלן זיך יידן קאָנען צונויפטרעפן מיט פּאָליאַקן. די בריוועלעך האָט דערהאַלטן יאַקוב ראזינע און ער האָט זיי גלייך איבערגעגעבן צו דער קאָמענדאַטור. די קאָמענדאַטור האָט פונדעסטוועגן איר מאָביליזאַציע נישט אָפּגערופן. ערשט דעם 4־טן מאַי אינדערפרי, ווען די בלאָ־קאַדע פון געטאָ איז צוריקגעצויגן געוואָרן און די יידן זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן צו דער אַרבעט אויף די פּלאַצוווקעס אויסערן געטאָ, איז די מאָבילי־זאַציע פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אָפּגערופן געוואָרן. די געמיטער אָבער האָבן

זיך וויט נישט באַרויקט. די שוץ־פּאָליציי און געשטאַפּאָ האָבן געזוכט פון צווישן זייערע באַקאַנטע יידן „צוטרעגער" און דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט גע־אַרבעט מעשים, אַז טשענסטאָכאָוו זאָל ווערן „יודן־ריין". די קאַמף־אָרגאַניזאַציע ווידער האָט באַשלאָסן זיך כּסדר געפינען אין אַליאַרם־גרייטקייט און זיך אינ־טענסיוו געגרייט אויפצונעמען דעם אַנטשיידענעם קאַמף. די שוץ־פּאָליציי און די געשטאַפּאָ האָבן טאַקע געפונען צוויי מנוולים פון צווישן די יידישע פּאָלי־ציאַנטן, וועלכע האָבן זיי געדינט מיט גענויע ידיעות וועגן דער קאַמף־אָרגאַני־זאַציע. דער ערשטער איז געווען דער פּאָליציאַנט ראָזנבערג, וועלכער האָט געדינט לאַשינסקין און קעסטנערן, און דער צווייטער – דער פּאָליציאַנט פלאַוונער, וועלכער האָט געדינט דער געשטאַפּאָ.

דעם 8־טן יוני 1943 האָט די שוץ־פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון דעגענהאַרטן אַליין, געמאַכט אַן איבערפאַל אויפן „מעבל־לאַגער" מיטן ציל צו ליקווידירן מאַכלען מיט זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער. מיט אַ בליץ־שנעלקייט האָבן די שוץ־פּאָליציאַנטן באַשטעלט אַלע וואַרשטאַטן. אין דער שטוב, ווו מאַכל האָט זיך געפונען, זענען אַריין עטלעכע שוץ־פּאָליציאַנטן מיט דעגענ־האַרטן בראש. קיינער האָט זיך נישט געטאָרט רירן פון דעם אָרט, ווו ער האָט זיך געפונען, ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען. זיי האָבן דורכגעפירט אַ רעוויזיע און נישט געפונען קיין שום „פאַרדעכטיקס". דעגענהאַרט האָט דעריבער פאַר־אָרדנט נישט צו שיסן אָן זיין באַפעל. מאַכלען אָבער האָט דעגענהאַרט באַ־פוילן, ער זאָל צונויפרופן אַלע זיינע פאַמיליע־מיטגלידער. מאַכל האָט זיך גלייך אָריענטירט, אַז דעגענהאַרט וויל אומברענגען אים מיט זיין גאַנצער פאַ־מיליע. ער האָט דעריבער אויסגענוצט דעם מאָמענט, כּלומרשט צונויפצורופן זיינע נאָענטע און אויסרופנדיק צו אונדז: „מיך וועלן זיי קיין לעבעדיקן נישט נעמען!" – איז ער פאַרשוווּנדן. דריי מאַן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט און צוויי האָט די שוץ־פּאָליציי מיטגענומען מיט זיך און שפּעטער אומגעבראַכט.

די זעלבע נאַכט נאָך האָט זיך מאַכל צוריק אַריינבאַקומען אויפן פּלאַץ פון „מעבל־לאַגער", זיך פאַרמאַכט אין אַ בונקער אויף אַן אָרט, פון וועלכן עס האָבן געוווּסט בלויז אַ פּאָר חברים. אַ קאָנטאַקט האָט ער אָנגעהאַלטן בלויז מיט פייוויש אַלטמאַן און מיט מיכאל ווייסקאָפּ, וועמען ער האָט איבערגעגעבן די ערטער פון באַהאַלטענעם געוועער און געלט. ווען אַלע וויכטיקע ענינים זע־נען שוין געווען דערליידיקט, איז באַשלאָסן געוואָרן מאַכלען פון דאָרט אַרויס־צופירן, כּדי ער זאָל זיך פאָרלויפיק אויפהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, מיט וועלכן ער אַליין איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין קאָנטאַקט.

דאָס אַרויספירן מאַכלען פון „מעבל־לאַגער" האָבן גענומען אויף זיך: אהרן בירנבוים, חיים דער פריזיער־אַרבעטער, קאָברינער דער מאַלער־אַרבעטער און פייוויש אַלטמאַן. זיי האָבן אים אַרויסגעפירט אויף אַ פור אין אַ קוילן־קאַסטן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט די פור אויף אָגראָדאָווע־גאַס ביי אַ פאַרבן־געשעפט, זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, און געגעבן דעם אָפּגערעדטן צייכן. מאַכל איז אַרויס פון קאַסטן און פאַרשווונדן. אַ פוילישע פרוי, וואָס האָט געוווינט אויף דעם הויף, ווו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט דער פור, האָט דאָס באַמערקט און געמאָלדן וועגן דעם אַ גראַנאַט־פּאָליציאַנט. דער דאָזיקער פּאָליציאַנט האָט אַלע פיר חברים פאַרהאַלטן און איבערגעגעבן צו דער שוץ־פּאָליצײ. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־הויז אויף דער דריטער אַלייע נר. 75. אויף דער אויספאָרשונג האָבן זיי אַלע געלייקנט און געטענהט, אַז זיי זענען געשיקט געוואָרן דורכן אַלטן מאַלער־מייסטער, אברהם גרייצער, אָפּצונעמען אַ טראַנספּאָרט קרייד, וואָס איז באַשטעלט געוואָרן דורכן „מעבל־לאַגער" אין דעם פאַרבן־געשעפט, וואָס געפינט זיך אויף דעם דאָזיקן הויף.

דער „מעבל־לאַגער" איז נאָך דעם זעלבן טאָג באַשטעלט געוואָרן פון דער שוץ־פּאָליציי און דעגענהאַרט אַליין האָט אָנגעפירט מיט דער אויספאָרשונג. די אַרעסטירטע האָבן געגעבן צו וויסן דעם שרייבער פון די שורות וועגן אופן פון זייער פאַרטיידיקן זיך און דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אַלטן יידישן מאַלער־מייסטער גרייצערן, וועלכער האָט דערקלערט זיינע מיטאַרבעטער, אַז ער וועט די גאַנצע שולד נעמען אויף זיך. אויפן געהיין און געבעטן פון זיינע קינדער (אַ זון מיט אַ טאָכטער), ער זאָל אויף זיך אַליין קיין „שטריק נישט אַרויפציען", האָט גרייצער געהאַט בלויז איין ענטפער: „איך האָב שוין מיינע יאָרן אויסגעלעבט און וויל זיין דער אָפּלייזער פון פיר יונגע לעבנס". גרייצער האָט זיך טאַקע בעת דער אויספאָרשונג נישט איינגעבראָכן און דער־קלערט דעגענהאַרטן, אַז ער האָט אַלס מאָלער־מייסטער אויף אייגענער האַנט געשיקט די פיר מאַן נאָך קרייד און זיין שולד איז, וואָס ער האָט פאַרגעסן זיי מיטצוגעבן אַן אָפיציעלן קוויט אויף אָפּצונעמען דאָס קרייד, זיין שולד איז אויך אין דעם, וואָס זיי זענען געפאָרן אָן באַגלייטונג פון אַ דייטש (גרייצער האָט דערלעבט די באַפרייונג). גרייצער האָט מיט זיין מוטיקער האַלטונג אָפּ־געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַלע 4 יונגע מענטשן און ער אַליין איז אויך אָפּגעקומען אָן אַ שטראָף. די פיר אַרעסטירטע זענען באַפרייט געוואָרן. בעת דער ליקווידאַציע פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ איז איינער פון זיי, חיים דער פריזיער, אומגעקומען. דעם 28־טן יוני 1943 איז די שוץ־

פּאָליציי אַרויף אויף די שפּורן פון מאַכלען, וואָס איז געווען באַהאַלטן ביי אַ פּוילישער פאַמיליע, מען האָט אים אַרעסטירט און דערשאָסן.

* * *

דעם 16־טן יוני איז אויסערן געטאָ געכאַפּט געוואָרן גדליה (אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע) מיט ליטעראַטור. דעם זעלבן טאָג איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ געוויסע פרוי טאָשא וויינבערג ביים אַרויסנעמען סחורות פון די גאַלאַנטעריע־מאַגאַזינען אויף גאַריבאַלדי־גאַס. מיט איר צוזאַמען האָט מען אַרעסטירט אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן געהערט צו דער „גאַלאַנטער־יע"־גרופּע. אַלע אַרעסטירטע האָט מען איבערגעשיקט אויף פּילסודסקי־גאַס אין אַרעסט־הויז ביים קאָמיסאַריאַט פון דער גראַנאַט־פּאָליציי. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אַלץ צו טאָן, כּדי אַרויסצובאַקומען פון דאָרט זייער קאַמף־חבר און אויך די רעשט אַרעסטאַנטן. הערשל פּראַזער און לייב צימערמאַן זענען באַאויפטראַגט געוואָרן די אויסגעאַרבעטע פּלענער דורכצופירן. הערשל און לייבל האָבן צוגעגרייט אַ פּלאַן, ווו די אַרעסטירטע דאַרפן זיך אויפהאַלטן, אויב עס וועט זיך זיי איינגעבן צו אַנטלויפן, אַריינגעשיקט מכשירים, מיט וועלכע זיי זאָלן אַדורכפיילן די קראַטן פון פענצטער־לעכער אין די אַרעסט־קעלערן און גלייכצייטיק איבערגעקויפט די וואַך פון די פּוילישע גראַנאַט פּאָליציאַנטן.

דער טערמין פון אַנטלויפן איז באַשטימט געוואָרן אויפן 23־טן יוני ביינאַכט. דער פּלאַן איז אָבער דורכגעפאַלן צוליב דער פּחדנות פון איין אַרעסטאַנט, מאָניעק קרויזע, וועלכער האָט זיך אין לעצטן מאָמענט איינגעבראָכן. די גאַנצע גרופּע און אויך גדליה איז דעם זעלבן טאָג, ווען ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן זייער פּלאַן ד.ה. דעם 23־טן יוני, דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית־עלמין. דעם זעלבן טאָג נאָך האָט די שוץ־פּאָליציי אויפגעפּאַדערט דעם דאָקטאָר וואַלבערג, ער זאָל גלייך זיך מעלדן אויף גאַריבאַלדי־גאַס, כּדי צו דערטיילן מעדיצינישע הילף אַ קראַנק געוואָרענעם אַרבעטער, וואָס איז באַשעפטיקט אין די פּאָליציי־מאַגאַזינען. אויפן אָנגעוויזענעם פּלאַץ האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט צוויי דייטשע שוץ־פּאָליציאַנטן, קליפּש און בוללע. מיט אַ פריינטלעכער מינע האָבן זיי אים באַגעגנט, איינער האָט אים געפירט ווייזן, ווו דער „קראַנקער" ליגט, און דער צווייטער, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען אַ פּאָר טריט הינטער זיי, האָט אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער, צילנדיק אין קאָפּ פון וואַלבערגן, וועלכער איז גלייך געפאַלן אַ טויטער. אין דער זעלבער צייט, ווען ס'איז געשען דער פאַל מיט וואַלבערגן, האָט די שוץ־פּאָליציי אַרעסטירט דאָס יונגע יידישע פּאָרפאָלק, וואָס האָט אויף פאַפּירן פון פאָלקס־דייטשן, געאַרבעט אַלס הויז־וועכטער אין פּאָליציי־הויז אויף דער דריטער אַלייע נר. 75 און גלייכציי־

טיק מיטגעאַרבעט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אין טשענ־סטאָכאָוו. בעתן פירן זיי צום שיסן האָט זיך דעם מאַן איינגעגעבן צו אַנטלויפן און די פרוי איז געבליבן געוואָרן אויפן יידישן בית עלמין, ווו זי איז דערהרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט דער „גאַלאַנטעריע“־גרופּע. אויך דער קערפּער פון וואַלבערגן איז געבראַכט געוואָרן אַהין און צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע דערשאָסענע, באַגראָבן געוואָרן אין איין ברודער־קבר.

לויט דעם, ווי עס האָבן שפּעטער איבערגעגעבן יידישע אַרבעטער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען הערשל פראזער, וואָס האָבן אַלס פּאַכלייט געאַרבעט ביי דער שוץ־פּאָליציי, האָבן איינקע שוץ־פּאָליציאַנטן זיך באַרימט פאַר זיי, אַז זיי האָבן דערשאָסן „באַנדיטן“ און דערביי איבערגעגעבן די פאָלגנדיקע געשיכטע: אַ געוויסער מיטגליד פון א. ק. אין טשענסטאָכאָוו און גלייכצייטיק אַן אַגענט פון געשטאַפּאָ אין ראַדאָם האָט אויסגעגעבן, אַז ד"ר וואַלבערג איז אַ וויכטיקער פירער פון דער אונטערערד אין טשענסטאָכאָוו און אויך, אַז דאָס פאַרפאַלק, וואָס דינט אַלס וועכטער אויף אַלייע 75, זענען גאָר יידן, וואָס שטייען אין קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

די קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איז אַרויף אויף די שפּורן פון די צוויי פאַרעטער, ראָזנבערג און פלאַוונער, און אַרויסגעטראָגן אויף זיי אַ טויט־אור־טייל. עס איז אויך פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דער יידישער פּאָליציאַנט דאָמב פאַר זיין ספּעציעלן אייפער בעת „אַקציעס“ אויף יידן אין קליינעם געטאָ. דעם 21־טן יוני 1943 האָבן די חברים: אַבראַמעק, פינעק, וואַשילעוויטש און „באַסטער“ אויסגעפירט דעם אורטייל איבער ראָזנבערגן. נאָך דער ליקווי־דאַציע פון קליינעם געטאָ איז אויך אויסגעפירט געוואָרן דער אורטייל איבער דאָמבן. פלאַוונערן ווידער האָט די געשטאַפּאָ אַליין דערשאָסן נאָך דער ליקווי־דאַציע פון קליינעם געטאָ, ווייל זי האָט זיך שוין נישט מער גענויטיקט אין זיינע אינפאָרמאַציעס.

די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ טראַנספּאָרט גע־ווער צו די גרופּן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די וועלדער. צו דעם צוועק זענען באַשטימט געוואָרן 3 חברים: פינעק סאַמסאָנאָוויטש, האַררי פּאַטאַשע־וויטש און לאָלעק בלאַנק. לייבוש טענענבוים, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער פּרץ־שול־פאַרוואַלטונג און מיטגליד פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך אונטערגענומען צו צושטעלן אַן אויטאָ אויף דעם דאָזיקן צוועק. טענענבוים האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון צוויי יידישע פאָראַרבעטער אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג־פעלצערע“ (אַפּאַראַטנבוי), ווידיסלאַווסקי און ווינטער, אי־

בערגעקויפט אַ דייטשן שאָפער פון אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט זיך אונטער־גענומען אַרויסצופירן די דריי חברים מיטן געווער. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָט דער שאָפער פריער אַלץ איבערגעגעבן דער געשטאַפּאָ.

דעם 24־טן יוני זענען די דריי חברים אַרויסגעפאָרן מיטן טראַנספּאָרט געווער. אויפן וועג זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ מחנה געשטאַ־פּאָווצעס. בעת דער קעגנזייטיקער שיסעריי איז פינעק געפאַלן טויט, לאַלעק האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן און האַררי איז אַ לעבעדיקער אַריינגע־פאַלן אין די הענט פון שונא. אַ גוססן האָבן זיי האַררין געבראַנגט אין געטאָ אַריין, אַוועקגעזעצט ביי אַן אָפן פענצטער אין בנין פון דער יידישער פּאָליציי און באַפוילן, אַז אַלע יידן פון געטאָ זאָלן פאַר אים אַדורכמאַרשירן. נעבן האַררין זענען .געשטאַנען 3 געשטאַפּאָווצעס, אים שרעקלעך געפּייניקט ער זאָל אָנווייזן, ווער פון צווישן די דורכמאַרשירנדיקע זענען זיינע מיטאַרבעטער.

ביי יעדן מאָל, ווען ער האָט אָנגעהויבן חלשן, האָבן זיי אים באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער און ווייטער געשלאָגן. צוממערסטן האָט זיך ביים פּייניקן האַררין אויסגעצייכנט דער געשטאַפּאָוויעץ ווינקלער. האַררי האָט זיך געהאַלטן מיט די לעצטע כוחות און זיך נישט איינגעבראָכן. לסוף האָט די געשטאַפּאָ רעזיג־נירט עפּעס פון אים אַרויסצובאַקומען, און אים אַוועקגעפירט צום דערשיסן. אויפן וועג צום יידישן בית־עלמין האָט האַררי אַ פאַרפּייניקטער אויסגעהויכט זיין נשמה.

דער שאָפער האָט אויך אויסגעגעבן ווידיסלאַווסקין און ווינטערן. ביידע זענען אַזוי פאַרפּייניקט געוואָרן אין די געשטאַפּאָ־קעלערן, אַז זיי האָבן זיך איינגעבראָכן און אויסגעגעבן טענענבוימען. געשטאַפּאָ האָט טענענבוימען אַרעסטירט, געפּייניקט און נאָכדעם צוריק געבראַנגט אויף „האַסאַג", כדי ער זאָל אָנווייזן אויף זיינע מיטאַרבעטער. כדי אויסצומיידן אַ פאַרדאַכט, האָט אים איבער דער פאַבריק אַרומגעפירט נישט געשטאַפּאָ, נאָר דער פאַרטרעטער פון ווערקשוץ־לייטער, דער קריפּל שטיגליץ. מיט די טאָרטורן איבער טענענ־בוימען האָט די געשטאַפּאָ גאָרנישט דערגרייכט. זיי האָבן אים צוריק אַוועקגע־פירט און דערשאָסן צוזאַמען מיט ווידיסלאַווסקין און ווינטערן.

* * *

25־טער יוני פאַרטאָג. אַלע אַסורים פון געטאָ ווערן, ווי יעדן טאָג, גע־פירט צו דער אַרבעט אויף זייערע פּלאַצוווקעס. קיינער פילט נישט פאָראויס קיין ספּעציעלע ענדערונגען אין שייכות מיט די נעכטיקע געשעענישן. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי נעכטן וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. אַ געוויסער טייל פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע גייט אויך אַרויס מיט די פּלאַצוווקעס, כדי נישט צו פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט און כדי ווייטער

אַריינצושמוגלען פון די פאַבריקן און פלאַצוווקעס דאָס, וואָס איז נויטיק צום אויספאַרטיקן גראַנאַטן. דער גרעסטער טייל קעמפער בלייבט אָבער דאָך אין געטאָ. נאָך די נעכטיקע געשעענישן מוז מען שטיין אויף דער וואַך! אַלע זענען מאָביליזירט, אַלע געפינען זיך אין די טונעלן אויף זייערע באַשטימטע אַפּעל-פּלעצער. די גרעסטע גרופּע איז פאַרזאַמלט אינם טונעל נר. 1, וווּ עס געפינט זיך דער געווער-אַרסענאַל. צענדליקער רעוואָלווערן, צענדליקער גראַנאַטן, צוויי ביקסן, פלעשלעך מיט קאָקטייל „מאַלאָטאָווקעס", קאַרביד-לעמפּלעך און אפילו דייטשע מונדירן זענען דאָ פאַראַן.

עס ווערט פאַרטיילט דאָס געווער צווישן אַלע גרופּן און עס הייבן זיך אָן די אַפּעלן. אין טונעל נר. 1 נעמט אָפּ דעם אַפּעל מאַרעק פאַלמאַן פון וואַרשעווער „זשאָב". אַלע זענען ערנסט. אַלע געבן זיך אָפּ אַ קלאָרן דין-וחשבון פון דער עונסטער סיטואַציע און פון די פליכטן, וואָס יעדער האָט אויף זיך גענומען. מען פילט און מען ווייסט, וואָס עס דערוואַרט בקרוב דעם געטאָ און מען איז גרייט צו גיין די נאָענטסטע געשעענישן אַנטקעגן.

אין איצטיקן אַפּעל באַטייליקן זיך שליחים פון די גרופּן, וואָס געפינען זיך שוין אין די וועלדער. עס באַטייליקט זיך אויך אַ שליח פון די קאַמף-גרופּן אין אויבער-שלעזיע. מען ראַפּאָרטירט און מען דערמאָנט אומגעקומענע חברים און חברטעס. עס שווימען אויף נעמען פון אומגעקומענע חברים פון די טשענסטאָכאָווער קאַמף-גרופּן און עס שווימען אויך אויף נעמען פון אומגעקומענע יידישע קעמפער און קעמפערינס פון אַנדערע קאַמף-גרופּן. עס שווימט אויף דער נאָמען „זאָשיאַ" — דער פּסעוודאָנים פון דער 19-יאָריקער שניידער-אַרבעטערין, רחל שאַבשעווסקאַ פון סאָסנאָווצע, וואָס איז געווען איינע פון די טיכטיקסטע און דרייסטע קעמפּערינס אין די „גוואַרדיאַ ליודאָוואַ"-גרופּן (ג"ל) פון „גאַרבאַטי", וואָס האָבן אָפּעדירט אין קעלצער געגנט. „זאָשיאַ" איז דערמאָרדעט געוואָרן ביי וולאָשטשאַווע דורך צוויי פאַרעטער יוזעף לאַסקאָווסקי און טשעסלאַוו סטאָליאַרטשיק, אַגענטן פון א.ק. (זי איז דערמאָרדעט געוואָרן אין אַ מאָמענט, ווען זי איז געלעגן שווער קראַנק).

עס שווימען אויף נעמען פון געפאַלענע העלדן אין וואַרשעווער געטאָ. מאַרעק דערציילט וועגן די מוטיקע קאַמף-חברים אין וואַרשעווער געטאָ און וועגן די פאַרביסענע קאַמפן דאָרטן. ער דערציילט, גיט אַרויס אינסטרוקציעס און רופט צו גיין אין וועג פון די וואַרשעווער געטאָ-העלדן. ער רופט צו קעמפן ביז דער לעצטער קויל. מען איז פאַרכאַפּט פון זיינע שילדערונגען און מען איז פול מיט קנאה צו די וואַרשעווער געטאָ-גבורים, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גרויסע גליק אומצוקומען אויף אַזאַ הערלעכן אופן.

די אויסשפּירער ברענגען יעדע 15 מינוט גרוסן פון געטאָ. פּאָרלויפיק איז אין געטאָ רויק. 3 אַזייגער בייטאָג מעלדן אַלע אויסשפּיר-אָפּטיילונגען, אַז די אַרבעטער פון די פלאַצווּוקעס קערן זיך, ווי נאָרמאַל, אום פון זייער אַרבעט און עס מערקט זיך נישט קיין שום פּאַרדעכטיקס.

די מאָביליזאַציע ווערט אָפּגערופן. איינציקווייז פּאַרלאָזן די קעמפּער די טונעלן. עס בלייבט בלויז אין טונעל נר. 1 דער קאָמענדאַנט „מויטעק", וואָס איז קראַנק געוואָרן און לוטעק גליקשטיין, וועלכער האַלט איצט וואַך ביים געווער-מאַגאַזין. אין געטאָ איז געוועזן שטיל און די קעמפּער האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, אַז דאָס קאָן זיין אַ שטילקייט פאַר אַ שטורם.

מיט בלויז איין שעה שפּעטער צעטראָגט זיך איבערן געטאָ אַ געוואַלטיקע שיסעריי פון מאַשין-געווער. אָט מיט דער שיסעריי האָט געשטאַפּאָ און שוץ-פּאָליציי אָנגעזאָגט זייער אָנקום אין געטאָ אַריין. די הייזער אויף נאַדזשעטש-נאַ 86, 88 און 90—די וויכטיקסטע פּונקטן פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע — זענען ארומגערינגלט און ווערן באַשאָטן מיט אַ האָגל פון קוילן. עס גיסט זיך בלוט אין די גאַסן. די מיטגלידער פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן ערשט מיט אַ שעה פריער פּאַרלאָזט די טונעלן, איילן זיך, כדי צוריק אַהין זיך אַריינ-צובאַקומען. זיי איילן זיך, כדי צו כאַפּן געווער און צאָלן מיט בלוט פאַר בלוט, מיט טויט פאַר טויט! זיי פאַלן אָבער נאָך איידער זיי באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען. עס פאַלט ישראל אַביגדור שולדהויז, עס פאַלט יאָסעק קאַנטאָר, עס פאַלן צענדליקער אַנדערע חברים, נישט באַוויזנדיק צו נעמען נקמה פאַרן אומשולדיק פּאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע נאָענטע, פון זייערע קאַמף-חברים און פון זייערע טאַטע-מאַמע.

די דייטשן באַוואַרפן די טונעלן מיט גראַנאַטן, זיי מאָרדן דאָס קליינע הייפל קעמפּער, וואָס שטעלן אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. עס פאַלן אויך אַנדערערע יידן, וואָס געפינען זיך אין די דערמאָנטע הייזער. 30 גראַנאַטן, 18 רעוואָלווערן און צוויי ביקסן פאַלן אַריין אין די דייטשע הענט. עס באַקומט זיך בלויז אַרויס פון דאַנען לוטעק, וואָס האָט געהאַלטן וואַך ביים געווער-מאַ-גאַזין. „מויטעק" באַגייט אין דעם לעצטן מאָמענט זעלבסטמאָרד, כדי נישט אַריינצופאַלן אַ לעבעדיקער אין זייערע הענט. די דייטשן נעמען שפּעטער נקמה שוין אין טויטן קערפּער פון „מויטעקן" און הענגען אים אויף אין טונעל מיטן קאָפּ אַראָפּ. פון די קעמפּער, וואָס געפינען זיך אין געטאָ, בלייבן דערוויייל לעבן בלויז די, וועלכע געפינען זיך אין טונעל, וואָס האָט געהאַט דעם אַריינ-גאַנג דורכן הויז אויף גאַרנצאַרסקאַ 40. די דאָזיקע גאַנצע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון מאַרעקן, באַקומט זיך אַרויס דורכן טונעל אויסערן געטאָ און

פאַרבאַריקאַדירט זיך אין הויז אויפן אַלטן מאַרק נר. 17. דאָ וואַרטן זיי אָפּ מיט זייער קליינער צאָל געווער דעם שונא.

אויפצומאָרגנס פרי, דעם 26-טן יוני 1943, האָט די גאַנצע גרופּע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זייער פּאָזיציע, מיטנעמענדיק מיט זיך דאָס אָפּגעראַטעוועטע געווער, כּדי מיט זייערע חברים אין די וועלדער געמיינזאַם אויפנעמען דעם קאַמף ביי פאַרהעלטנישמעסיק באַקוועמערע באַדינגונגען. דרייוויייז האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די באַריקאַדע.

ווען דער גרעסטער טייל פון זיי איז שוין אַרויס און עס זענען נאָר געבליבן זעקס קעמפער אונטער דער אָנפירונג פון רבקה גלאַנץ, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון שוץ-פּאָליציי און געשטאַפּאָ. מיט צוויי רעוואָלווערן און איין גראַנאַט האָבן די זעקס קעמפער געפירט אַ פאַרביטערטן פאַרטיידיקונגקאַמף. נאָכן אויסשיסן אַלע קוילן פון די רעוואָלווערן, האָבן זיי זיך ערשט באַנוצט מיטן גראַנאַט. עס איז געפאַלן איין געשטאַפּאָוויעץ און עס איז פאַרווונדעט געוואָרן דער שוץ-פּאָליציאַנט לעבעל, וועלכער האָט שפּעטער אַליין דערציילט די איינצלהייטן פון דאָזיקן קאַמף פאַר עטלעכע יידישע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין דער שוץ-פּאָליציי אויף דער דריטער אַלייע נר. 75. די זעקס קעמפער האָבן ווייטער געפירט זייער קאַמף שוין אָן געווער, נאָר מיט שטיינער און לסוף זענען אַלע אומגעקומען. דאָ זענען געפאַלן: רבקה, העניעק, פּאָליאַ, דאשיא, רישיאַ און „מארדוק". פון די, וואָס זענען בעת די דאָזיקע קאַמפן נישט אומגעקומען, זענען ווינציק געבליבן לעבן. מאַרעק איז שפּעטער אומגעקומען, פאַרנדיק מיט דער באַן, „פראַנצעק" און סומעק זענען געפאַלן אויף דער „אַרישער" זייט, יצחק ווינדמאַן איז אָנגעקומען בשלום צו דער גרופּע אין קאָניעצפּאָל און דערמאָרדעט געוואָרן מיט 2 וואָכן שפּעטער, ווען ער איז געפאָרן מיט אַ געוויסן קזשאַק קיין סקאַרזשיסק נאָך געווער (די ידיעה וועגן אומקום פון יצחקן האָט טאַקע געבראַכט דער זעלבער קזשאַק. די חברים האָבן אָבער געהאַלטן, אַז ער אַליין האָט יצחקן דערמאָרדעט, ווייל קזשאַקס דערקלערונגען האָבן אויסגעזען מטושטש). פעלאַ זבאָראָווסקאַ, יהודה און בעלאַ בראם זענען דערשאָסן געוואָרן דורך פּוילישע גראַנאַט-פּאָליציאַנטן, קובאַ ריפשטיין און לוטעק גליקשטיין זענען געפאַלן אין די קאַמפן, וואָס די קאָניעצפּאָליער גרופּן האָבן געפירט קעגן די רעאַקציאָנערע „אַ.ק.-אָווצעס".

אין דער זעלבער צייט, ווען די קליינע גרופּע האָט אויף אַלטן מאַרק 17 געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף, איז פאָרגעקומען די מערדערישע ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ. צענדליקער יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט און הונדערטער -- זענען מיט לאַסט-אויטאָס אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן יידישן

בית-עלמין און דאָרט דערהרגעט געוואָרן. צווישן די דערשאָסענע אויפן אָרט און צווישן די אַוועקגעפירטע האָבן זיך אויך געפונען מיטגלידער פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע.

הערשל פּראַזער איז שוין געווען אַוועקגעשטעלט באַזונדער אויפן „רי-נעטשעק" און געזאָלט דערשאָסן ווערן, ערשט אויף דער באַמערקונג פון אַ שוץ-פּאָליציאַנט, אַז ווי אַ גוטער שניידער קאָן ער זיי נאָך צונוץ קומען אין די פּאָליציי-וואַרשטאַטן אויף גאַריבאַלדי-גאַס, האָט מען אים אַהין איבער-געפירט און געלאָזט לעבן. משה לעווענשטיין האָט, שוין שטייענדיק אויפן אויטאָ, ווען אַנדערע האָבן זיך געבעטן און געיאָמערט, מיט אַן אויפגעהויבע-נער פויסט געמאַכט אויסרופן קעגן די מערדער. אויף זלאָטע-גאַס, אויפן וועג צום בית-עולם האָבן לעווענשטיין, חיים דער פריזיער, מיט נאָך אייניקע יידן אויפגעריסן דעם קאַסטן פון אויטאָ און אָנגעהויבן אַנטלויפן. פון דעם פייער, וואָס די זשאַנדאַרמען האָבן געעפנט אויף די אַנטלויפנדיקע, זענען עטלעכע געפאַלן אויפן אָרט. זעקס פון זיי האָבן באַוויזן אויסצומיידן די קוילן. זיי האָט פאַרפאָלגט דער זשאַנדאַר קינדעל, וועלכער האָט זיך ערשט צוריקגעקערט, ווען די פאַרפאָלגטע האָבן אים צעשטאָכן מיט זיין אייגענעם באַגנעט.

די זעקס מאַן זענען אָנגעקומען צוריק אין געטאָ אַריין מיט דער זיכער-קייט, אַז אין געטאָ זענען נאָך געבליבן יידן, ווי אויך אייניקע פון זייערע קאַמף-חברים. אין געטאָ זענען שוין אָבער קיין יידן נישט געווען, אויסער עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס זענען נאָך געהאַלטן געוואָרן צום דערשיסן. די זעקס אַנטלאָפענע זענען אויפסניי אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון טויט, און צוזאַמען מיט די שוין צום טויט פאַרמשפּטע איז איבערגעריסן געוואָרן זייער לעבן.

אין די לעצטע טעג פון חודש יוני 1943 איז ליקווידירט געוואָרן דאָס קליינע געטאָ אין טשענסטאָכאָוו, און עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס העראָישע קאַפּיטל פון דער קאַמף-אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ. געבליבן לעבן, פאַר-מאַכט אין די לאַגערן פון „האַסאַג", איז אַ קליינע צאָל יידן. עס זענען אויך געבליבן לעבן געציילטע קעמפער אין די וועלדער און אין די לאַגערן. אָט די דאָזיקע קליינע גרופּע לעבנגעבליבענע קעמפער איז נישט אָפּגעשטאַנען און ווייטער געפירט די אונטערערדישע אַרבעט הן אין די וועלדער, הן אין די לאַגערן פון „האַסאַג"[110].

# אין די לאַגערן פון „האסאג"

נאָכן ליקווידירן דאָס „קליינע געטאָ" זענען די קנאַפּע 4000 נאָך לעבנ־געבליבענע יידן איבערגעשיקט געוואָרן אין לאַגערן פון די אַמוניציע־פאַבריקן „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" (פּעלצערע) און „האַסאַג־אייזנהוטע" (ראַקווו). דאָס זענען געווען פאַבריקן, וואָס האָבן געהערט צו פוילישע און פראַנצויזישע אַקציען־געזעלשאַפטן. די דייטשן האָבן די דאָזיקע פאַבריקן קאָנפיסקירט און זיי פאַר־וואַנדלט אין אַמוניציע־פאַבריקן. די שוץ־פּאָליציי האָט זיך פאַרלויפיק אויסגע־באָרגט ביי די אַמוניציע פאַבריקן 230 מאַן, וועלכע זענען קאַשאַרירט געוואָרן אויף גאַריבאַלדי־גאַס. צום ערשט זענען די דאָזיקע אויסגעבאָרגטע יידן געווען באַשעפטיקט ביים רוימען דאָס יידישע האָב־און גוטס, וואָס איז געבליבן אין „קליינעם געטאָ", ווי אויך ביים אויפרוימען די הרוגים, וואָס האָבן זיך דאָ געוואַלגערט. אויך די יידישע פּאָליציאַנטן זענען געוואָרן באַשעפטיקט ביים זעלבן. פון די אַלע אויסגעבאָרגטע יידן איז אַ טייל שפּעטער איבערגעשיקט געוואָרן אין „האַסאַג־פּעלצערע", ווו זיי זענען מיט פיל אַנדערע יידן דערמאָר־דעט געוואָרן, און אַ טייל איז אויף אַ לענגערע צייט געבליבן קאַשאַרירט אויף גאַריבאַלדי־גאַס און ווי פאַכלייט געאַרבעט פאַר די דייטשן אַלס שניידער, שוס־טער, טישלער, שלאָסער און סאָרטירער אין די מאַגאַזינען פון דער שוץ־פּאָליציי.

אין „האַסאַג פּעלצערע" איז דער רעזשים געווען שטרענגער, ווי אין „האַסאַג־אייזנהוטע". צווישן די דייטשע אָנפירער אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג־אייזנהוטע" האָט זיך געפונען אַן אָבערוואַכמייסטער, מילהאָף, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייכטערט דעם גורל פון די יידן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין זיין רשות. דער זעלבער האָט אפילו בעת דער ליק־ווידאַציע פון קליינעם געטאָ אַרויסגעראַטעוועט קראַנקע פון שפּיטאָל און זיי גע־בראַכט אויף לאַסט־אויטאָס אין דער פאַבריק „האַסאַג־אייזנהוטע". מילהאָף איז שפּעטער אַראָפּגענומען געוואָרן פון זיין אַמט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. דער יונגער יידישער דאָקטאָר גלאַטטער, וואָס האָט אים געהאָלפן אָפּ־ראַטעווען די קראַנקע און בכלל אַ סך געטאָן צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די אסורים, איז צוזאַמען מיט אַלע יידן פון דאָרטיקן לאַגער אין יאַנואַר 1945 אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַן אַנדערן לאַגער אין דייטשלאַנד, ווו ער איז אומגעקומען.

דער גאָלגאָטע־וועג פון די יידישע אסורים אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאַ־ראַטנבוי" האָט זיך אָנגעהויבן נאָך בעת דעם גרויסן יידן־גירוש אין סעפּטעמ־בער 1942. פון די אַלע פּלאַצוווקעס, ווו מען האָט קאַשאַרירט די לעבנגעלאָזן־

טע יידן, איז די דאַזיקע געווען די ערגסטע. איצט איז די גרעסטע צאָל פון די 4000 לעבנגעבליבענע יידן איבערגעשיקט געוואָרן אַהער. די שטימונג דאָ ביי די „האַסאַגאָווצעס" איז אַ דערדריקטע. ווער ס'האָט פאַרלוירן זיין לעצט קינד, ווער–זיין לעצטן קרוב און ווער– זיין לעצטן פריינט. אַלע פילן זיך איינזאַם.

די ערשטע צייט שלאָפט מען אין די פאַבריק־האַלעס אויף דער הוילער ערד און עסן ווערט געברענגט פון חרובן קליינעם געטאָ אויף פלאַטפאָרמעס פון די שפייז־זאַפּאַסן, וואָס זענען דאָרט נאָך געבליבן. אַלע פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט זאַמלען זיך די „האַסאַגאָווצעס" אויף די פוסטע פאַבריק־פלעצער. דאָ שטעלט מען אויף פרימיטיווע קיכן פון עטלעכע ציגל און אין די מיטגע־ברענגטע טעפלעך קאָכט מען אָפּ אַביסל קאַרטאָפל, אָדער אַ ביסל קאַווע. נישט יעדער אָבער האָט דאָס גליק צו באַקומען ביי באַקאַנטע פוילישע אַר־בעטער אַ ביסל קאַרטאָפל און נישט יעדער האָט אויך מיטגענומען מיט זיך אַ טעפל פון געטאָ. די מייסטערס און די ווערקשוצן קענען דאָס אָבער נישט פאַרטראָגן און די „פרייהייט" פון זאַמלען זיך נאָך דער אַרבעט אויף די פוסטע פאַבריק־פלעצער ווערט שנעל צוגענומען. מען בלייבט ביים דורכשטופּן דעם טאָג מיט אַ האַלבן ליטער זופּ, געקאָכט מערסטנטייל פון געטריקנטע בוראַקעס („זוילן־זופּ" – אויף האַסאַג־לשון), מיט אַ האַלבן ליטער קאַווע פון געברענטע און פאַרדומפּענע גערשטן און 20 דעקאָ ברויט אויף א מאַן.

אָן אויפהער דערטראָגן זיך אַהער די אויפרייסן פון דינאַמיט־באָמבעס און קראַכן פון די הייזער אין קליינעם געטאָ. אין דער זעלבער צייט, ווען די שוץ־פּאָליציי רייסט אויף הייזער, מאָרדעט און רויבט, לאָזן זיך אַרויס פון „האַסאַג" אין געטאָ אַריין: דער ווערקשוץ־לייטער קלעם און זיינע נאָענטסטע פאַרטרויונגס־מענער: שטיגליץ (אַ דייטש), קמיטשיקעוויטש (אַ פוילישער פאַרע־טער, וועלכער איז דורכן פוילישן געריכט פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף), שטיינינגער (אַ דייטש), דאַראשענקא און פאַוועליאַק (אוקראַינער). זיי נישטערן דאָרט, זוכן אויף בונקערס, באַרויבן און מאָרדן, נעמען אָנטייל אין מאַסן עק־זעקוציעס. בערנאַרד קורלאַנד ווערט דאָ באַשטימט פאַר דעם יידישן פאָרשטיי־ער, מיט וועמען די פאַבריק־דירעקציע שטעלט זיך אין קאָנטאַקט. עס גיט זיך אים איין איבערצייגן דעם פאַבריק דירעקטאָר ליהט, אַז די אַסורים דאַרפן בעסער באַשפייזט ווערן, כדי די פּראָדוקציע זאָל קאָנען זיין אַ בעסערע. די פאַ־בריק־דירעקציע אָרדנט איין, אַ פרייעם ברויט־האַנדל. זי אַליין שטעלט טאַקע צו דאָס ברויט. יידן קויפן און די דירעקציע מאַכט דערביי נישט קיין שלעכטע געשעפטן. מיט דער דערלויבעניש פון דער דירעקציע אָרדנט קורלאַנד אויך איין שניידער און שוסטער־וואַרשטאַטן, ווי אויך אַ וועשעריי, ווו עס ווערן

באַשעפטיקט יידישע פאַכלייט, וואָס דאַרפן באַדינען די אַסורים. דער איינגע־שטעלטער רעזשים אָבער ווערט ווייט נישט פאַרלייכטערט. ווי ווילדע חיות פאַלן אָן ווערקשוצן און מייסטערס - אויף זייערע קרבנות. ווי צו פויגל ווערט געשאָסן צו גרופּעס, וועלכע זאַמלען זיך אויף איין פּלאַץ. אָט פאַלט פון אַזאַ שיסן די יונגע פרוי וואָלסקאַ (פונדערהיים ווײַנרייך) און אין שרעקלעכע יסורים גייט זי אויס אין דעם פרויען זאַל באַבן אָפּפײַניקן זיך העכער צוויי וואָכן. אָט טרעפט מען אַן אַרבעטער מיט צעבראָכענע ריפּן, וועלכן דער בוי־מייסטער אַפּעל, האָט אַזוי „צערעכט־געמאַכט", און אָט טרעפט מען זיך קורט־שען אין ווייען אַרבעטער מיט אונטערגעהאַקטע זייטן, וועלכע זענען דורך ווערקשוצן מיט ביקסן־קאָלבעס צעמיטעט געוואָרן.

די „האַסאַגאָווצעס" הויבן זיך אָבער אָן צוגעווינען צום נייעם גיהנום און דאָס געפיל פון טיפער פּיין הויבט אָן אַטראָפירט צו ווערן. עס גנבעט זיך אַריין אַ געדאַנק: אפשר? אפשר וועט מען כאָטש דאָ בלייבן לעבן? עס איז דאָך עפּעס אַן אַמוניציע־פאַבריק, און העגט צו אַרבעט דאַרפן זיי דאָך!".

הונגעריקע, צעבראָכענע, אָבער מיט אַ שיין פון נייער האָפענונג האָט מען דאָ אַזוי אָפּגעלעבט 3 וואָכן מיט 2 טעג. דריי וואָכן מיט צוויי טעג געהונגערט, צעפרעסן פון לייז און פון וואַנצן און גפּייניקט פון ווערקשוצן און מייסטערס.

19־טער יוני 1943. עס איז נאָך נישט פאַרשטילט געוואָרן דאָס קראַכן פון די הייזער אין קליינעם געטאָ און דאָ —אין דער אַמוניציע־פאַבריק פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" אַ נייע אויפרודערונג. יעדער דייטשער מייסטער שטעלט עפּעס צוזאַמען רשימות פון אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך אין זיין רשות. דער מייסטער אַפּעל „מאָרזש" (דעם צונאָמען האָט ער געקריגן פון די אַרבעטער דערפאַר, ווייל נאָכן צעשלאָגן עמעצן פלעג ער שרייען: „אויפשטיין און מאָרזש" אָנשטאָט מאַרש) ווייזט אָן אויף אַן אַרבעטער. וואָס טראָגט שטיוול און רימט זיך פאַר אַ צווייטן מייסטער, אַז די דאָזיקע שיינע שטיוול וועלן מאָרגן זיין זיינע. אַסורים טייטשן אויס, אַז מען וועט צונעמען ביי יעדן זיינע פּערזענ־לעכע מלבושים און פאַרטוישן אויף לאַגער־מלבושים, אַנדערע האַלטן, אַז מען וועט נאָר צונעמען שטיוול, אָבער קיינער שטעלט זיך נישט פאָר, אַז עס גרייט זיך אַ נייער אומגליק, וואָס וועט ווייטער ברענגען מיט זיך הונדערטער קרבנות. די זעלבע נאַכט צווישן 11 און 12 ווערן אַלע אַסורים אויפגעוועקט פון שלאָף און אַרויסגעטריבן אינדרויסן. אַלע מוזן אַדורכמאַרשירן דורך אַ שמאָל געסעלע, ווו עס קומט פאָר אַ „סעלעקציע", דאָס מאָל ווערט דאָס דורכגעפירט דורכן פאַבריק־דירעקטאָר, ליהט; דורכן טעכנישן דירעקטאָר, ברעטשניידער; דורכן פאָליטישן אָפיציר, אַרנט; דורך די טעכנישע לייטער־

אינזשיניערן: שפּאַלטענהאָלץ, פּראַנצקע, פּאַסאַלד; דורך די מייסטערס: גינטער, אפּעל, ניציאַלעק, ווירבאַץ, קעהלער, וואַלטער און פיל אַנדערע מייסטערס. עס פירט אויך אָן מיט דער „סעלעקציע” דער ווערקשוץ־לייטער קלעם, ווע־מען עס העלפן צו די ווערקשוצן: שטיגליץ, שעווטשענקאָ, דראַשענקאָ, קמיט־שיקעוויטש, פּאַוועליאַק א. אַ. אויפן פּלאַץ געפינען זיך אויך די צוויי שוץ־פּאָליציאַנטן: האַנטקע און לאַשינסקי, וועלכע אַסיסטירן און פּאַסן אויף, אַז אַלץ זאָל ווערן ווי געהעריק אַדורכגעפירט. אויף דער „קאָלאָניע” (דאָ ווינען די דירעקטאָרן מיט די מייסטערס) געפינט זיך דעגענהאַרט מיט אַ גרעסערער גרופּע שוץ־פּאָליציאַנטן. האַנטקע און לאַשינסקי געבן כּסדר אָנווייזונגען ווי אַזוי די „מלאָכה” צו פירן. מען קוקט יעדן פון אונדז באַזונדער אַריין אין פּנים און מען שאַצט. ווער ס'איז לויט זייער איינזען צו אַלט, צו יונג, אָדער זעט אויס שוואַך ווערט אַוועקגעשטעלט באַזונדער. איינער „קוואַליפיצירט” זיך אויפן טויט, ווייל ער האָט אַ פּליך און אַ צווייטער — ווייל ער האָט אַ צו שיינעם און געדיכטן קאָפּ האָר און זעט אויס חוצפּהדיק; איינער — ווייל ער טראָגט ברילן און אַ צווייטער — ווייל ער גייט אַ ביסל געבויגן; אייניקע פרויען ווערן אַרויסגעשלעפּט פון די רייען, ווייל זיי זענען צו יונג און שיין און ווייל זיי זענען נישט גענוג שיין. יעדער מייסטער באַזונדער איז איצט דער הער פון לעבן און טויט איבער זיינע שקלאַפן. יעדער מייסטער שלעפּט אַרויס פון זיין גרופּע אַרבעטער די, וואָס דאַרפן אַלס „פּוילענצע” גיין אויף אומקום. אָט שלעפּט אַפּעל אַרויס צווישן אַנדערע אַ יונגן בחור, וואָס טראָגט שיינע שטיוול, אָט שלעפּט שפּאַלטענהאָלץ אַרויס פון דער ריי די 18 יעריקע ביאַלאָ־גורסקאַ און פירט זי צו די אַוועקגעשטעלטע אויף אומקום, רופנדיק בעת מעשה: „דו בלאָנדע, ביסט צו שיין צו דער אַרבעט, אַזעלכע ווי דו זענען בלויז צום צַמוזירן!” אָט שלעפּט קלעם דעם יונגן סאַניטאַר גאַלסטער, ווייל ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַשייניקונג פאַר אַ קראַנקן, יענער דאַרף אַ פּאָר טעג פריי זיין פון אַרבעט. פאַר איין וועג נעמען שוין פּאַסאָלד און דער ווערקשוץ־לייטער מיט גאַלסטערס יונגע פרוי, וועלכע האָט זיך צו זיי געווענדעט וועגן באַפרייען איר מאַן. אַלע אַוועקגעשטעלטע אין אַ זייט ווערן אַוועקגעפירט אויף דער „קאָלאָניע”, וווּ עס געפינען זיך בונקער־קעלערן, וואָס דינען אויף צו האַלטן די אַסורים אין אַרעסט און דאָרט זיי צו פּייניקן. אויך אַלע יידישע פּאָליציאַנטן פון קליינעם געטאָ, ווערן גערופן און פאַרשפּאַרט אין די דאָזיקע בונקער־קעלערן. קורלאַנד, וועלכער האָט ווי דער יידישער לאַגער־פירער אַסיס־טירט בעת דער גאַנצער סעלעקציע, ווערט אויפגענומען און אַריינגעוואָרפן אין אַ בונקער־קעלער

אַ שוידערלעך געיאָמער טראָגט זיך איבער דער גאַנצער פאַבריק. עס יאָ־מערן איצט די, וואָס זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אומקום, עס וויינען און קלאָגן אויך די איבריקע — די פאָרלויפיק נאָך לעבנגעלאָזטע. צוויי הונ־דערט מיט זעכציק מאַן זענען איצט אַרויסגעשלעפט געוואָרן פון די רייען, צוויי הונדערט זעכציק מאַן זענען אין אַ פינצטערן קעלער אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן און לעבן איבער זייער לעצטע נאַכט פון שרעקלעכן קאָשמאַר. צומאָרגנס פרי האָבן מייסטערס געשלעפט איינציקע אסורים, וואָס האָבן זיך צו זיי גע־ווענדעט וועגן רעטונג פאַר זייערע נאָענטע. צווישן אַנדערע זעט מען, ווי שפּאַלטענהאָלץ פירט דעם געוועזענעם פאָרזיצער פון די לאָדזשער פליטים אין גרויסן געטאָ, יאַראָטשינסקי, וועלכער האָט ביי שפּאַלטענהאָלצן געזוכט רע־טונג פאַר זיין פרוי, וואָס איז די פאַרגאַנגענע נאַכט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין „בונקער". אַלע, וואָס האָבן נאַיוו געגלויבט אין דעם, אַז זייערע מייסטערס וועלן זיי מיטהעלפן אַרויסרייסן זייערע נאָענטסטע פון די נעגל פון טויט, זענען דורך די זעלבע מייסטערס אַוועקגעפירט געוואָרן אין „בונקער", ווו זיי האָבן שוין געטיילט דעם גורל פון זייערע נאָענטע...

20־טער יולי 1943, 11 אַזייגער פרי. צענדליקער מענטשן רייסן זיך צו זיין וואָס נאָענטער צו די פינצטערע קעלערן, כדי כאָטש צו וואַרפן אַ לעצטן בליק אויף זייערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, אָדער קינדער. ווערק־שוצן און מייסטערס לויפן אַרום איבערן פאַבריק־פּלאַץ און זוכן נאָך קרבנות. אָט פירט קלעם די אַזוי גוט באַקאַנטע און פון יעדן געאַכטעטע דאָקטאָרין וויסבערג; אָט שלעפט אַ ווערקשוץ אַ יונג שיין יונגל מאַרקאָוויטש, צו וועלכן קלעם אַליין האָט די גאַנצע צייט אַרויסגעוויזן פאַרינטערעסירונג; אָט שלעפט מען אַ קליין 8־יאָריק מיידעלע, וואָס איז ערשט צוריק מיט עטלעכע טעג „אַריינגעגנבעט" געוואָרן אין „האַסאַג", מיט וועלכער אפילו דער סאַדיסטישער מייסטער קעהלער פלעג זיך אָפט שפּילן; אָט שלעפן ווערקשוצן אַרויס פון אַ באַהעלטעניש דעם אַזוי באַגאַבטן 18־19־יאָריקן יוזשעק יונג („גייענדיקע ענ־ציקלאָפּעדיע" — האָט מען אים גערופן) און וואַרפן אים אַריין צו די פאַרמש־פּטע צום טויט.

אין דער זעלבער צייט מעלדעט דעגענהאַרט די יידן, וואָס זענען קאָשאַ־רירט אויף גאַריבאַלדי־גאַס ביי די פּאָליציי־מאַגאַזינען, אַז ווער פון זיי עס האָט קרובים אין „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" און וויל מיט זיי זיין צוזאַמען, קאָן זיין פאַרלאַנג אויסדרוקן און זיין ביטע וועט גלייך דערפילט ווערן. עס מעלדן זיך פרויען, וואָס האָבן דאָרט מענער; עס מעלדן זיך מענער, וואָס האָבן דאָרט פרויען; עס מעלדן זיך מאַמעס, שוועסטער, ברידער און קינדער. דעגענהאַרט

דערפילט זייער פאַרלאַנג. העכער הונדערט מאַן באַקומען די דערלויבעניש און די מעגלעכקייט צו קומען אין „האַסאַג", כדי צו זיין צוזאַמען מיט זייערע איינציקע פאַרבליבענע נאָענטע מענטשן. מיט פריידיקער האַרץ-קלאַפּונג שטייגן איין העכער הונדערט „גליקלעכע" אין די אויטאָס, וואָס דעגענהאָרט האָט צוגעשטעלט פאַר זייערט וועגן. די אויטאָס פליען שנעל איבער די אַזוי גוט באַקאַנטע טשענסטאָכאָווער גאַסן: גאַריבאַלדי, ווילסאָן-גאַס, צווייטע אַלייע און אַלייע וואָלנאָשטשי. עס ווערן מענטשן געפירט מיט דער האָפנונג זיך צו טרעפן מיט זייערע נאָענטסטע און ווערן אַריינגעוואָרפן אין די פינצטערע קעלערן, ווו עס שוועבט שוין דער טויט. אויך די פרויען און קינדער פון די יידישע פּאָליציאַנטן ווערן לסוף אַוועקגעפירט און פאַרשפאַרט אין די זעלבע קעלערן (בלויז די פרוי פון דעם פּאָליציאַנט קאהן מיט איר קליין יינגעלע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן).

אין די פינצטערע קעלערן אויף דער „קאָלאָניע" פון „האַסאַג-אַפּאַראַטנבוי" האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער געראַנגל. דאָ ראַנגלען זיך קנאַפּע 500 צום טויט פאַרמשפּטע יידן מיט דייטשע מייסטערס און ווערקשוצן; זיי לאָזן זיך נישט פירן צום טויט. דער געראַנגל איז אַ ביטערער, אָבער אויך דאָס מאָל זענען די זיגער די דייטשע הענקער... פאַרן אַרויסגעשלעפּט ווערן צו די אויטאָס, וואָס דאַרפן די קרבנות אַוועקפירן אויפן יידישן בית-עלמין צום דערשיסן, ווערט יעדער קרבן פאַרטויבט מיט אַ האַמער. אין דעם דאָזיקן "פאַך" צייכנט זיך צומבעסטן אויס דער מייסטער אפּעל "מאָרזש". (פון דעם איז געקומען זיין שפּעטערדיקער צונאָמען — „העמערל"). „מאָרזש" טראָגט שוין די שטיוול, וואָס ער האָט נאָך נעכטן באַמערקט אויף די פיס פון אַ יונגן אַרבעטער און אויך אַנדערע מייסטערס שפּאַצירן אַרום שכורע אויף דעם פאַבריק-פּלאַץ און באַרימען זיך מיט זייער „גבורה".

שטיל וויינען די לעבנגעבליבענע און צוזאַמען מיט זיי וויינען אויך די פינצטערע קעלער-ווענט פון די אַרעסט-בונקערס מיט אייניקע קוים לעזבאַרע אויסגעקריצטע אויפשריפטן פון די נאָר וואָס אומגעבראַכטע:

„רובינקו פעלדמאַן, איך זעגן דיך, זון, האַלט זיך גוט!
דיין מאַמע ח. פעלדמאַן"

„טייערער רובין, איך גיי אַוועק רויק אויפן טויט,
פאַרליר נישט די האָפנונג! איך קוש דיך! דיין מאַמע חנה"

„איך גיי אַוועק רויק! יוזשעק יונג"

„זאָשע וויגדאָר זעגנט איר מאַן קלמן, איך גיי אַוועק רויק!
זאָשע וויגדאָר"

„הער זאַלצבערג! איך האָב געגלויבט, אַז איר וועט מיך אַרויסראַטעווען. איך האָב זיך אַנטוישט!” (אונטערשריפט נישט לעזבאַר, וואַרשיינלעך — פרוי בעאטוס)

„איך בין שוין מיד צו אַנטלויפן פון טויט. איך גיי אַוועק רויק.
ווי אַזוי וועלן מיינע קינדער לעבן? וואָס וועט מיט זיי זיין?
אונטערגעשריבן — ח.ש.”

דער יידישער בית־עלמין האָט זיך ווייטער פאַרגרעסערט מיט אַ מאַסן־קבר פון קנאַפּע 500 מאַן. די דייטשע ציוויל־מייסטערס, דער לאָמער ווערק־שוץ־לייטער קלעם מיט זיינע ווערקשוצן און די גאַנצע פאַבריק־דירעקציע האָבן באַוויזן, אַז זיי קענען די הייליקע „עבודה” נישט ערגער ווי די שוץ־פּאָליציי און געשטאַפּאָ.

אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי” אויף אַ שטח פון אַ קנאַפּן קוואַ־דראַט־קילאָמעטער ווערן איצט אויף שנעל אויפגעשטעלט הילצערנע באַראַקן. דער דאָזיקער פּלאַץ ווערט אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט און איינריכטונגען אויף עלעקטרישן שטראָם. אין דער דרויסנדיקער זייט פון די דראָטן זענען אויפגעשטעלט אָבסערוויר־ביידלעך. אויסער דעם ווערט דער גאַנצער שטח פון דרויסן געדיכט באַוואַכט דורך ווערקשוצן. אין די באַראַקן ווערן אויפגעשטעלט לאַנגע איינשטאָקיקע פּריטשעס, וווּ אונטן און אויבן שלאָפן הונדערטער מענטשן איינער נעבן צווייטן. דאָ ווערט דער וווין־פּלאַץ פאַר קנאַפּע 3000 מענער און פרויען.

יעדער טאָג ברענגט זיין צאָל קרבנות: ווער עס ווערט געשאָסן פון אַ ווערק־שוץ גלאַט אַזוי זיך צוליב פאַרווייַלונג, ווער — דורך געשטאַפּאָ פאַר עפּעס אַ חטא, ווער פאַר אַ פּרווו צו אַנטלויפן פון לאַגער און ווער — דורך אַ מייסטער אַלס ”פוילענצער”. ווערט געבוירן אַ קינד, מוז עס גלייך דערמאָר־דעט ווערן. איז עמעץ שווער קראַנק גיט זיך אויך מיט אים דער לאמער ווערקשוץ־לייטער אן עצה...

שוין אין די ערשטע טעג נאָך דער דורכגעפירטער „סעלעקציע” זענען געוועזן פאַלן פון אַנטלויפן פון לאַגער. אַלס רעפּרעסיע זענען זעקס יונגע אַרבעטער געבונדן געוואָרן מיט דראָט און אַזוי געוואָרן אָפּגעהאַלטן אויפן פּלאַץ אַ גאַנצן טאָג אונטער דער דראָונג פון דערשיסן, אויב די אַנטלאָפענע וועלן זיך נישט אומקערן. שפּעטער האָט מען פאַר אַנטלויפן געמאַכט פאַר־אַנטוואָרטלעך די יידישע גרופּן־אויפזעער (קאַפּאָס), צו וועלכע די אַנטלאָפענע האָבן געהערט.

די ערשטע וואָכן איז דאָ אויסגעבראָכן בויך־טיפוס און אַדאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון דער דאָקטאָרין ווייסבערג, די יונגע יידישע

דאָקטוירים: יולעק פשיראווסקי פון טשענסטאָכאָווו און ד"ר לונכקי פון לאָדזש און אויך אַדאַנק די קראַנקנשוועסטער, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען צווישן די אַסורים, איז די לאַגע באַהערשט געוואָרן אַזוי, אַז עס זענען נישט געווען קיין קרבנות און די דייטשן זענען פון דעם פאַל נישט געוויער געוואָרן. עס זענען אויך געווען איינציקע דייטשע מייסטערס, זעלטענע אויסנאַמען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן מענטשלעכקייט צו די אַסורים, ווי: דער מייסטער פון טראַנספּאָרט, הוליטש, וועלכער האָט קיין איין מאָל נישט אויפגעהויבן די האַנט אויף אַן אַרבעטער, און פּאַרקוקט, ווען אייניקע פון זיינע אַרבעטער האָבן געפירט געהיים וואַרשטאַטלעך און זיך פאַרדינט דערמיט עטלעכע גילדן; דער מייסטער בערגער האָט אויך קיין אַרבעטער נישט געשלאָגן, ער האָט אָבער ליב געהאַט אַרומצוגיין איבער די באַראַקן אויפזוכן פרומע יידן, וואָס דאַווענען און אויסלאַכן זיי, אַז זיי „בעטן צו אַ גאָט, וואָס די אַמעריקאַנער יידן האָבן פאַרכאַפּט", און דער מייסטער הארן פון מעכאַנישן וואַרשטאַט, וועלכער האָט אַפילו צוגעהאָלפן יידן אַנטלויפן פון לאַגער און איז דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן. הוליטש און הארן זענען געבליבן לעבן און אַרויסגעטרעטן אַלס עדות פון דער באַשולדיקונג קעגן די דייטשע מערדערישע מייסטערס פון טשענסטאָכאָווער „האַסאַג" אויפן פּראָצעס אין לייפּציק, וואָס איז פּאָרגעקומען זומער 1949. אָבער דער ווייט גרעסטער טייל פון די דייטשע מייסטערס און באַזונדערס מייסטערינס זענען געווען סאַדיסטן און מערדער. אַ באַזונדערן סאַדיזם האָבן אַרויסגעוויזן די מייסטערינס: טיעטגע מאַריאַנאַ, רעטגע פרידע, קלאַראַ („די שיינע קלאַראַ"), מאַרכעווקאַ און פּיעטרוכאַ. טיעטגע מאריאנא האָט זיך צוזאַמען מיט די מייסטערס און ווערקשוצן באַטייליקט אין דער „אַקציע" אויף די יידן, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין „האַסאַג-אַפּאַראַטנבוי" דעם 19-טן יולי 1943. די פרויען-מייסטערינס פלעגן אָפּהאַלטן זייערע אַרבעטער צו 12 שעה ביי דער אַרבעט. נאָך דעם ווי די אַרבעטערינס פלעגן אָפּשלאָפן אין די באַראַקן איין, אָדער צוויי שעה, זענען זיי אויפגעוועקט געוואָרן און פאַרשלאָפענע, האַלב-אָנגעטאָענע אַוועקגעפירט געוואָרן אויף דער ווערקשוצן-וואַכע, כדי דאָרט „איינצוקאַסירן" זייער פּאָרציע שמיץ פאַר נישט אויספירן די אַרבעט-נאָרמע. די מייסטערינס אַליין פלעגן באַשטימען די צאָל שמיץ, וואָס יעדע אַרבעטערין דאַרף באַקומען און אָפּט, בעת די שמיץ-עקזעקוציעס, צוהאַלטן די געשמיסענע ביי די פיס, אָדער ביי דעם קאָפּ. „די שיינע קלארא" האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט איר דראַנג צו שלאָגן מענער-אַרבעטער און דאָס נישט בלויז מיט די פויסטן, נאָר אויך מיט די קעסטלעך פון אַמוניציע. שפּאַלטענהאָלץ האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט בלויז שלאָגן און פירן אויף דער וואַכע, נאָר ער האָט

אויך געצוווּנגען זיינע געהילפן צו דער זעלבער האַנדלונג. מאַרטין קעהלער פלעג די אַרבעטער מערדערלעך שלאָגן, פירן אויף דער וואַכע צום שמייסן און ביי פרויען אָפּשערן די האָר פאַר יעדן קלענסטן „חטא". פוילישע אַרבע־טער פלעג ער פייניקן אויף אַן אַנדערן אופן. ער פלעג זיי פירן כלומרשט צום באָדן. דאָרט פלעג ער זיי אָנזייפן און רייבן זייערע קערפּער מיט אַ פאָדלאָגע־באַרשט. גוסטאַוו האָט אין זיין באַציונג צו די יידישע אַרבעטער שטענדיק אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ געטרייער מיטגליד פון דער „נסדאפּ" און בעת דער יולי־„סעלעקציע" אַליין געשיקט 40 אַרבעטער אויף אומקום. וואַלטער פּראַס־סע פלעג זיך באַזונדער איזדעקעווען איבער פרויען. יאָהאַננעס ניקקע האָט געפּייניקט די אַרבעטער און ביים שמייסן האָט ער זיך נישט באַגנוגנט מיט דער נאָרמאַלער נאָרמע פון 25 שמיץ; ביי אים איז די נאָרמאַלע שמיץ־נאָרמע געווען 50. באַזונדערס שווער האָט ער געשלאָגן מיט אַ גומענעם שטעקן אַ געוויסן וואלמאַן. יעדן צווייטן זונטיק פלעגן געוויסע גרופּעס אַרבעטער באַקומען אַ פרייען טאָג. ניקקע פלעג דאַן די דאָזיקע גרופּעס אַרויסנעמען פון די באַראַקן און זיי צווינגען צו וואַשן די צעמענטענע פּאָדלאָגעס אין די פאַ־בריק־האַלעס. אַלס שמאַטעס צו וואַשן די דאָזיקע פּאָדלאָגעס האָבן זיי באַקומען אויסגענוצטע דינע הענטשקעלעך, וואָס האָבן פריער געדינט צום קאָנטראָלירן די גילזן צו קוילן. די „פרייע" זונטיקן זענען דעריבער געוואָרן שרעק־טעג ביי די פרויען־אַרבעטערינס, וועלכע זענען אים געווען אונטערגעוואָרפן.

דעם גרעסטן סאַדיזם האָבן אַרויסגעוויזן אפעל און פאסאלד. אפעל האָט אָן שום סיבה געשלאָגן יעדן איינעם, וואָס איז אים אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. ער איז אָנגעפאַלן אויף אַרבעטער און זיי געשלאָגן מיט אַלץ, וואָס אים איז אין דעם מאָמענט אונטערגעקומען: מיט אַ ברעט, מיט אַ שטיק אייזן, מיט אַ האַמער. מערסטנטייל האָט ער געשלאָגן מיטן פוס אין בויך און אין די געשלעכט־אָרגאַנען. פאסאלד („באָקסער") פלעג אָן שום סיבה אָנפאַלן אויף אַרבעטער, זיי שלאָגן און נישט שוינען קיין פרויען און קינדער. באַזונדערס איז יעדן געבליבן אין זכרון דער אופן ווי ער האָט געשלאָגן דעם 15 יעריקן טוביה ניעמיעץ. טוביה האָט געאַרבעט אין דער אינפאנטעריע־אָפּטיילונג. קעסט־לעך מיט קאַליע־געוואָרענע גילזן פון קוילן האָט ער געדאַרפט צונעמען פון די לויפנדיקע אויטאָמאַטן און אַוועקטראָגן אויף אַ צווייט אָרט, ווו עס זענען געשטאַנען גרויסע פעסער צו דעם צוועק. צוועלף שעה האָט דער קליינער, אויסגעהונגערטער און אויסגעמאַטערטער טוביה, געמוזט אַזוי „שפּאַצירן" מיט די שווערע קעסטלעך הין און צוריק. צוועלף שעה בייטאָג – בעת דער טאָג־שיכט און צוועלף שעה ביינאַכט–בעת דער נאַכט־שיכט. פון מידקייט פלעג טוביה,

טראַגנדיק די קעסטלעך, גיין מיט צוגעמאַכטע אויגן. דער וועג הין און צוריק איז אים שוין געווען אַזוי באַקאַנט, אַז ער האָט זיך אויף אַזאַ „שפּאַס״ געקאָנט דערלויבן. אַסך מאָל האָט ער דערפילט, אַז די פיס ווילן אים מער נישט דינען, ער האָט דעמלט אַוועקגעשטעלט דאָס קעסטל, זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם און געוואָרפן מיט די אויגן אויף אַלע זייטן צו „עמעץ״ קומט נישט אָן. געווען אָבער מאָמענטן, ווען די אויגן האָבן זיך געקלעפּט און טוביה האָט אָנגעהויבן דרימלען. ביי אַזאַ „חטא״ האָט אים געכאַפּט פאַסאלד. ביי אָן אויער האָט ער טוביהן אויפגעהויבן פון קעסטל, דערלאַנגט אַ באָקס מיט דער רעכטער האַנט אין דער לינקער באַק, טוביה האָט זיך א וואַקל געטאָן אויף רעכטס, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן אומצופאַלן, האָט ער שוין דערפילט דעם צווייטן באָקס אין דער רעכטער באַק. עטלעכע מאָל האָט זיך טוביה אונטער פאַסאלדס קלעפּ געוואַקלט פון לינקס אויף רעכטס און פון רעכטס אויף לינקס, ביז ער איז אומגעפאַלן. פאַסאלד כאַפּט אים פאַר די פיס, הויבט אים אויף אין דער הויך און טראָגט אים שנעל אַוועק. טוביה שטרענגט זיך אָן אויפצוהויבן די הענט, כדי זיי זאָלן זיך נישט נאָכשלעפּן אויף דער צעמענטענער פּאָדלאָגע. ער הויבט אויף די הענט און דריקט זיי צו די זייטן זיינע, אָבער זיי פאַלן מאַכטלאָז אַראָפּ און שלעפּן זיך ווייטער נאָך. ביי אַ נישט פולן פאַס מיט קוילן גילזן שטעלט זיך פאַסאלד אָפּ מיט זיין קרבן און וואַרפט אים אַהין אַריין מיטן קאָפּ אַראָפּ. בלויז אַ האַלבער קערפּער איז אַריין אין פאַס. פאַסאלד, משוגע פון זיין איבערמאַכט איבערן קליינעם יונגל, הויבט אָן מיט איין האַנט דריקן טוביהס געשלעכט-אָרגאַן און מיט דער צווייטער האַנט הויבט ער אָן דריקן דעם צווייטן האַלבן קערפּער טיפער אין פאַס אַריין. טוביהס געוואַלדן האָבן זיך דערטראָגן צו די אַרבעטער, וואָס זענען געשטאַנען ביי די מאַשינען, און דער רויש פון די אויטאָמאַטן ווערט איבערגעשטיגן פון דעם שרעקלעכן געליאַרעם פון די פרויען-אַרבעטערינס. פאַסאלד כאַפּט זיך אויף פון זיין ווילד-קייט, קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט געזוכט די „חוצפהדיקע״ פרויען, וועלכע האָבן געוואַגט איבערצורייסן זיין סאַדיסטישן פאַרגעניגן, און גייט שנעל אַרויס פון פאַבריק-האָל. פון דאַן אָן האָט דער קליינער טוביה זיינע מידע פיס נישט געוואָלט מער פאָלגן און דערפילט זיינע פליכטן „בשלימות״...

יעדער טאָג, אָדער נאַכט האָט געבערענגט אַן אַנדערע וויסטע בשורה: דאָ האָבן ווערקשוצן אַריינגעשאָסן אין די פרויען-באַראַקן דורך די פענצטער און עס זענען געווען קרבנות; דאָ האָט דער מייסטער הויזנער דערשאָסן אַ פרוי, ווייל זי איז געווען „פויל״ צו דער אַרבעט; דאָרטן האָט אַ ווערקשוץ דערשאָסן אַ יונגל, ווייל ער איז צו לאַנג געזעסן אין קלאָזעט; דאָ האָט קלעם

אַוועקגעפירט קראַנקע אויפן יידישן בית־עולם, ווו די ווערקשוצן האָבן זיי דערשאָסן; דאָרטן האָט אַ שיכורער מייסטער זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם פּריוען־זאַל, זיך אויסגעקליבן דאָרט דאָס יונגסטע מיידל און זי אַוועקגעפירט אויף אַ גאַנצער נאַכט; דאָ האָט געשטאַפּאָ עמעצן אַוועקגעפירט, און יענער איז שוין מער נישט געקומען צוריק; דאָרט האָט מען אַרעסטירט דריי יונגע אַרבעטער פאַר „גנבענען" אַ פּאָר שטיקלעך ברויט און זיי אומגעבראַכט; דאָ האָט שטיגליץ (פאַרטרעטער פון ווערקשוץ־לייטער) צעשלאָגן מיט זיין שטעקן אַ פרוי, ביז זי האָט אָנגעהויבן חלשן, און דאַן ערשט האָט ער זי אַוועקגע־שלעפּט און דערשאָסן; דאָ האָט דער ווערקשוץ מיכאַל סקאַלענקאָ געשלאָגן ליבערמאַנען, אים אַוועקגעשלעפּט אין קעלער־בונקער און דאָרט צוזאַמען מיט שטיגליצס הילף פאַרפייניקט צום טויט. מען האָט אויפגעהערט גלויבן, אַז מען וועט דאָ קענען איבערלעבן, און עס האָט זיך בלויז געשטעלט די פראַגע: ווער פריער און ווער שפּעטער? פון צייט צו צייט האָט מען קלענערע גרופּעס אַסורים פאַרמאַכט אין אַ נישט פאַרענדיקטן באַראַק און פון דאָרט אַוועקגע־פירט אין אַנדערע טויטן־לאַגערן.

* * *

די טעג אין לאַגער זענען „איינטאָניק", הגם עס קומען פאָר אָפטע אויפ־טרייסלונגען. יעדן טאָג 5 אַזייגער פרי מוזן שוין אַלע זיין אויף דער ציילונג (אַפּעל). דער יידישער לאַגער־פירער מיט זיינע צוויי געהילפן פירן דורך די ציילונג אין דער אָנוועזנהייט פון ווערקשוצן און מייסטערס. יעדער „קאַפּאָ" מעלדעט די צאָל „העפטלינגען", פאַר וועלכע ער איז פאַראַנטוואָרטלעך, און שטעלט צו באַשטעטיקונגען פון אַ דאָקטאָר פאַר די קראַנקע פון זיין גרופּע, וואָס פעלן ביי דער ציילונג. דער ווערקשוץ לייטער מיט שטיגליצן נעמען אָפּ די ראַפּאָרטן. שטיגליץ מאַכט זיך אַ צירק: פאַר פאַרשפּעטיקן צום אַפּעל אויף אַ פּאָר סעקונדן צווינגט ער די פאַרשפּעטיקטע מענער זיי זאָלן אַזוי לאַנג וואַרפן זייערע היטלען אויפן דאַך ביז זיי בלייבן דאָרטן ליגן. נאָכדעם מוז דער „שול־דיקער" זיך אַהין אַרויפדראַפּען אַראָפּצונעמען עס. פאַרן זעלבן חטא צווינגט ער, אַז עלטערע פרויען זאָלן זיך אויסקלויבן פון די רייען יונגע יונגלעך און זיך מיט זיי קושן. פאַר ענלעכע „חטאים" צווינגט ער, אַז יונגע מיידלעך זאָלן דאָס זעלבע טאָן מיט עלטערע יידן. פאַרשפּעטיקטע ווערן אויך פאַרשריבן, כדי נאָך 12 שעה אַרבעט זאָלן זיי זיך אַליין מעלדן אויף דער ווערקשוצן־וואַכע און דאָרט „איינקאַסירן" צו 25 און מער שמיץ. אייניקע קומען אָפּ בלויז מיט אַ „קראַטקע" (צייכנס אויפן געזעס) און אַנדערע וואַנדערן פון דער וואַכע גלייך אין שפּיטאָל אַריין. בעת די אַפּעלן פרווון אויך אויס יונגע

ווערקשוצן זייער קונסט פון פאָרן אויף ראָווערן. זיגזאַגיש פאָרן זיי איבער די פינגער פון די פיס פון די אַסורים, בעת יענע שטייען אין אַ גראָדער ריי. וואַגט דאַן דער געליטענער אַ מורמל צו טאָן, באַקומט ער זיין פּסק אויפן אָרט, אָדער שפּעטער אויף דער וואַכע.

אין דער זעלבער צייט קומט פאַר אין שטאָט, אויסערן לאַגער, אַ שטאַרקער געיעג אויף יידן. די שטאָט־הויפּט־מאַנשאַפט אָרדנט איין אַ ספּעציעלע יידן־העצערישע אויס־שטעלונג א״נ „די יידישע וועלט־פּעסט״, ווו די יידן ווערן פאָרגעשטעלט פאַר געפערלעכע פאַרברעכער. דערביי זענען פאַרשפרייט געוואָרן אויפהעצערישע פלוג־בלעטלעך און קאַלענדאַרן מיט קאַריקאַטורן, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט די יידן ווי שווינדלער, פאַרברעכער, קאָמוניסטן און ווי אַזעלכע, וואָס הערשן מיט דער וועלט. עס ווערן געמשפּט און דערשאָסן פּאָליאַקן, ביי וועלכע מען האָט געפונען אויסבאַהאַלטענע יידן. אין לאַגער באַקומט זיך אַריין אַ בריוועלע פון דעם געוועזענעם אַקטיוון „זשאָבאָוויעץ״ אברהם קאַפּלאַן, וועלכער באַהאַלט זיך אויס ביי פּאָליאַקן, אַז זיין לאַגע איז אַ שווערע און מען זאָל געפונען אַן אופן, ווי ער זאָל זיך קאָנען אַריינבאַקומען אין „האַסאַג״. אינגיכן אָבער איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז דער אַקטיווער זשאָבאָוויעץ אַבראַמעק קאַפּלאַן מיט נאָך יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין אַ בונקער דורך אַ רויבער־באַנדע, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען דער באַקאַנטער טשענסטאָכאָווער אַנטיסעמיטישער סוחר, וואלאשטשיק, וואָס האָט נאָך פאַרן קריג אָנגעפירט מיט באָיקאָט־ און פּיקעטן־אַקציעס קעגן יידישע סוחרים (דאָס פּוילישע פאָלקס־געריכט האָט די מערדער אויסגעמאָסטן די פאַרדינטע שטראָף). יידן, וואָס האָבן שוין נישט קיין אויסוועג אויף דער „אַרישער זייט״, שמוגלען זיך אַריין אין די לאַגערן מיט פּאַרטיעס פּוילישע אַרבעטער, וואָס באָרגן דערוייל אויס די יידן אַרבעט־קאַרטן פון קראַנק־געוואָרענע פּוילישע אַרבעטער. בכלל דאַרף מען דערמאָנען, אַז פּוילישע אַרבעטער האָבן אַריינגעשמוגלט פאַר די יידישע אסורים שפּייז, פּאַפּיראָסן, פּעטס און אפילו מעדיקאַמענטן. פון די, וואָס האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן איז געוועזן דער פּוילישער קאָמוניסט אימיאָלעק, וועלכער איז אין נאָמען פון פּפּר געשטאַנען די גאַנצע צייט אין קאָנטאַקט מיט די יידישע קאָמוניסטן. די יידן, וואָס שמוגלען זיך אויף אַזאַ אופן אַריין אויף „ראַקוּוו״, בלייבן דאָרטן, ווייל מילהאָף נעמט זיי גלייך אַריין אין דער רשימה פון די יידישע אסורים און די דייטשן אויסער אים, ווייסן נישט וועגן דעם. ערגער איז מיט די, וואָס שמוגלען זיך אַריין אויף „פּעלצערע״. דאָ ווערן זיי דורכן ווערקשוץ־לייטער איבערגעגעבן צו דער געשטאַפּאָ, ווו זיי קומען אום. די שרעקלעכע לאַגע פון די יידן, וואָס

באַהאַלטן זיך אויס אויף דער „אַרישער זייט", נעמט אָפּ דעם דראַנג ביי די „האַסאַגאָוועס" צו אַנטלויפן פון לאַגער, כאָטש די לאַגע דאָ איז אויך אַ שרעקלעכע. צווישן די אַנטלאָפענע פון לאַגער האָט זיך געפונען דער אַק־טיווער „זשאָבאָוויעץ" מיכאל ווייסקאָפּ, וועלכער האָט זיך געוואָלט פאַראייניקן מיט זיינע קאַמף־חברים אין די קאָניעצפּאָלער וועלדער. ער האָט זיין ציל נישט דערגרייכט און אומגעקומען אויפן וועג.

אין דער זעלבער צייט קאָן מען אָבסערווירן אָט די נעגאַטיווע דערשיי־נונג: ווער עס קאָן זיך באַנוצן מיט מער ניבול־פּה פילט זיך אַלס „שטאַרקער" און עס אַנטוויקלט זיך אַ „קאָנקורענץ" אויפן דאָזיקן געביט. מען לערנט אפילו אויס שטיגליצן „געשמאַקע" וויצן. באַזונדערס האָט ביים לערנען שטיגליצן די יידישע נבול־פּה־אויסדרוקן זיך אויסגעצייכנט דער קליינער גליקסמאַן, וואָס איז, צוליב זיין דינען די וועקשוצן מיט מסירות, געוואָרן שטיגליצעס ליבלינג און זיך אויך אָנגעהויבן איזדעקעווען איבער די אסורים.

דער ווייט גרעסטער טייל פון דעם ביסל יידן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער פאַרגליווערטער מרה־שחורהדיקער מאַסע. די קאַטאַרזשנע אַרבעט צווישן די גרויע פאַבריק־ווענט, די מערדערישע מייסטערס און ווערקשוצן; די שווערע מאַשינען, ביי וועלכע מען מוז גאַנצע צוועלף שעה אַרבעטן שטייענ־דיקערהייט, צ־יטנווייז אַלס שטראָף בלייבן אויף נאָך אַ שיכט און נאָך דער צווייטער שיכט ערשט מוזן בלייבן אַרבעטן אויף נאָך צוועלף שעה מיט דער גרופּע אַרבעטער, צו וועלכע מען געהערט, ווי אויך דער הונגער, מיט וועלכן בלויז אַ טייל האָט זיך אַן עצה געגעבן — ברענגען זייערע טרויעריקע רעזול־טאַטן. מען טרעפט מענטשן איינגעטריקנטע, וואָס די הויט זייערע האַלט קוים איין די ביינער זאָלן זיך נישט צעפאַלן. מען טרעפט אויך אַזעלכע, וואָס שלעפּן קוים זייערע, פון הונגער געשוואָלענע, פיס אין די גרויסע טרעפּעס (שיך מיט האָלצערנע פּאָדעשוועס), אָדער אין די „האָלענדערקעס" (שיך בלויז פון האָלץ). טובערקולאָז און אַנדערע מחלות האָבן דאָ זייער פעטן שניט. שמאַטענע מלבו־שים און האָלץ־שיך, געבערענגטע פון אַנדערע אויסגעענדיקטע לאַגערן, איז דאָ די נאָרמאַלע קליידונג. מלבושים־סאָרטירער געפינען בריוועלעך, וואָס די פרי־ערדיקע, און איצט שוין דערהרגעטע אינהאַבער האָבן אין די קעשענעס אַריינ־געלייגט אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן. זיי ווערן געכאַפּט בעתן לייע־נען די בריוולעך און קומען אום.

אַפּאַטיע און רעזיגנאַציע האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשפּרייט און געהאַלטן אין איין באַהערשן וואָס מער אסורים. געווען אויך אַ זעלבסט־מאָרד־פאַל. עס האָט זיך אַ יונגער בחור, פייערמאַן, דערטרונקען אין קליינעם



„זאָשיאַ„ רחל שאַבשעווסקאַ



מיכאַל ווייסקאָפּ



אַבראַמעק ווייסקאָפּ



לייזער שידלאָווסקי

טייכל, וואָס פליסט נאָענט פון דער פאַבריק־עלעקטראָווניע. און דאָך האָט אַ גרופּע עקשנותדיקע ווידערשטענדלער זיך באַמיט אַלץ צו טאָן צו פאַרטרייבן דעם יאוש. עס פלעגן פאָרקומען אין די באַראַקן פּאָליטישע שמועסן, איינגע־אָרדנטע דורך די אונטערערדישע טוער פאַר ענגע קרייזן און אויך אָוונטן פון געזאַנג און רעציטאַציעס. די אויספירער פון אַזעלכע קולטור־אָוונטן, אָדער קולטור־זונטיקן זענען געווען די עטלעכע לעבנגעבליבענע זינגערינס פונעם גע־וועזענעם „טאָז"־כאָר און די צוויי ברידער יאַקובאָוויטש.

אין אַ צייט ארום האָט מען גענומען אויסשטיין געברענטע צרות פון דעם נייעם ווערקשוץ־לייטער הערמאַן. ער איז פון פאַך געווען אַ פעלדשער און געהאַלטן, אַז ביי יעדער אָפּעראַציע אין לאַגער־שפּיטאָל דאַרף ער אַסיסטירן. צו די דאָזיקע אָפּעראַציעס פלעגן קומען אויך אַנדערע דייטשע גדולים און דער דאָקטאָר־כירורג האָט געדאַרפט דורכפירן אַ „פּראַקטישע לעקציע". די קראַנקע פלעגן אין אַזעלכע פאַלן באַקומען גרעסערע דאָזעס שלאָף־געטראַנק, כדי דער כירורג זאָל זיין „לעקציע" קענען לענגער פאַרציען. אָפט זענען אַזעלכע „לעק־ציעס" געווען געלונגענע, די אָפּעראַציעס האָבן זיך איינגעגעבן (דער הויפּט־דאָקטאָר — דער כירורג, שפּערלינג, איז געווען אַ פעיקער פאַכמאַן), דער חולה האָט אָבער באַצאָלט מיטן לעבן. נישט קיין קליינע שולד האָט אין אַזעלכע פאַלן געטראָגן שפּערלינג אַליין. אין זיין אַרויסגעוויזענער אונטערטעניקייט צו די דייטשן האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן, נאָך אַ פאַרענדיקטער אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע, צו עפענען נאָכאַמאָל דעם בויך ביים חולה, כדי פאַר די פאַרשפּעטיקטע דייטשע „אַסיסטענטן" צו דער אָפּעראַציע דעמאָנסטרירן זיינע פאַך־קענטענישן. אין לאַגער האָט מען אַ סך גערעדט וועגן דער שולד פון שפּערלינגן אינעם טויט פון אַ געוויסער בראָנקע באַום, וואָס איז אָפּע־ריערט געוואָרן דורך אים און צוליב זיין אופן פון אַדורכפירן די אָפּעראַציע איבער איר, איז זי שפּעטער, אַפּליגנדיק אין שפּיטאָל עטלעכע טעג, געשטאָרבן. שפּערלינג איז געווען איינער פון די געציילטע יידן אין לאַגער, וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ שנאה פון דעם גרעסטן טייל אסורים. פון די גרויסע זאַפּאַסן מעדיקאַמענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער לאַגער־אַפּטייק, וועלכע האָבן נאָך געשטאַמט פון די אַפּטייקן ביים יודענראַט און ביים „טאָז" אין גרויסן געטאָ און שפּעטער אין קליינעם געטאָ, ווי אויך פון דערהאַלטענע מעדיקאַמענטן פון קראָקעווער „יוס", האָבן די אסורים זעלטן געגאָסן; אפילו פּראָשקעס קעגן קאָפּווייטיק האָבן זיי זעלטן באַקומען. דאַקעגן האָט שפּערלינג מיט אַ ברייטער האַנט געטיילט די טייערסטע ספּעציפיקן פאַר דייטשן און ווערקשוצן. זיין אונטערגעאָרדנטן פּערסאָנאַל האָט ער באַהאַנדלט נישט בעסער

ווי דער ערגסטער דייטשער מייסטער, באַזונדערס האָט ער זיך איזדעקעוועט איבער זיינע אונטערגעאָרדענטע יידישע דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער. אין אַ בעסערער לאַגע האָבן זיך ביי אים געפונען זיינע אונטערגעאָרדנטע פיזישע אַרבעטער פון פערסאָנאַל, וועלכע ער האָט זיך טאַקע דערלויבט צו שלאָגן אין מאָמענטן פון אויפרעגונג און דאָך טאָן פאַר זייערט וועגן עפּעס גוטס אויך, באַזונדערס אין די מאָמענטן, ווען ער איז געווען גוט געשטימט, זיך באַרימט פאַר זיי מיט זיינע איינפאַלן און אויפטועוען און אויסגעלאַכט זיין לעקסיקאָן, וואָס האָט פילפאַכיק איבערגעשטיגן דעם לעקסיקאָן פון די באַרימטע נבול־פּהניקעס אין לאַגער.

* * *

די טראַגישע לאַגע פון די יידן אין „האסאג" האָט דאָך נישט אָפּגעטויט ביי אַלעמען דעם דראַנג צום לעבן און אויך נישט אטראפירט ביי אַלעמען די מענטשלעכע געפילן און ברידערלעכע סאָלידאַריטעט. די ערשטע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַריינשיקן הילף אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאראַטנבוי", זענען געווען די „גאַריבאַלדטשיקעס" — די קליינע צאָל יידן, וואָס זענען געווען קאָשאַרירט אויף גאַריבאַלדי־גאַס. די דאָזיקע גרופּע יידן האָט געגנבעט אין די מאַגאַזינען פון דער שוץ־פּאָליציי מלבושים אין סחורות און אויף פאַרשידענע אופנים פאַרקויפט צו פּאָליאַקן. די „גאַריבאַלדטשיקעס" האָבן זיך באַשטייערט לטובת די יידן פון „האַסאַג" און אַהין אַריבערגעשיקט צו די, דורך זיי, באַשטימטע פאַרטרויונג־מענער: יחיאל גאמולינסקי און איטשע ברענער, וועלכע פלעגן די צוגעשיקטע סומען פאַרטיילן צווישן הונגער־ליידנדיקע און צווישן די, וואָס די „גאַריבאַלדטשיקעס" האָבן אָנגעוויזן לויט זייער צוגעשיקטער רשימה. אויסער דעם האָט זיך אין לאַגער גופא אָרגאַניזירט אַ גרופּע פרויען, וועלכע האָבן געזאַמלט וואָכן־אָפּצאָל, פאַר וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן פירן אַ קיך פאַר קינדער און קראַנקע. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָבן אַסך איניציאַטיוו אַרויסגעוויזן די פרויען: פעלאַ אפמאַן און זאָשאַ וועקשטיין.

* * *

נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז די פאַרבינדונג מיט דער יידישער אונטערערד אין וואַרשע איבערגעריסן געוואָרן. שוין אין דעם צווייטן חודש נאָך דער ליקווידאַציע האָט די קוריערין פון וואַרשע מינדזשיזשעצקאַ („וואָלאַדקאַ") אויסגעפונען דעם בונקער פון די קאַמף־גרופּן אין די קאָניעצפּאָליער וועלדער און דורך דער גרופּע אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט „יאַצעקן", וואָס איז געווען קאָשאַרירט אין לאַגער פון "האַסאַג־אייזנהוטע". דורך „יאַצעקס" פאַר־מיטלונג האָט „וואָלאַדקאַ" אויך געפונען אַ קאָנטאַקט מיט די טשענסטאָכאָווער

אונטערערדישע טוער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאַ־ראַטנבוי". „וואָלאַדקאַ" האָט אָנגעהויבן אַריינשיקן אין די לאַגערן געלט און ליטעראַטור. פון דעמלט אָן האָט די קאָאָרדינאַציע פון די לינקע אונטערערד־טוער אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" איבערגענומען כמעט די גאַנצע אויסהאַלטונג פון דער אומלעגאַלער קיך און זי ־ פּאַרגרעסערט אַזוי, אַז כמעט אַלע קראַנקע, קינדער און יוגנטלעכע האָבן פון איר געגעסן. אַ פּוילישע אונ־טערערדישע טוערין פון טשענסטאָכאָוו, פרוי דזיובאַ, האָט אויך איינינקע מאָל אַריינגעבערענגט געלט אין לאַגער אַריין. די פרוי דזיובאַ פלעג זיך אַריינבאַ־קומען אויף דער „קאָלאָניע", איבערגעבן דאָס געלט דעם טוער העלמאַן און ער פלעג דאָס איבערענטפערן די אונטערערדישע טוער אין לאַגער. די קעכין און די פירערין פון דער קיך אין שפּיטאָל איז געווען די קראַנקנשוועסטער מאַניע אַלטמאַן (פון דער היים – קאַלין), און איר האָבן מיטגעהאָלפן די אַנ־דערע קראַנקנשוועסטער, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט. צוליב דעם, וואָס די קראַנקע האָט זיך זעלטן איינגעגעבן צו דער צייט אַרויסבאַקומען די נויטיקע מעדיקאַמענטן פון לאַגער־אַפּטייק, האָבן די דאָקטוירים פּשיראָווסקי און לונסקי אָנגעוויזן וואָס פאַראַ מעדיקאַמענטן זענען פאַר וועלכן קראַנקן נויטיק, און דורך באַקאַנטע פּוילישע אַרבעטער אין פאַבריק פלעג עס איינגעקויפט ווערן אין שטאָט און אַריינגעשמוגלט ווערן אין לאַגער.

* * *

אַ הילף־טעטיקייט אין אַ קלענעם מאַשטאַב האָבן אויך געפירט די רע־ליגיעזע יידן. בראש פון דער רעליגיעזער גרופּע זענען געווען: נח עדעליסט און יחיאל לאַנדוי. עס איז אויך געווען אַ קליינע גרופּע יוגנטלעכע, געוועזענע „זשאָבאָווצעס", וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אַ קאָלעקטיוו לעבן. בראש פון דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען: נאַטקע ווערניק (יאַצעקס פרוי), אַבּ־ראַמעק טשאַרנע און רוזשקע דזיאַלאָווסקאַ – „דאָס מאַמעלע" (דעם נאָמען „מאַמעלע" האָט זי באַקומען פאַר איר אָפּפערווילליקייט און מאַמישער זאָרג, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו די חברים). אַבראַמעק און רוזשקע האָבן געהערט צו דער פּ. פּ. ר.־גרופּע. אַ צווייטע גרופּע, וואָס האָט געפירט אַ קאָלעקטיוו לעבן, איז געווען אַ בונדישע. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער קאָלעקטיווער גרו־פּע זענען געשטאַנען עלי שטייניץ, לייב לעבער, יאָסל קרויזע און דער בע־קער־אַרבעטער בצלאל אַלטמאַן. יידישע טוער האָבן אויסגענוצט זייער קאָנט־שאַפט מיט פּוילישע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די פאַ־בריקן „פּעלצער" און „ראַקוּוו", און די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אַריינגעשמוגלט פאַר די יידן: שפּייז, מעדיקאַמענטן, לעגאַלע דייטשע צייטונגען, אומלעגאַלע

ליטעראַטור און דאָס אַלץ, וואָס איז אָנגעקומען פון וואַרשע מיט די קוריערן. דורך דער פאַרמיטלונג פון פוילישע אַרבעטער איז אויך אָנגעקניפּט געוואָרן אַ קאָנטאַקט צווישן די יידן פון איין לאַגער מיט די יידן פון צווייטן לאַגער.

* * *

דער לאַגער-רעזשים, וואָס האָט דערפירט דערצו, אַז קראַנקע מיט הויכער טעמפּעראַטור האָבן מורא געהאַט זיך אָנצוגעבן פאַר קראַנקע און מיט די לעצטע כוחות אַפילו ווייטער געשטאַנען ביי די מאַשינען; די פּיין און באַליידיקונג, וואָס עס איז אויסגעקומען איבערצוטראָגן מצד יעדן מייסטער און פון יעדן לאַגער-שומר; דער הונגער און די אומזיכערקייט מיטן היינט און מיטן מאָרגן — דאָס אַלץ האָט דערפירט צו אַ שטאַרקער אַפּאַטיע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסברייטערן. די טעטיקייט אָבער פון די אונטערערדישע קעמערלעך האָט אַריינגעברענגט אַביסל אויפלעבונג. אַ באַזונדערע אויפלעבונג און גלויבן האָבן אַריינגעבראַכט די מאָמענטן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען. ווי נאָר די פאַבריק-סירענעס האָבן אויפגעהויבן זייער טרויעריקן אַלאַרם און די לאַגער-שומרים מיט די מייסטערס זענען אַנטלאָפן אין די לופט-שוץ-קעלערן, האָבן די יידן זיך דערפילט, ווי זיי וואָלטן אַ נייע נשמה באַקומען, מען האָט זיך דערפילט עפּעס פרייער. אייניקע האָבן אָנגעהויבן גלויבן, אַז עס וועט פאָרט נעמען אַ סוף צו די גרענעצלאָזע צרות, און אַנדער האָבן געהאָפט, אַז די פאַבריק וועט באָמבאַרדירט ווערן און מען וועט זוכה זיין אומצוקומען אונטער די פאַבריק-חורבות און נישט פון די פאַרברעכערישע דייטשע הענט...

אין די פינצטערע נעכט פלעג מען נישט קאָנען איינשטיין ביי די מאַשינען און אויך נישט איינליגן אין די באַראַקן. יעדער האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן. אין די באַראַקן זענען אַלע מאָל אַנדערע אַראָפּגעקראָכן פון די פּריטשעס און בגנבה געכאַפּט אַ קוק, ווי עס זעט אויס אין דרויסן. אין פאַבריק ווידער האָט זיך יעדע פאָר מינוט אַן אַנדער אַרבעטער אָפּגעריסן פון דער מאַשין און זיך אַרויסגעשאַרט אין דרויסן. מען האָט געוואָלט וויסן ווי עס זעט אויס, ווען די גרויסע און לאַנגע פייערדיקע פינגער פון די דייטשע פּראָזשעקטאָרן טאַפּן אין די פינצטערע הימלען, זוכן און זוכן. אָט די דאָזיקע לאַנגע פייערדיקע פינגער, וואָס האָבן נאַכט-ביי-נאַכט געזוכט אין די הימלען, האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די דייטשן און אַרויסגערופן האָפנונג און פריידיקע האַרץ-קלאַפּונג ביי די יידן. און אפשר דאָך? — האָבן פיל געטראַכט און זיך געטרייסט. אפשר דאָך וועט דער שרעקלעכער גיהנום זיך פאַרענדיקן? אַלע זענען געווען זיכער, אַז די סאָוויעטישע „פייגל" וועלן סוף-

כּל־סוף ברענגען די אויסלייזונג. די דאָזיקע געפילן ווערן אויך געשטאַרקט מיט די ידיעות, וואָס די אַריינגעשמוגלטע לעגאַלע און אומלעגאַלע צייטונגען ברענגען טאָג־טעגלעך וועגן זיגרייכן מאַרש פאָרויס פון דער רויטער אַרמיי.

* * *

יאַנואַר 1944 הויבן אָן אָנקומען טראַנספּאָרטן יידן פון לאָדזשער געטאָ און אויך פון פּלאַשאָווער לאַגער. די יידן אין לאַגער פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" זאָגן זיך אָפּ פון זייערע פּאָרציעס ברויט לטובת די אָנגעקומענע. די יידן פון לאָדזש זענען גליקלעך, זיי האָבן שוין פון לאַנג נישט געזען פאַר זיך אַזויפיל ברויט ווי זיי באַקומען דאָ. די מיינונגען צווישן די טשענסטאָכאָווער אין לאַגער און די געברענגטע יידן פון לאָדזשער געטאָ זענען פאַרשידן: די לאָדזשער האַלטן, אַז אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע, וואָס הערשט אין לאָדזשער געטאָ, איז אין „האַסאַג" אַ גן־עדן. דאָ עסן זיי צו דער זעט... די טשענסטאָכאָווער יידן האַלטן, אַז דאָס ברענגען נאָך יידן איז אַ סימן, אַז מען שאַפט דאָ אַ נייעם זאַמל־פונקט, וווּ מען וויל אַלעמען אומברענגען. דער ווערקשוץ־לייטער מעלדעט, אַז די געקומענע פון לאָדזש האָבן רעכט צו שרייבן בריוו אַהיים און זיי וועלן אויך קאָנען באַקומען פון דאָרט ענטפערס. די לאָדזשער נוצן אויס די געלעגנהייט, שרייבן אַהיים וועגן „גליק" זייערן און באַקומען טאַקע תּשובה. ביי די לאָדזשער שטאַרקט זיך דער גלויבן אין זייער נייעם „גליק", און ביי די פריערדיקע „האַסאַגאָווצעס" שטאַרקט זיך דאָס געפיל, אַז דאָס דערלויבן צו פירן קאָרעספּאָנדענץ איז אויסגערעכנט אויף אַריינצונאַרן נאָך יידן פון לאָדזש און זיי דאָ אומצוברענגען. דאָס קאָרעספּאָנדירן ווערט אינגיכן פאַרווערט און די געמיטער ווערן שווערער אויך ביי די ניי צוגעקומענע פון לאָדזש און פּלאַשוו.

* * *

צוליב דעם, וואָס אָנהויב 1944 האָט מען געבראַכט טראַנספּאָרטן יידן פון פּלאַשאָווער לאַגער און פון לאָדזשער געטאָ, האָט זיך די צאָל יידן אין די טשענסטאָכאָווער לאַגערן פאַרגרעסערט און עס זענען אַנטשטאַנען נאָך צוויי אַמוניציע־פאַבריקן און נאָך צוויי לאַגערן פאַר יידן: „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ" און „האַסאַג־וואַרטאַ". די רעזשימען אין די ניי־אַנשטאַנענע לאַגערן זענען פיל שווערער, ווי אין די צוויי פריערדיקע. באַזונדערס שווער איז די לאַגע פון די „האַסאַגאָווצעס" אין לאַגער פון „וואַרטאַ", וווּ עס באַשווערט נאָך מער די לאַגע זייערע דער דאָרט באַשטימטער יידישער לאַגער־פירער, אַ דייטשער ייד, יאַלעס.

יולי 1944, צוליב דער אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי ווערן אין סקאַרזשיסק אויף שנעל ליקווידירט דורך די דייטשן די אַמוניציע־פאַבריקן. אויך

די יידן לאַגערן דאָרטן ווערן ליקווידירט. די מאַשינען פון דאָרט ווערן גע־בּרענגט קיין טשענסטאָכאָווו און עס ווערט אויך אַהער געשיקט אַ געוויסע צאָל יידן פון די סקאַרזשיסקער לאַגערן. אין אַלע פיר טשענסטאָכאָווער לאַגערן האָט זיך די צאָל יידן פאַרגרעסערט, און נאָכן איבּערשיקן אַ געוויסע צאָל פון די ניי־געבּרענגטע יידן קיין דייטשלאַנד, בּלייבּן נאָך אין די טשענסטאָכאָווער לאַגערן אַן ערך פון 11000 יידן. די גאַנצע מאַכט איבּער די לאַגערן: „האַסאַג־װאַרטאַ" און האַסאַג־אַפּאַראַטנבּוי" האָט איבּערגענומען דער געוועזענער דייטשער לאַגער־פירער און ווערקשוץ לייטער אין סקאַרזשיסק, דער טרויעריק־בּאַוווּסטער סאַדיסט און מערדער, בּארטענשלאגער, וועלכער האָט זיך נאָך אין סקאַרזשיסק בּארימט געמאכט מיטן מאָרדן מאסן יידן און דער עיקר מיט די נאכט הוליאַנ־קעס, וואָס ער פלעג דאָרטן איינאָרדנען. בּעת אַזאַ „הוליאַנקע" פלעג ער דאָרט מאַכן אַן אַפּעל פון פרויען, אויסקלויבּן די יונגסטע און שענסטע, אָפּ־האַלטן זיי אַ גאַנצע נאכט צו דער דיספּאָזיציע פון זיינע שיכּורע קאַמעראַדן און אינדערפרי זענען די דאָזיקע פרויען דורך אים אַליין דערמאָרדעט געוואָרן. אָט דער דאָזיקער סאַדיסט האָט אָנגעהויבּן הערשן אין די צוויי טשענסטאָכאָ־ווער לאַגערן און איינפירן זיינע בּאַקאַנטע פייניקונג־מעטאָדן.

* * *

20־טער יולי 1944. אייניקע יידן פון דער נאַכט־שיכט אויף „האַסאַג־אַפּאַ־ראַטנבּוי" קומען צולויפן אין די בּאַראַקן און געבּן איבּער, אַז די מייסטערס היטן נישט אַזוי שטאַרק בּיי דער אַרבּעט און האַלטן זיך אין איין סודען. אַנ־דערע געבּן איבּער, אַז זיי האָבּן אויפגעכאַפּט שמועסן צווישן די מייסטערס וועגן עפּעס אַן אַטענטאַט. קיינער ווייסט אָבּער נישט גענוי וועגן וואָס פאַר אַן אַטענטאַט עס האַנדלט זיך. מען שלאָפט נישט און מען וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם, וואָס דער פרימאָרגן וועט מיט זיך בּרענגען. אויפצומאָרגנס פאַרטאָג זענען אַלע יידן אַרויס צום אַפּעל פריער ווי געוויינלעך. די מייסטערס דרייען זיך אַרום בּאַזאָרגט און די יידן פילן זיך עפּעס דרייסטער. מען ווייסט שוין, אַז עס איז פאָרגעקומען אַן אַטענטאַט אויף היטלערן, און די דאָזיקע קלאַנגען גייען איבּער פון מויל צו מויל. יעדער איינער קלאַמערט זיך אין דער נייער האָפנונג און שטעלט פעסט, אַז דער לאַגער־רעזשים איז שוין שוואַכער געוואָרן. עס זענען אַזוי אַריבּער צוויי מעת־לעת. מען ווייסט שוין אַלץ, וואָס ס'איז גע־שען און די האָפנונגען זענען צערינען געוואָרן. מען האָט אויפסניי דערפילט דעם מערדערישן לאַגער־רעזשים און די אַנטוישונג האָט נאָך שווערער געמאַכט די געמיטער. דאָך קלאַמערן זיך פיל אין דעם גלויבּן: אויבּ מען האָט די יידן אין די סקאַרזשיסקער און פּלאַשאָווער לאַגערן נישט אויסגעענדיקט, נאָר אי־

בע־געשיקט אין די טשענסטאָכאָווער לאַגערן, וועט מען אויך אין טשענסטאָ־כאָוו די יידן שוין נישט אומברענגען. אַזוי האַלטן זיך אין איין ענדערן די אויסטייטשונגען פון יעדער באַזונדערער געשעעניש און צוזאַמען מיט דעם אויך די שטימונגען.

אין יולי 1944 איז דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע אינגאַנצן איבערגעריסן גע־וואָרן און די הילף־טעטיקייט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסע צייט. אין לאַגער גופא האָט מען שוין געפירט די הילף־אַרבעט מיט די לעצטע רעזערוון. סוף 1944 האָבן די וואַרשעווער יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אויפסניי געשיקט אַ קוריער „סטעפאַן" און אויפסניי אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער לאַגער־אונטערערד. עס זענען דערהאַלטן געוואָרן בריוו, ליטעראַטור, צען טויזנט גילדן שטיצע פאַר סתם יידן און ספּעציעלע פאָנדן פאַר חברים, וואָס ווילן אַנטלויפן פון די לאַגערן. צוזאַמען מיט דעם אַלעם זענען אויך דערהאַלטן גע־וואָרן צוויי בריוו וועגן ליקווידאַציעס פון די יידן אין די לאַגערן פון פּיאַנקע און טראַווניק און אַן אויפפאָדערונג, אַז אויב מען איז נישט צוגעגרייט צו אַ באַוואָפנטן אַרויסטריט, זאָלן די אַקטיוויסטן אַנטלויפן. דאָס איז געווען דער לעצטער גרוס, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן פון דרויסן ביזן מאָמענט, ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען טשענסטאָכאָוו און מיר זענען באַפרייט געוואָרן.

## אונטערערדישע אַרבעט אין „האַסאַג"
## און אין די קאָניעצפּאָליער וועלדער

דעם 25־טן יוני 1943, אין דער זעלבער צייט ווען שוין פּאָליציי און געש־טאַפּאָ זענען איבערגעפאַלן די בונקערס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ, זענען אַלע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען ביי דער אַרבעט אין די אַמוניציע־פאַבריקן, דאָרט פאַרהאַלטן געוואָרן און נישט צוריקגעלאָזט אין געטאָ. אויף „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" האָט דער דאָרטיקער הויפּט־דירעקטאָר ליהט דורכגעפירט אַן אַפּעל פון אַלע יידישע אַרבעטער און זיי געמאָלדן, אַז „דאָס קומען פון די יידן צוריק אין געטאָ קומט נישט מער אין באַטראַכט". צווישן די פאַרהאַלטענע אַרבעט־גרופּן אין די אַמוניציע־פאַבריקן האָבן זיך געפונען עטלעכע טיכטיקע מיטגלידער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן דאָרט געהאַט ספּעציעלע אויפגאַבן אין שייכות מיט דער גראַנאַטן־אויסאַרבעטונג. צו זיי זענען שפּעטער נאָך צוגעקומען די קעמפער און טוער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע זענען על־פּי־נס נישט דערהרגעט געוואָרן בעת דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ. אויך אין די וועלדער

זענען געבליבן 23 קעמפּער, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויף דריי באַזונ־דערע פּונקטן.

די ערשטע צוויי־דריי וואָכן האָבן די קעמפּער אין די לאַגערן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום טעטיקייט ביי אייניקע האָט זיך קאָנטיק אָנגעזען אַ דעפּרעסיע. און אַנדערע האָבן זיך ווי געשעמט מיט דעם, וואָס זיי זענען געבליבן לעבן, אויסדריקנדיק אויף די זעלטענע און קורצע צוזאַמענטרעפן זייערע קנאה געפילן צו די, וועמען דער גורל האָט יאָ דערמעגלעכט אומצוקו־מען אין קאַמף. ביסלעכווייז האָבן זיך אין די לאַגערן פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנ־בוי" און „האַסאַג־אייזנהוטע" אָנגעהויבן שאַפן גרופּן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פירן אַ געוויסע טעטיקייט.

דער סאַמע אַקטיוויסטער — אין פּאָליטישן זין — עלעמענט איז געווען די ענגע קאָמוניסטישע גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען פון עטלעכע־און־דרייסיק פּערזאָן, אייגעטיילט אין פינף קעמערלעך. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אָרגאַ־ניזאַציע זענען געשטאַנען: שטיינבערעכער, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער אַרבעט, וויינרייך (אומגעקומען שפּעטער אין בוכענוואַלד), יאַדזשאַ (איטא) ברענער, שטראַסבערג און שוויערטשעווסקי. די אָרגאַניזאַציע פלעג באַאַרבעטן פּאָליטישע רעפעראַטן און געפירט אַ סאַבאָטאַזש־אַרבעט אין דער פּראָדוקציע. אַרום דעם קערן האָבן זיך גרופּירט סימפּאַטיקער. צו די טעטיקסטע אַקטיוויסטן האָט געהערט דער קאָמוניסט קובאַ ליפּשטיין. אין „האַסאַג" איז דערגרייכט געוואָרן אַן איינהייטלעכער פראָנט, און שפּיץ פון וועלכן עס איז געשטאַנען אַ קאָמיטעט מיטן פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: שטיינבערעכער און וויינרייך (פּפּר), דיאַמאַנד (השומר הצעיר), שימאָנאָוויטש (לינקע פּ"צ) און ל. ברענער (בונד). צו די איבערגעבנסטע אומפּאַרטייאישע אַקטיוויסטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט דאָ געהערט דער אַרבעטער יוזעפּאָוויטש, אַ שלאָסער־מעכאַניקער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין סאַבאָטאַזש־אַר־בעט, ווי אויך די קעמפּער: הלל פרידריך, מלאָדינאָוו, וואלטשינסקי, פּראָזער, צימערמאַן, ווערניק, יאַצעק א. אַ. די ערשטע צייט איז פאַרבינדונג־מאַן צווישן די לאַגער־גרופּן מיט דער קוריערין פון דער וואַרשעווער אונטערערד געווען דער פּוילישער אַרבעטער יאַן ברוסט, וועלכער פלעג אַלץ, וואָס „וולאַדקאַ" פון וואַרשע האָט אים איבערגעגעבן, אַריינשמוגלען אין דער פאַבריק „ראַקוּוו" און דאָרט עס איבערענטפערן ווערניקן. די יידישע חברים פון דאַנען פלעגן שוין דורך דעם פּוילישן אַרבעטער וואיצעך נאַביאַלעק אַרויסשיקן אַלץ, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אונדז אויף די „פעלצערע". וואיצעך פלעג דאָס איבער־געבן זיין ברודערן־זון, עוגעניוש נאַביאַלעק, וואָס האָט געאַרבעט אויף די

„פעלצערע". זוגעניוש פלעג דאָס אהין אַריינשמוגלען און אונדז איבערגעבן. די אָפטע רעוויזיעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן ביי די פוילישע אַרבע־טער בעתן איבערטרעטן דאָס פאַבריק־טויער, האָבן געפאָדערט אַ סך פאָרזיכט. אַ לענגערע צייט איז דאָך אַלץ אַדורכגעגאַנגען בשלום. איין מאָל, בעת ברוסט האָט געהאַט מיט זיך בריוו און געלט, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ זייער שטרענגע רעוויזיע. ברוסט באַמערקנדיק ווי מען קאָנטראָלירט אַרבעטער, וואָס שטייען פאַר אים, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צוריקציען פון טויער און פאַרניכ־טעט די בריוו. ווערקשוצן האָבן דאָס באַמערקט און אים געוואָלט פאַרהאַלטן. ער האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן. די ווערקשוצן האָבן אָנגעהויבן נאָכשיסן, און ברוסט איז געפאַלן אַ שווער פאַרווונדעטער. די בריוו זענען דאַן שוין געווען צעריסן אויף קליינע שטיקעלעך און צעזייט מיטן ווינט. עטלעכע שטיקלעך פון די בריוו, וואָס זענען ביי אים נאָך געבליבן בעתן פאַלן האָט ער אַראָפּגעשלינ־גען. דאָס געלט אָבער האָט מען ביי אים געפונען און צוגענומען. דער יידי־שער פאַרבינדלער „יאַצעק" איז וועגן דעם תיכף געווויער געוואָרן און האָט אַרויסגעשיקט פון זיינע רעזערוון אַ סומע געלט, כדי אָפּצוראַטעווען ברוסטן. די ווונד איז אָבער געווען אַזאַ געפערלעכע, אַז קיין שום דאָקטאָר האָט אים נישט געקאָנט אָפּראַטעווען. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז יאַן ברוסט געשטאָרבן. ער איז אומגעקומען אויפן פּאָסטן, טראָגנדיק הילף די יידן. נאָך דעם דאָזיקן טראַגישן פאַל איז דער קאָנטאַקט איבערגעטראָגן געוואָרן אויף די „פעלצערע". דער פאַרבינדונג־מאַן איז דאָ געווען דער פוילישער מייסטער מענדזשעץ און זיין טאָכטער, וועלכע זענען נאָך פון פריער געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דעם שניידער־אַרבעטער יאַנקל גוטמאַן.

די הילף־טעטיקייט האָט זיך דערווייל געהאַלטן אין איין או'סברייטערן. כדי פון דער הילף זאָלן קאָנען גיניסן אויך אַזעלכע, וועלכע מען האָט נישט געקאָנט אַריינציען אין קאָנספּיראַטיווער אַרבעט, פלעגן די אייגענע זיכערע גרופּן־פירער, „קאַפּאָס", וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, באַקומען געוויסע סומעס געלט אויף איינצוקויפן ברויט און פאַר־טיילן צווישן זייערע גרופּעס אַרבעטער און אויף איינצושאַפן ספּעציעלע מיטאָגן פאַר די קראַנקע אַרבעטער פון זייערע גרופּן. געווען אויך אַזעלכע טוער, וואָס האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע סומעס געלט און זיי פלעגן דאָס, אונטער דער פאָרם פון אויסבאָרגן מענטשן אויף אָפּצונעמען נאָכן קריג, פאַרטיילן צווישן אַזעלכע נויט־ליידנדיקע, וועלכע האָבן נישט געדאַרפט וויסן, פונוואַנען דאָס געלט שטאַמט. נאָכדעם ווי עס זענען אָנגעקומען די יידן פון לאָדזשער געטאָ און שפּעטער פון סקאַרזשיסק, האָט די הילף־אַרבעט געמוזט ווערן אינ־

טענסיווער, הגם די מיטלען זענען געווען געגוג באַגרענעצט. מיט דער הילף־אַרבעט צווישן די אסורים פון סקאַרזשיסקער לאַגער האָבן זיך פאַרנומען עט־לעכע מאַן מיטן אינזשיניער אפרת בראש, וועלכע זענען געווען באַפולמעכטיקט פון וואַרשע נאָך אין די סקאַרזשיסקער לאַגערן. מיט דער הילף אַרבעט אין לאַגער „האַסאַג וואַרטאַ" האָט זיך פאַרנומען דער דאָקטאָר טרייוויטש (שטאַמט פון ביאַליסטאָק, אָנגעקומען מיט די יידן פון סקאַרזשיסקער לאַגער) און די קראַנקנשוועסטער פּאָליאַ קאָזשאָל, וועלכע איז פריער געווען אויף „ראַקוווו", דאָרט מיטגעאַרבעט מיטן דאָקטאָר גלאַטטער און מיט ווערניקן און ווילטשינסקין און שפּעטער איז זי איבערגעשיקט געוואָרן אויף „וואַרטאַ", ווו זי האָט ווייטער געאַרבעט אַלס קראַנקנשוועסטער אין דאָרטיקן לאַגער־שפּיטאָל, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט ד"ר טרייוויטש. צוליב דעם רעזשים, וואָס האָט געהערשט אין „וואַרטאַ"־לאַגער און צוליב דער מורא פאַר דעם דאָרטיקן יידישן לאַגער־פירער און יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געהערשט „ביד חזקה, ווי די דייטשן האָבן געבאָטן", ווי אויך צוליב די באַשרענקטע מיטלען, וואָס זיי האָבן געקאָנט באַקומען איבערגעשיקט פון „פעלצערע", איז זייער טעטיקייט געווען שטאַרק באַגרענעצט, הגם דאָרט איז דער מצב געווען ערגער ווי אין די רעשט לאַגערן. וועגן שאַפן דאָרט אַ קאַמף־גרופּע האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דער רעזשים אין „וואַרטע"־לאַגער איז געווען זייער אַ שווערער, ווייל דאָרט האָט דער לאַגער־פירער פון סקאַרזשיסק, באַרטענשלאָגער צוממערסטן געוויזן, וואָס ער קאָן אויפטון איבער די שוצלאָזע יידישע אַסורים. אויך אין „פעלצערע" איז דער רעזשים, וואָס ווייטער אַלץ שטרענגער. די קאַמף אָנפירונג אין די לאַגערן פון „ראַקוווו" און „פעלצערע" האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ געגויעם דין וחשבון פון דער סיטואַציע און זענען צוגעטרעטן אינטענסיווער צום אָרגאַניזירן די קאַמף־פינפטלעך און צוגרייטן פּלענער פון ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַן „אַקציע". די אָנפירונג פון די קאַמף־גרופּן אין „פעלצערע" האָט אויסגעאַרבעט דריי פּלענער: צוגרייטן מכשירים, מיט וועלכע די „פינפטלעך" זאָלן זיך באַנוצן ביים אַרויסטרעטן אין קאַמף, אויפרייסן די פאַבריק דורך אונטערצינדן דעם דינאַמיט־מאַגאַזין און אָרגאַניזירן אַ צאָלרייכע גרופּע, ווו עס וועלן זיך געפונען אַזעלכע דעצידירטע קעמפער, וואָס וועלן זיין גרייט מקריב צו זיין דאָס אייגענע לעבן, אָנפאַלן אין דעצידירטן מאָמענט אויף דער וואַכע פון די ווערק־שוצן, אַנטוואָפענען זיי, באַהערשן די פאַבריק אויף אַ געוויסער צייט, כדי אַ גרעסערע צאָל מענטשן זאָל קאָנען אַנטלויפן. דאָס אַחריות פאַרן אויסאַרבעטן ספּעציעלע שערן און צוועגלעך מיט איזאָלאַציע־הענטלעך, וועלכע וועלן קאָנען דינען איבערצוהאַקן די דראָט־פאַר־

צוימונגען אַפּילו דאָרט, ווו זיי וועלן זיין אָנגעפּילט מיט עלעקטרישן שטראָם, איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמוניסט אַדאַש שטיינבערעכער. די רעשט מיטגלידער פון דער אָנפירונג האָבן צווישן זיך איינגעטיילט די באַראַקן, ווו יעדער דאַרף אָרגאַניזירן און קערעווען מיט די „פינפטלעך“.

די חברים אין וואַרשע האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו באַזאָרגן געווער און געפאָדערט מען זאָל זיי אָנגעבן דעם אופן, וויאַזוי דאָס געווער צו באַזאָרגן אין די לאַגערן אַריין. די רעוויזיעס ביי די פּוילישע אַרבעטער אין די פאַבריקן זענען אָבער וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ אָפטערע און שטרענגערע. אין „פעלצערע“ איז דעריבער געווען אוממעגלעך צו געפונען צווישן די פּוילי־שע אַרבעטער אַזעלכע, וואָס זאָלן וועלן און קאָנען זיך אונטערנעמען אַזאַ גע־פערלעכן שמוגל. „יאַצעק“, וואָס האָט זיך שטאַרק געריסן צו אַ באַוואָפנטן אַרויסטריט, האָט מיטגעטיילט, אַז אין לאַגער פון „אייזנהוטע“ האָט זיך יאָ געפונען אַזאַ בעלן, וועלכער האָט אויך אויסגעפונען אַ פּוילישן אָפיציר, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן געווער. אין אַ געוויסע צייט אַרום האָט „יאַצעק“ מיטגעטיילט, אַז דער זעלבער האָט געמאָלדן דאָס ער איז אַן אָפיציר פון דער אַ.ק. און ער וועט פאַר יידן גאָרנישט טון.

* * *

פון אָפענעם קאַמף מיט געווער אין האַנט האָט מען געמוזט רעזיגנירן. די אונטערערדישע קעמערלעך האָבן ווייטער געפירט זייער אַרבעט: עס זענען פאָרגעקומען צוזאַמענטרעפן, עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן געמיינזאַמע שמו־עסן אין די גערענק־טעג פון די „אַקציעס“ אין טשענסטאָכאָווער גרויסן און קליינעם געטאָ און פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. די פּרעסע, וואָס פלעג ווערן אַריינגעשמוגלט, איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און מען האָט זיך אויך באַמיט פון צייט צו צייט צו באַקומען ראַדיאָ־ידיעות. די ראַדיאָ־ידיעות האָט מען באַקומען דורך אַרבעטער און אַרבעטערינס, וועלכע פלעגן גענומען ווערן דורך דייטשע מייסטער אויף דער „קאָלאָניע“ צום אויפרוימען זייערע וווינונגען. זיי האָבן זיך פון צייט צו צייט באַמיט אויפצוכאַפּן דאָרט עפּעס דורכן ראַדיאָ. אויסער דעם האָט פּופּעק ראָזנצווייג באַקומען אויף אַ גע־וויסן אופן ראַדיאָ־ידיעות אין וואַרשטאַט, ווו ער האָט געאַרבעט. מיט וואַרשע איז מען געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט. אין נויטיקע פאַלן האָט מען נישט געוואַרט אויף די קוריערן פון וואַרשע, נאָר מען האָט דורך יאַנקל גוטמאַן אי־בערגעגעבן בריוו צום פאַרבינדונג־מאַן, מענדזשעק, ביי וועלכן די וואַרשעווער קוריערין פלעג זיך אויפהאַלטן, און יענער פלעג עס מיט זיין טאָכטער, אָדער פרוי איבערשיקן קיין וואַרשע צו מאַריאַ באָרקאָווסקאַ אייף קראַכמאַלנאַ 83.

* * *

אין אַ געוויסן טאָג באַפאַלן ווערשוצן די באַראַקן אין לאַגער „האַסאַג-פעלצערע" און קאָנפיסקירן אַלע אָנגעזאַמלטע מכשירים און אויך די מכשירים פון אַלע בעלי־מלאכות, וואָס פלעגן אויסאַרבעטן פאַרשידענע זאַכן צום פאַר-קויפן. עס זענען נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן די סיבות פון אַזעלכע רעווי-זיעס, וואָס האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. אַלע מכשירים זענען אָבער צוגענומען געוואָרן און עס איז אויך אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז אויפן באַראַקן-פלאַץ און אין די באַראַקן גופא טאָרן זיך נישט געפונען קיין שום מכשירים, אַפילו אַזעלכע, וואָס זענען נויטיק צום רוימען דאָרטן.

* * *

דעם 4־טן נאָוועמבער 1944 איז בעת אַ רעוויזיע צווישן די פוילישע אַרבעטער ביים ארויסגיין פון פאַבריק „פעלצערע" אַרעסטירט געוואָרן עוגע-ניוש נאַביאַלעק, ביי וועלכן מען האָט געפונען בריוו, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן דורך נאַטקאַ ווערניק צו „יאַצעקן" אויף „ראקווו". אין שייכות מיט דעם איז אויך אַרעסטירט געוואָרן דער צווייטער פאַרבינדונג־מאַן, וויצעק נאַביאַלעק. די בריוו, וואָס מען האָט געפונען ביי עאוגעניושן האָבן ארויפגע-פירט אויף די שפורן פון נאַטקען מיט יאַצעקן, וועלכע זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן.ביידע נאַביאַלקעס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין גראָס־ראָזען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווו וויצעק איז אומגעקומען. אויך יאַצעק מיט נאַטקען זענען פאַרשיקט געוואָרן. (עוגעניוש נאַביאַלעק, יאַצעק און נאַטקע זענען גע-בליבן לעבן. אַלע 3 זענען אָפגעראַטעוועט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי).

* * *

אין די לעצטע חדשים פאַר דער באַפרייונג האָט זיך די קאַמף־שטימונג ביי די אסורים אין די לאַגערן געענדערט. דאָס ברענגען די יידן פון די סקאַרזשיסקער און פלאַשאווער לאַגערן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָס, וואָס עס איז דורך די דייטשן אינספּירירט געוואָרן, אַז יידן זאָלן אין די לאַגערן איינ-אָרדנען פאַרשידענע מעטשן, האָט געבראַכט דערצו, אַז אַסך האָבן פאַרגעסן אין די ביז איצטיקע טרויעריקע דערפאַרונגען און האָבן דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ סימן, אַז מען וועט שוין מער קיין יידן נישט אומברענגען. וועגן די שטימונגען צווישן די אסורים און וועגן די געענדערטע באַציונגען אין לאַגער, האָבן מיר מיטגעטיילט צו די חברים אין וואַרשע. די ענטפערס פון די צענ-טראַלע פאַרטיי-אינסטאַנצן זענען געווען, אַז מען זאָל זיך נישט שאַפן קיין אילוזיעס, ווייל די פּאָליטיק פון די דייטשע פאַשיסטן לגבי די יידן האָט זיך בכלל נישט געענדערט און אויב עס זענען נישטאָ קיין אויסזיכטן ארויסצוטרעטן אין אָפענעם קאַמף, זאָלן די אַקטיוויסטן אַנטלויפן פון די לאַגערן. צוליב דער

געפאַר פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אַקטיוויסטן זאָלן נישט אַנטלויפן און מען האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט נישט זיין קיין שום מעגלעכקייטן אַרויסצוטרעטן אין אָפענעם קאַמף.

אין אויגוסט 1944 איז דער קאָנטאַקט מיט וואַרשע איבערגעריסן געוואָרן צוליבן וואַרשעווער אויפשטאַנד. אין אַ געוויסע צייט אַרום אָבער זענען ווידער געשיקט געוואָרן שליחים קיין טשענסטאָכאָוו און קיין קאָניעצפאָל. די שטענ־דיקע קוריערין פון וואַרשע האָט זיך צוריק פאַרבונדן מיט דער טאָכטער פון מענדזשעץ, און כּסדר זיך נאָכגעפרעגט וועגן „געזונט״ פון אירע קרובים.

דער פאַרבינדונג־מאַן מיט די נייע שליחים פון וואַרשע איז געוואָרן בצלאל אַלטמאַן, וועלכן מען האָט אַלע אינדערפרי אַרויסגעפירט פון לאַגער, כדי ער זאָל אויסערן לאַגער, אַלס גוטער בעקער, באַקן ברויט פאַר די דייטשן. די בעקעריי, ווו אַלטמאַן פלעג באַקן דאָס ברויט, איז געוואָרן דער טרעף־פונקט פון אים מיט די שליחים פון דער וואַרשעווער אונטערערד.

* * *

אין דער ריכטיקייט פון די וואָרענונגען פון די חברים אין וואַרשע, אַז די דייטשע פּאָליטיק לגבי די יידן האָט זיך נישט געענדערט, האָבן מיר זיך איבערצייגט אין דעצעמבער חודש 1944. עס זענען אָנגעקומען עס־עס־לייט, וועלכע האָבן איבערגענומען די גאַנצע אָנפירונג מיט די יידן־לאַגערן. דער רעזשים איז געוואָרן אַסך ערגער אפילו פון דאַן, ווען באַרטענשלאגער האָט געהערשט. עס איז געוואָרן אוממעגלעך זיך צו באַוועגן הן אויפן פאַבריק פּלאַץ, הן אויפן באַראַקן־פּלאַץ. בלויז גאַנצע אַרבעטער־גרופן האָבן געקענט נאָכן אַפּעל אַרויסמאַרשירן אין געשלאָסענע רייען פון באַראַקן־פּלאַץ צו דער אַרבעט און אַריינמאַרשירן פון דער אַרבעט. עס איז אויך געוואָרן אוממעגלעך צו פירן ווייטער די קיכן פאַר קראַנקע און קינדער, וואָס האָבן געמוזט אויסמיידן, אַז די עס־עס־לייט זאָלן זיי נאָר באַמערקן. צו הילף האָבן די עס־עס לייט געהאַט אַ געוויסן גאָלדשטיין, וועלכן זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פון פּלאַשאַווער לאַגער. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט זיי אַלץ צוגעטראָגן און געשלאָגן די אסורים נישט שוואַכער ווי די עס־עס־לייט אַליין. די הילף־טעטיקייט פון דרויסן איז דעריבער אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. אויפן אָרט איז זי דאָך געפירט געוואָרן מיט די לעצטע רעזערוון, אָבער אין אַ באַגרענעצטער מאָס ביז דעם 15־טן יאַנואַר 1945, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו די טויערן פון טשענסטאָכאָוו, און די פריערדיקע אסורים זענען געוואָרן די באַלעבאַטים פון זייער אייגן לעבן און פרייהייט.

* * *

אין משך פון דעק צייט, וואָס מיר האָבן געפירט אונדזער טעטיקייט אין די לאַגערן זענען אויך די 28 קעמפער, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די קאָניעצפּאָליער וועלדער, נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן געמאַכט איבערפאַלן אויף דייטשן און דייטשע משרתים, כדי איינצושאַפן פאַר זיך געווער און שפּייז. יעדער איבערפאַל זייערער איז געווען גוט אָרגאַניזירט און איז געלונגען. זיי האָבן אָבער געהאַלטן, אַז אויף אייגענער האַנט וועלן זיי קיין גרעסערע אַקציעס קעגן דייטשן נישט קענען דורכפירן און געזוכט וועגן און מעגלעכקייטן אָנצוקניפן קאָנטאַקטן מיט פּוילישע פּאַרטיזאַנער-גרופּן און זיך אין זיי אָנשליסן.

אָבער אין דער קאָניעצפּאָליער געגנט האָבן גראַסירט אַנטיסעמיטישע א.ק.-באַנדעס אונטערן נאָמען „אָזשעל". די יידישע קעמפער אין קאָניעצפּאָל, נישט וויסנדיק וועגן כאַראַקטער פון די דאָזיקע באַנדעס, האָבן אָנגעהויבן פירן מיט זיי אונטערהאַנדלונגען וועגן געמיינזאַמע ארויסטריטן קעגן די דייטשן. עס איז געווען אָפּגעשמועסט געוואָרן דאָס אָרט און טערמין פון ערשטן צוזאַמענטרעף. צום באַשטימטן טערמין און אויפן באַשטימטן אָרט האָבן עטלעכע יידישע פּאַרטיזאַנער, מיט קובאַ ריפּשטיין בראָש, אָפּגעוואַרט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער-דעלעגאַציע. עס זענען אָנגעקומען צען פּאַרטיזאַנער מיט רעוואָלווערן און אויטאָמאַטן. קובאַ מיט זיינע חברים, נישט חושד זייענדיק די פּוילישע פּאַרטיזאַנער אין קיין שלעכטס, זענען מיט פרייד און ערנסט זיי געגאַנגען אַנטקעגן, נישט אַרויסציענדיק אַפילו די רעוואָלווערן פון די טאַשן. ווי נאָר זיי זענען שוין געשטאַנען פּנים-אל פּנים, האָבן די „אָזשעל"-לייט געעפנט אַ שיסעריי אויף דער יידישער גרופּע. בלויז איינעם פון די יידישע פּאַרטיזאַנער האָט זיך שוין אַ פאַרוונדעטן איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון טויט. אַלע איבעריקע זענען אומגעקומען אויפן אָרט.

נאָך דעם דאָזיקן פאַל זענען די יידישע קעמפער אין קאָניעצפּאָל געוואָרן פאָרזיכטיקער. זיי האָבן זיך דעריבער איינגעאָרדנט אין בונקערס ביי זיכערע פּאָליאַקן און פלעגן אַרויסגיין פון דאָרטן בלויז ביי נאַכט, כדי אויף אייגענער האַנט דורכצופירן איבערפאַלן אויף באַשטימטע פּונקטן, ווו עס האָבן זיך געפונען דייטשן. אויך אין די בונקערס האָבן די קליינע גרופּן יידישע קעמפער נישט געהאַט קיין מנוחה פון די רעאַקציאָנערע, אַנטיסעמיטישע א.ק.-באַנדעס. די "אָזשעלאָווצעס" האָבן ארומגעזוכט די בונקערס פון די רעשט יידישע פּאַרטיזאַנער. אַ גרויסע גרופּע פון זיי איז אין אַ געוויסער צייט אַרום באַפאַלן דעם בונקער, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען: יהודה גליקשטיין, בעלא זבאַראַווסקא און בעלא בראַם. אַלע דריי האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצו-

22.Juli 1941

An
den J u d e n r a t ,

– Gž. – Tschenstochau.

Betr.: Ihr Schreiben vom 5.Juli 194[illegible] – 3772/41 –

Das Gesuch, jüdischen Schauspielern, Musikern, Sängern usw. eine Betätigung in Konzerten, Vorstellungen usw. zu geben, wird abgelehnt. Diese Leute sollen sich um irgend eine andere Beschäftigung [illegible]. In ihrem bisherigen Beruf kommt eine Betätigung nicht [illegible] in Frage.



גירוש אַמסטעוו (Mstów) 25-טער סעפּטעמבער 1942

באַקומען פון די מערדערישע הענט און פאַרשוווּנדן אין וואַלד. די „אָזשעלאָוו־צעס" האָבן איינגעאָרדנט אויף זיי אַ געיעג. צו הילף זענען זיי געקומען גראַ־נאַט־פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געדינט אין קאָניעצפּאָל. די דריי יידישע קעמ־פער זענען אַרומגערינגלט געוואָרן אויף אַן ענגן וואַלד־שטח, ווו זיי זענען גע־נומען געוואָרן אונטערן פייער פון אויטאָמאַטן, מיט וועלכע די גראַנאַט־פּאָלי־ציאַנטן האָבן זיך באַנוצט, און אומגעקומען.

אין דער קאָניעצפּאָליער געגנט האָט זיך אויך געפונען אַ פּוילישע לינקע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון „האניס", אין דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנער־גרופּע זענען אַריינגעטרעטן אייניקע „זשאָבאָווצעס", וועלכע זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן אויף אַ ברידערלעכן און חברישן אופן. דאָ ערשט האָבן די „זשאָ־באָווצעס" געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוווייזן זייער טעטיקייט און קרבנות־גרייטקייט. באַזונדערס האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט, לייזער שידלאָווסקי. לייזער האָט געשטאַמט פון אמסטווו. דעם 25־טן סעפּטעמבער 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש פון די יידן אין אמסטווו, האָבן זיך די פאַמיליע־מיטגלידער זיינע אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער, ווו — ווי לייזער האָט שפּע־טער איבערגעגעבן — זיי זענען, צוליב רויב־צוועקן, דערמאָרדעט געוואָרן. לייזער האָט זיך פון דעמלט אָן אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק פון זעלבסטמאָרד. דער דאָזיקער געפיל איז אים פון פאַרשווונדן מיטן מאָמענט, ווען ער איז שטאַרקער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון „זשאָב" אין קליינעם געטאָ. זיין אויסערלעכער אויסזען האָט אים דערמעגלעכט, ער זאָל זיך פרייער ווי אַנדערע קענען באַוועגן אַלס „אַריער" און אויספירן די געפערלעכסטע שליחותן פון דער אָרגאַניזאַציע. ער איז שוין געווען אַזוי איינגעאיבט אין זיין „פאַך" פון אויספירן די אויפגאַבן, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, אַז אַפילו דעמלט, ווען ער איז ביים „ווילאָט" (געטאָ־טויער) פאַרהאַלטן געוואָרן אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט געהאַט ביי זיך געווער, האָט ער זיך אויך אויף אַ פלינקן אופן אַרויסגעדרייט, און דאָס געווער דאָך דורכגעשמוגלט און אַריינגעברענגט אין געטאָ. מיט זיין דרייסטקייט האָט ליי־זער באַוויזן אַסך העלדישקייט הן אין די רייען פון "זשאָב", הן אין די רייען פון „גוואַרדיאַ לודאָוואַ". אין קאַמף מיט די דייטשן, וואָס די „האניס"־גרופּע האָט געפירט אין דער געגנט פון דאָרף „שוויענטאַ אַננאַ" (נאָענט פון קאָניעצ־פּאָל) האָט לייזער שוין אַ פאַרוווּנדעטער זיך אויך שטאַרק אויסגעצייכנט. ער איז געפאַלן אין יאָר 1944.

דער זיכערסטער בונקער ביי קאָניעצפּאָל, ווו די קעמפער האָבן זיך אויפגעהאַלטן איז געווען אין דאָרף מיכאַלוווּ. דאָרט זענען זיי געווען אין

הויז פון דער פויערישער פאַמיליע פינדעליאַק. ווי די פרוי צעלינאַ פינדעליאַק האָט איבערגעגעבן, זענען בײַ זיי געווען 15 „זשאָבאָווצעס“ אונטער דער אָנפירונג פון באָליעק געווערצמאַן. די זעלבע פרוי האָט איבערגעגעבן, אַז פון די 15 מאַן זענען לעבנגעבליבן בלויז 8. סוף יאַנואַר 1945 זענען אייניקע פון זיי אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און זייער פאָרשטייער געווערצמאַן האָט זיך אָנגעהויבן באַטייליקן אינעם אויפבוי פונעם באַנייטן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו.

## די לעצטע טעג אין די טשענסטאָכאָווער „האַסאַג“-לאַגערן

דעם 14-טן דעצעמבער 1944 זענען די לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו איבערגענומען געוואָרן דורך עס-עס-לייט. דער רעזשים אין די לאַגערן איז ווי געזאָגט געוואָרן אַ סך שטרענגער. דער גענעראַל פון עס-עס און פאָליציי-פירער אין ראַדאָמער דיסטריקט, בעטכער, האָט אויך אָפטער אָנגעהויבן באַזוכן די לאַגערן. צו די אַפּעלן האָט מען געמוזט אַרויסגיין נאָר באַראַקנווייז. ד.ה., אַז צום אַפּעל האָבן זיך אַלע איינוווינער פון יעדן באַראַק געמוזט אויסשטעלן פאַר זייער באַראַק און וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז אַלע זענען נישט איבערגעציילט געוואָרן. נאָכדעם ערשט האָט מען געדאַרפט אין געשלאָסענע רייען אַרויסמאַרשירן פון לאַגער אויפן פאַבריק-פּלאַץ צו דער אַרבעט. ביים טויער פון לאַגער איז צווישן די עס-עס-לייט געשטאַנען דער יידישער לאַגער-פירער גאָלדשטיין און אָפּגענומען ראַפּאָרטן. יעדער „קאַפּאָ“ האָט געמוזט גיין אין שפּיץ פון זיין גרופּע אַרבעטער און פאַר גאָלדשטיינען אויסרופן: „קאַפּאָ דער און דער (דאָ האָט ער געדאַרפט אויסרופן ווי ער הייסט), העפטלינגען אַזויפיל און אַזויפיל“. די מענער האָבן געמוזט בעתן אַדורכמאַרשירן פאַר גאָלדשטיינען ציען די היטלען. די, וואָס האָבן זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט מיטן אויסרופן זייערע נעמען, אָדער די צאָל העפטלינגען, ווי אויך די, וואָס האָבן שטיל און נישט גענוג דייטלעך אויסגערופן, פלעגן פון גאָלדשטיינען באַקומען אַזוי „געדעקט“, אַז אַפילו די עס-עס-לייט האָבן געהאַלטן, אַז ער מאַכט עס נישט ערגער פון זיי. די מלבושים פון די אַסורים זענען דערווייל אויפסניי באַצייכנט געוואָרן מיט רויטע פּאַסן פון אַ ספּעציעלער צוגעגרייטער פאַרב און עס זענען שוין אַראָפּגעבראַנגט געוואָרן ספּעציעלע לאַגער-מלבושים (פּאַסיאַקעס). אויך דאָס עסן איז געוואָרן קאַרגער און די צייט פון עסן, וואָס איז פריער אויך געווען גענוג באַגרענעצט, איז אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן. די „קאַפּאָס“ האָבן דאָס עסן צווישן זייערע

אַרבעטער געמוזט פאַרטיילן אין די פאַבריק־האַלעס, און יענע האָבן זיך אויך דעמלט נישט געטאָרט אַוועקרירן פון די מאַשינען. ביים באַקומען דאָס עסן און בעתן עסן האָבן די אַרבעטער אַלץ געמוזט אויפפאַסן אויפן גאַנג פון די מאַ־שינען. דער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז אינגאַנצן איבערגע־ריסן געוואָרן און דער קאָנטאַקט צווישן די לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו גופא איז אויך ווי איבערגעריסן געוואָרן. די שטימונג ביי די אַסורים איז געווען זייער אָנגעשטרענגט. מען האָט דאָך געזוכט אופנים עפעס געוווּיער צו ווערן. פון צייט צו צייט האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען פון פוילישע אַרבעטער דייטשע צייטונגען, וואָס זיי האָבן אַדורכגעשמוגלט, נישט געקוקט אויף די גאָר שטרענגע רעוויזיעס בעת זייער אַריבערטרעטן דאָס טויער פון פאַבריק. די קאַרגע ידיעות, וואָס די דייטשע צייטונגען האָבן דאָך אָפּגעגעבן וועגן די נצ־חונות פון דער רויטער אַרמיי, האָבן דערמוטיקט און געשאַפן דעם גלויבן, אַז גאָר בקרוב וועט קומען די אַזוי אויסגעבענקטע פרייהייט.

מאָנטיק דעם 15־טן יאַנואַר 1945, 10 אַזייגער פרי. אויף דעם באַראַקן־פלאַץ פון לאַגער „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" קומען עס־עס־לייט און הויבן אָן פייפן. גאָלדשטיין קומט גלייך צולויפן און שטעלט זיך אויף אַכטונג. ער באַקומט אַ באַפעל אויפצוּוועקן אַלע מענער פון דער נאַכט־שיכט און זיי פאַרזאַמלען אויפן פלאַץ נעבן שפּיטאָל. זייער באַפעל ווערט אויסגעפירט. די מענער פון דער נאַכט־שיכט ווערן געיאָגט צום באַשטימטן פלאַץ. ווער עס פאַרשפעטיקט זיך, באַקומט די געהעריקע „לעקציע" פון גאָלדשטיינען. אַלע פאַרזאַמלטע שטייען אויף אַכטונג און וואַרטן אין אויסערגעוויינלעכער אָנשטרענגונג אויף דעם, וואָס וועט געשען. עס־עס און ווערקשוצן שטייען אין פולער באַוואָפנונג הן אויפן באַראַקן־פלאַץ, הן אַרום די דראָטן פון דרויסן. עס קומט אָן דער פאַבריק־דירעקטאָר ליהט און האַלט אַ רעדע פאַר די צונויפגעטריבענע יידן, אַז זיי מוזן איבערגעשיקט ווערן אין אַן אַנדערן לאַגער קיין דייטשלאַנד, ווייל די דייטשן ווילן די יידישע העפטלינגען פאַרהיטן פון דער באָלשעוויסטישער „סכנה", וואָס דערנענטערט זיך צו טשענסטאָכאָוו... ליהט באַטאָנט גלייכצייטיק, אַז אין די ערטער, וווּהין זיי וועלן אָנקומען, וועלן די העפטלינגען פרייער אויסגעבאָדן ווערן, נאָכדעם וועלן זיי באַקומען אַנדערע מלבושים און איבער־געפירט ווערן אויף אַרבעט אין אַזעלכע ערטער, ווו עס וועט זיי שוין קיין שום „בייז" נישט געשען. ער וואָרנט דעריבער, אַז אַלע דאַרפן זיין געהאָרכזאַם און גערן זיך גרייטן אין וועג אַריין. נאָך דער דאָזיקער רעדע פון דירעקטאָר זענען אַלע אָפּגעשיקט געוואָרן אין די באַראַקן זיי זאָלן זיך צוגרייטן טלומעק־לעך אין וועג אַריין. די באַראַקן זענען תיכף באַשטעלט געוואָרן מיט באַ־

וואָפנטע ווערקשוצן און זעלטן ווער עס האָט זיך געקאָנט אַרויסבאַקומען פון דער דאָזיקער אַרומרינגלונג. דעם זעלבן טאָג נאָך זענען אונטערגעשטעלט גע־וואָרן וואַגאָנען אויפן פאַבריק־פּלאַץ און אַלע פאַרהאַלטענע זענען, אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג, אַוועקגעפירט געוואָרן.

נייע טראַגעדיעס און נייער געיאָמער פון די געבליבענע. מענער, פרויען, ברידער און שוועסטער פון די אַוועקגעפירטע, מעלדן זיך פרייוויליק, כּדי זיי זאָלן נישט אָפּגעריסן ווערן פון זייערע איינציקע נאָך לעבנגעבליבענע קרובים און בעטן מען זאָל אויך זיי מיטשיקן מיט זייערע נאָענטע. אויף מאָרגן פרי ווערט פון זעלבן לאַגער אַוועקגעשיקט אויך אַ טראַנספּאָרט פרויען. אין דער זעלבער צייט ווערן אַוועקגעפירט אַלע אַסורים פון די לאַגערן „האַסאַג־אייזנ־הוטע" און „האַסאַג־טשענסטאָכאָוויאַנאַ".

צווישן די פאַרבליבענע יידן אין די לאַגערן פון „האַסאַג־אַפּאַראַטנבוי" און „האַסאַג־וואַרטאַ", וועלכע ריכטן זיך אויף אַרויסגעשיקט צו ווערן, פאַר־שפרייט זיך אַ קלאַנג, אַז די דייטשן זענען שוין אַנטלאָפן פון קעלץ און אַז די באַפרייונג־אַרמיי געפינט זיך שוין אויך אין די שטעטלעך: וולאשטשאווא און קאָניעצפּאָל. יידן ווילן שוין נישט בלייבן אין די באַראַקן און זוכן באַהעלטע־נישן אויפן פאַבריק־פּלאַץ, ווייל מען וויל אויסמיידן דעם גורל אַרויסגעשיקט צו ווערן. פּלוצלינג ווערט די ערד אויפגעציטערט פון באָמבאַרדירונג. די דייי־טשע מייסטערס ווערן אומרויק. די באָמבאַרדירונג פאַרשטאַרקט זיך פון מינוט צו מינוט און מען זעט שוין פון ווייטן פלאַמען און זיילן רויך. די אומרויקייט ביי די דייטשן ווערט שטאַרקער. אויך די יידן זענען אומרויק. מען זאָגט אַרויס די מיינונג, אַז די דייטשן וועלן די אַמוניציע־פאַבריקן אויפרייסן און מיר וועלן אומקומען אונטער די חורבות. איין טייל יידן זאַמלט זיך אין די באַראַקן, כּדי נישט אומצוקומען אונטער די חורבות פון די פאַבריקן, און אַנדערע באַהאַלטן זיך אויס דווקא אין די פאַבריק־זאַלן, כּדי אומצוקומען אַפילו אויפן אָרט, אַבי נישט אַוועקגעשלעפט ווערן דורך די דייטשן. עס פאַלט צו די נאַכט. די באָמ־באַרדירונג פאַרשטאַרקט זיך. די יידן, וואָס געפינען זיך אין די באַראַקן פון לאַ־גער „האַסאַג־פעלצערע" (אַפּאַראַטנבוי) ווערן אַרומגערינגלט פון ווערקשוצן אונטער דער אָנפירונג פון ווערקשוץ־לייטער הערמאַן און ווערן אויפגעפאָדערט מיטצו־גיין מיט זיי. בלויז אַן ערך פיר הונדערט מאַן האָבן זיך געלאָזט טעראָריזירן דורך די ווערקשוצן און זענען טאַקע אַוועקגעפירט געוואָרן. די רעשט יידן פון די באַראַקן האָבן זיך אַרויסגעריסן אויף דעם פאַבריק־פּלאַץ און ווערן דאָרט די באַלעבאַטים. די דייטשן ציען זיך אין איילעניש איצט אַרויס פון פאַבריק. די יידן רייסן זיך אַריין אויף דער „קאָלאָניע", באַוואָפנען זיך, עפענען אַלע

מאַגאַזינען און ווערן אויך דאָ די באַלעבאַטים. מען זוכט דייטשן, מען זוכט ווערקשוצן, עס קאָכט דאָס געפיל פון נקמה. אויך די יידן אין דעם לאַגער „האַסאַג-וואַרטאַ" האָבן זיך נישט געלאָזט אָוועקפירן, צוהערנדיק זיך צום רוף פון די דאָרטיקע טוער מיטן דאָקטאָר טרייוויטש בראש.

דעם 17-טן יאַנואַר 1945 פאַרטאָג זענען אויפן פלאַץ פון דער „קאָלאָניע" אין די „פעלצערע" אויך אָנגעקומען די יידן פון דער „וואַרטאַ". מען האַלדזט זיך, מען קושט זיך און מען וויינט. מען וויינט פון צער, מען וויינט פון פרייד. עס מערקט זיך, אַז די צעטומלטקייט, דאָס געפיל פון צער און פון ווילדקייט איז פיל שטאַרקער פון דער פרייד, וואָס מען איז געבליבן לעבן.

פון די 11.000 יידן, וואָס האָבן זיך אין די לעצטע חדשים געפינען אין די טשענסטאָכאָווער לאַגערן, זענען געבליבן אַן ערך 5.200. די רעשט איז שוין אין די לעצטע טעג פאַר דער באַפרייונג פאַרשלעפט געוואָרן אין די לאַגערן פון בוכענוואַלד און גראָס-ראָזען, ווו דער גרעסטער רוב פון זיי איז אומגעקומען.

דעם 17-טן יאַנואַר 1945 איז די סאָוויעטישע באַפרייונג-אַרמיי שוין געווען אין טשענסטאָכאָוו. 5.200 מאַן האָבן דאַן געעפנט די טויערן פון די קאָנצענ-טראַציע-לאַגערן און אַרויס אויף דער פריי. פינף טויזנט צוויי הונדערט שקלאַפן מיט טויט-אורטיילן, וואָס זענען געהאָנגען איבער זייערע קעפּ אין משך פון העכער פינף יאָר, האָבן צוריק זייער לעבן און פרייהייט געוווּנען.

פון די 5.200 יידן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, זע-נען 1.518 געווען טשענסטאָכאָווער איינוווינער נאָך פון פאַר דעם מלחמה-אויס-ברוך, פון וועלכע 1.240 זענען געווען געבוירענע אין טשענסטאָכאָוו. די יידן פון דער פרעמד האָבן ביסלעכווייז פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, אַרויספאָרנדיק אין זייערע געבורט-שטעט. דער רוב פון די טשענסטאָכאָווער איינוווינער איז גע-בליבן אין שטאָט און אָנגעהויבן בויען אויפסניי זייער לעבן אויף נייע יסודות אין דעם נייעם אויפקומענדיקן פרייעם פאָלקס-פוילן.

# הערות

די אונטן אָנגעגעבענע דאָקומענטן זענען סרוב בעת דער אָקופּאַציע דורכן מחבר געזאַמלט און אויסבאַהאַלטן געוואָרן. איצט געפינען זיי זיך שוין טיילווייז אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, טיילווייז אין פּריוואַטן אַרכיוו.

1. איבערגעגעבן זיינער צייט דורכן עד־ראיה חיים בירענהאָלץ.
2. אייגנהענטיקע שריפטלעכע ביטעס צום יודענראַט פון די פאַמיליעס באַ־רעמהערציק און פעלטע.
3. שריפטלעכער באַריכט פון פּאָליציי־באַטאַליאָן 72 פון 26־טן דעצעמבער 1939.
4. שריפטלעכער באַריכט פון שטאָט־הויפּטמאַן 17־טן דעצעמבער 1939
5. שריפטלעכער באַריכט פון געשטאַפּאָ פון 27־טן דעצעמבער 1939.
6. שריפטלעכער באַריכט פון שטאָט־הויפּטמאַן פון 26־טן דעצעמבער 1939.

7, 8, 9. שריפטלעכע באַריכטן פון געשטאַפּאָ און פּאָליציי־באַטאַליאָן 72.

10. איבערגעגעבן זיינער צייט פון די עדי־ראיה משה אַש און יעקב ראָזינע.
11. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד I.
12. איבערגעגעבן זיינער צייט דורך יעקב ראָזינע.
13. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד I, II און III.
14. „ „ „ „ „ I זייטל 12.

15. 16. „ „ „ „ „ I זייטל 11.

17. „ „ „ „ „ II זייטל 228־259.
18. „ „ „ „
19. „ „ „ „ „ I זייטל 68.

20, 21. „ „ „ „ „ II זייטל 250.

22. שריפטלעכע ווענדונג פון יודענראַט צום שטאָט־הויפּמאַן.
23. בריוו פון שטאָט־הויפּטמאַן צום יודענראַט
24. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד III זייטל 406־412.
25. באַריכט פון דער עווידענץ־אָפּטיילונג ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג נר. A־891/I/47.
26. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 163.
27. „ „ „ „ „ „ „ 163־165.
28. „ „ „ „ „ „ „ 167־168.
29. „ „ „ „ „ „ „ 135.
30. באַריכט פון שטאָט־הויפּטמאַן.
31. טאָג־באַריכט פון שטאָט־הויפּטמאַן פון 24־טן מערץ 1941 נר. 17/41.
32. בריוופון שטאָט־הויפּטמאַן צום ד״ר לאַש אין ראַדאָם פון 21 פעברואַר 1940.

33. נאָטיצן פון שטאָט-הויפּטמאַן (מאַשין-שריפט).

34. בריוו פון יודענראַט צו דער יידישער פּאָליציי פון 29-טן מערץ 1941 נר. 828/41.

35. 36. באַריכט פון שטאָט-הויפּטמאַן פון 8-טן מאַי 1941.

37. מעלדונג פון מייזנעראָוויטשן דעם פּוילישן לייטער פון דער יידישער פּאָליציי פון 8-טן אויגוסט 1941.

38. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II.

39. צוויי בריוו פון שטאָט-הויפּטמאַן צו דער מיליטערישער קאָמענדאַטור, פּאַרופנדיק זיך אויף אַ געשפּרעך מיטן גענעראַל זיבערט וועגן „געשלאָסענעם ווינבאַצירק" פאַר יידן פון 25-טן אַפּריל 1941.

40. באַפעל פון מיליטערישן קאָמענדאַנט אין טשענסטאָכאָוו וועגן „באַטרעטן דאָס געטאָ דורך ווערמאַכטגעהעריקע".

41. שריפטלעכע אויפפאָדערונג פון ד"ר גוטט אין ראַדאָם פון 2-טן מאַי 1941 צום שטאָט-הויפּטמאַן אין טשענסטאָכאָוו.

42. בריוו פון שטאָט-הויפּמאַן.

43. שריפטלעכער באַריכט פון וועגדלערן (שטאָט-הויפּטמאַן).

44. סטאַטיסטישער באַריכט פון דער עווידענץ-אָפּטיילונג באַ דער שטאָט-פאַרוואַלטונג פון 8-טן פעברואַר 1947.

45. בריוו פון דער פּאָליציי-דירעקציע צום שטאָט-הויפּמאַן פון 11-טן אויגוסט 1941 און ענטפער פון שטאָט-הויפּמאַן פון 18-טן אויגוסט 1941.

46. בריוו פון יודענראַט צו דער יידישער פּאָליציי.

47, 48, 49. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 182, 189 און 190.

50. " " " " " " III " 291.

51, 52, 53. " " " " " " II " 195, 203 און 206.

54, 55, 56, 57, 58. " " " " " " III " 317, 319 און 324.

59. בריוו פון באַזשיקאָווסקין צו קורלאנדן (מאַשין-שריפט) מיט אַן אייגנהענטיקער צושריפט פון אדוו. פּאהאריללע.

60. לויט אַ שריפטלעכן באַריכט פון אדוו. פּאהאריללע.

61. טאָג-ראַפּאָרטן פון דער יידישער פּאָליציי (פּאָליציי-בוך).

62. בריוו פון מייזנעראוויטשן (פּוילישער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי) צום יודענראַט.

63, 64, 65. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד I זייטל 42, 43.

66. „דינסט אָנווייזונגען פאַר דער יידישער אָרדנונגס-דינסט" פון שטאָט-הויפּטמאַן ד"ר וועגדלער.

67, 68, טאָג-ראַפּאָרטן אין פּאָליציי-בוך.

69. שריפטלעכע מעלדונג פון פּאָליציי-קאָמענדאַנט.

70. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 178,

71. אָפּשריפט פון רידיגערס פאַראָרדנונגען.

72. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 225.

73. אָפיציעלע בריוו פון דער דעוויזנשטעלע אין קראָקע צו דער שוץ־פּאָליציי אין טשענסטאָכאָוו.

74, 75, 76, 77. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד III זייטל 373, 391, 395 און 417.

78. בריוו פון פּליטים־קאָמיטעט פון 9־טן מאַי 1941 צום אַפּראָוויזאַציע־אַמט ביים יודענראַט.

79, 80. בריוו פון „טאָז" צום יודענראַט און צום אַפּראָוויזאַציע־קאָמיסאַר ביים מאַגיסטראַט.

81. פון אַרכיוו ביים ייד. היסט. אינסטיטוט אין וואַרשע.

82. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 154, 190.

83, 84. צוויי בריוו פון יודענראַט צום שטאָט־הויפּטמאַן.

85, 86, 87. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 141,137 און 142.

88. באַריכט פון דער עווידענץ־אָפּטיילונג ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג נר. 47/I/891A.

89, 90. סטאַטיסטישער בוך פון יודענראַט באַנד II זייטל 138.

91, 92, 93, 94 95. טאָג־ראַפּאָרטן אין פּאָליציי־בוך.

96. בריוו פון פּוילישן קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי צום יודענראַט.

97. בריוו פון דעגענהאַרטן צום שטאָט־הויפּמאַן פון 10־טן אַפּריל 1942 מיט אַ בייגעלייגטן אָפּשריפט פון דער דאָזיקער פאַראָרדנונג.

98. פּלאַקאַט מיט דער אונטערשריפט פון שטאָט־הויפּמאַן ד"ר פראַנקע אויפן סמך פון גענעראַל בעטכערס אַ פאַראָרדנונג פון 21־טן סעפּטעמבער 1942.

99, 100, 101. איבערגעגעבן דורך פּוילישע איינוווינער אויף קאַוויע־גאַס, וועלכע זענען געווען לעבעדיקע עדות פון דער דאָזיקער רציחה.

102, 103, 104, 105. טאָג־ראַפּאָרטן פון יידישן אַרבעטס־איינזאַץ אין קליינעם געטאָ.

106. אַ גענויע רשימה מיט דער אייגנהענטיקער אונטערשריפט פון דוד־נתן בערלינער, אַז ער האָט דאָס דערהאַלטן.

107, 108. טאָג־ראַפּאָרטן פון יידישן אַרבעטס־איינזאַץ אין קליינעם געטאָ.

109. צוויי בריוו פון שטאָט־הויפּטמאַן צום שעף פון ראַדאָמער דיסטריקט (קונדט) פון 9־טן און 26־טן יוני 1943.

110. די געשיכטע פון דער קאַמף־גרופּע „נאַדזשעטשנאַ 66" איז ס'רוב געשטיצט אויפן העפט זכרונות (ייד. היסט. אינסט.) פון שרה גוטגאָלד, איינע פון די געציילטע לעבנגעבליבענע פון דער דאָזיקער גרופּע. די רעשט איז געשטיצט אויף אייגענע נאָטיצן, אויף די זכרונות (מינדלעך איבערגעגעבן) פון אַבראַמעק טשאַרנע (אַקטיווער „זשאַבאָוויעץ"), ווי אויך אויף די שילדערונגען פון דער אַקטיוויסטקע „זשאַב"־מיטגלידערין שלעזינגער.

## רשימה פון אומגעקומענע יידישע דאָקטוירים אין טשענסטאָכאָוו בעת דער דייטשער אָקופּאַציע

א ו ג ע נ פ י ש ר י י ז ל פון פלאָצק, אומגעקומען צוזאַמען מיט אַ 13 יעריק קינד אין טרעבלינקע.

ב ר אָ נ י אַ ט אָ ו ו ס ק י א י י ז י ק פון סאָסנאָוויעץ, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און אַ 12 יעריק קינד אין טרעבלינקע.

ב ר א ם א ר נ אָ ל ד, ווו אומגעקומען נישט פעסטגעשטעלט.

ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד ד ו ד, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו מיט דער פרוי און 2 קינדער אין יאָר 1943 בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

ב ע ר נ ש ט י י ן נ י ס ן ע ו ז ר, ווו אומגעקומען נישט פעסטגעשטעלט.

ב אָ ל אָ ט נ ע ש מ ו א ל פון בענדין, אומגעקומען אין מיידאַנעק.

ב אַ ר ט ש י נ ס ק י י ו ל י ו ש, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ע פ ש ט י י ן ב ע ר נ אַ ר ד, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און 2 קינדער בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

פ א ל ק ח י י ם, אומגעקומען מיט דער פרוי און אַ 6 יעריק קינד אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ק ש ט י י ן ס ט ע פ אַ ן, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ג ל א ט ט ע ר ל י י ז ע ר, אומגעקומען אין בוכענוואַלד.

ג ו ט מ אַ ן ל ע אָ ן, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו אין קליינעם געטאָ, דעם 27-טן דעצעמבער 1942.

ג ר ו נ וו אַ ל ד ק ר ו ז א, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו, בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ה אָ ר אָ וו י ט ש א י ר ע נ אַ, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט אַ 3 יעריק קינד בעת דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ.

ה אַ ל ל ע מ אַ ן מ ש ה און ה אַ ל ל ע מ אַ ן מ ר י ם (מאַן און פרוי), אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט זייער 6 יעריק קינד בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

א י ג ע ל ה ע נ ר י ק, פון ראַווי רוסקי, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און צוויי דערוואַקסענע טעכטער אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ק ר אַ א ו ס ק אָ פ ה ע ר ש, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און צוויי קינדער אין טרעבלינקע.

ק א ג א ן ד ו ד, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און אַ 12 יעריק קינד בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

קייאַק משה פייטל, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און אַ 10-יעריק קינד אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער ייד .אינטעליגענץ.

לעווין מיעטשיסלאַוו, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

לעווין שמואל לייב, פון אַלעקסאנדרווו ביי לאָדזש, אומגעקומען אין מיידאַנעק.

ליפינסקי יודל, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ליפינסקי זיגמונד, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און קינד אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

פראפארט שלום, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און 8-יעריק קינד בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

ראָזען נפתלי, אומגעקומען בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און אַ 10-יעריק קינד.

שאפער-שיידלינגער רייזל, אומגעקומען צוזאַמען מיט 2 קינדער אין טרעבלינקע.

שיקער אַלפרעד, אומגעקומקן צוזאַמען מיט דער פרוי און אַן 11-יעריק קינד אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ

שייניק מרדכי, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צומזאַמען מיט דער פרוי בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

טראַונער הענריק פון בוטשאַטש, אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און אַן 8-יעריק קינד אין טרעבלינקע.

טענענבוים בערל און טענענבוים יאַכעט (מאַן און פרוי), אומגעקומען צוזאַמען מיטן 10 יעריקן קינד אין טרעבלינקע.

טאַרבעטשקא דוד, אומגעקומען אין לודמיר (וולאַדימער וואָלינסק).

וואַלבערג אַדאַם אייזיק, אומגעקומען אין קליינעם געטאָ אין יאָר 1943.

ווינער עליאַש, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און 2 קינדער בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אונטעליגענץ.

ווארמונד וואָלף, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און אַ 2-יעריק קינד בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

ווייסבערג רחל, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו אין לאַגער פון „האַסאַג".

זאנדשטיין הילארי, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט דער פרוי און 15-יעריקן זון בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

זאנד יעקב און זאנד רבקה (מאַן און פרוי) אומגעקומען אין וואַר-שע צוזאַמען מיט זייער 6 יעריק קינד,

ז א נ ד ב ע ר ג  י ח ז ק א ל, אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

ז יי ף  י ו ס ף  פון קאליש, אומגעקומען צוזאמען מיט זיין פרוי און 7 יעריק קינד אין טשענסטאָכאָוו בעת דער אַקציע אויף דער ייד. אינטעליגענץ.

ג יי ז ל ע ר  ה י פּ אָ ל י ט, ווו אומגעקומען נישט פעסטגעשטעלט.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ג אָ ל ד מ אַ ן  ל ע אָ ן | „ | „ | „ | „ |
| ל ע וו ק אָ וו י ט ש  ת נ ח ו ם | „ | „ | „ | „ |
| ס אָ ב אָ ל  וו ל אַ ד י ס ל אַ וו | „ | „ | „ | „ |
| ק אָ נ אַ ר ס ק י  אַ ד אַ ם | „ | „ | „ | „ |

## ד ע נ ט י ס ט ן:

ב ר אָ נ י אַ ט אָ וו ס ק י  אַ ר ט ו ר, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

ב ר אָ נ י אַ ט אָ וו ס ק אַ  ט י ס אַ, אומגעקומען אין טרעבלינקע, צוזאַמען מיט אַ 6 יעריק קינד.

ב ר אַ נ ד ע ס  א ס ת ר  פון כעלם, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט אַ 5 יעריק קינד.

ב ע ם  ג י ט ל, אומגעקומען אין טרעבלינקע

| | | | |
|---|---|---|---|
| ב ל יי וו יי ס  ל אָ ט ט א | „ | „ | „ |
| צ י מ ע ר מ אַ ן  ג י ט ל | „ | „ | „ |
| ע פּ ש ט יי ן  ב יי ל ע  ר ב ק ה | „ | „ | „ |

פ ר ע נ ק  ה ע ל ע נ אַ  פון קזשעפּיץ, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיטן מאַן און צוויי קינדער.

ג ר י ן  מ ר ד כ י, אומגעקומען אין טרעבלינקע מיט דער פרוי און 2 קינדער.

ק אָ ר נ ג אָ ל ד  ר ב ק ה  פון פּלאָצק, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט 2 קינדער.

ק אַ ר ט ו ז  ר ח ל, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט איר 8-יעריק קינד.

ל אַ מ פּ ע ל  י ה ו ד י ת  פון לאָדזש, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

ל ע וו ק אָ וו י ט ש  ל א ה, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט איר 12 יעריק קינד.

מ י נ ץ  אַ מ אַ ל י אַ, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ר אָ ז ע נ אָ וו י ט ש  מ י כ אַ ל | „ | „ | „ |
| ז אַ ל צ ב ע ר ג  ע א ו ג ע נ י אַ | „ | „ | „ |

# תקון טעות

| זייט | שורה | א י ז | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 17 | 5–4 | זעלבן ענין. | זעלבן ענין 17. |
| 21 | 16 | קאזשאספאדעק | קאָזשע, ספּאַדעק |
| 24 | 39 | ארגאניזירן | אַנגאַזשירן |
| 29 | 40 | קראנקער אברהם | קראַנקער משה |
| 30 | 32 | ארבעטער האָבן | אַרבעטער האָט מען |
| 35 | 21 | פרעזידענט | פּרעזידיום |
| 48 | 4 | דערמאטאלאגיע | דערמאַטאָלאָגישער קאַבינעט |
| " | 31 | כאריראטיווע | כאַריטאַטיווע |
| 56 | 17 | שפראך-קורסן | פּאַך-קורסן |
| 68 | 7 | 272 | 572 |
| 75 | 38 | 1924 | 1942 |
| 84 | 15 | שטאָל | שטאָט |
| 91 | 2 | שירות | שיכּרות |
| 152 | 19 | איטשע | איטטע |